פון דער יידישער ליטעראַטור.

# דער פרילינג פון די יונגע

## אין אַמעריקע, אייראָפּע און ישראל



מוסטערווערק
פון דער
יידישער ליטעראַטור

יוסף ליפשיץ-פאָנד

פֿון דער יִדישער ליטעראַטור

# דער פֿרילינג פֿון די יונגע

פֿראַגמענטן פֿון פֿאַרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
זכרונות, בילדער

אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי



76סטער באַנד פֿון ציקל
מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור
אַרויסגעגעבן פון
יוסף ליפּשיץ־פֿאָנד
פֿון דער
ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים ייוואָ
אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור
א. י. זאַקוסקי

טיראַזש 1.000 עקזעמפּלאַרן

יאָר ה׳תשל״ח — 1978
ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע

# תוכן

## בילדער און ביאָ־ביבליאָגראַפישע שטריכן

# פֿאַרבאַמערקונגען

◈ דער דאָזיקער באַנד, **דער פרילינג פון די יונגע**, איז אויסן צו ווײַזן, **אַז** יעדער גרויסער אויפשוווּנג אין דער ייִדישער **ליטעראַטור** איז אַ רעזולטאַט **פון** אַ גרויסן אויפשוווּנג אינעם ייִדישן **לעבן. אַ שטורמישע צײַט** ברענגט **שטורמישע שרײַבערס**. יעדע ליטעראַרישע באַוועגונג איז די פרוכט פון אומגעוויינטלעכער באַוועגלעכקייט און טראַנספאָרמאַציע אינעם ייִדישן לעבן.

◈ די שרײַבערס, וועלכע קומען דאָ צום אויסדרוק מיט זייערע פרילינג־שאַפונגען, דערשײַנען מערסטנס גראָד נישט מיט זייערע גרעסטע מעלות. געציילטע זײַנען גלײַך בײַ זייער אָנהייב געווען רײַף. ס׳רוב האָבן זיך געטרונקען אין אומקלאָרקייט. אָבער זייערע שוואַכקייטן פון פרילינג זײַנען אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר זייער שפּעטערדיקער רײַפקייט.

◈ אַ סך שרײַבערס, וועלכע זײַנען פאַרטראָטן אין דעם בוך, זײַנען שוין געווען פאַרטראָטן מיט אַנדערע שאַפונגען זייערע אין פריִערדיקע בענד **מוסטערווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור**, אָפּשפּיגלענדיק אַנדערע **פּראָצעסן פון ייִדישן געראַנגל און גורל**. דאָ, אין דעם בוך, זעט מען זיי אָבער **זוכנדיקע**. בלאָנדזשענדיקע. **עקספּערימענטירנדיקע.** ווי זיי וואָלטן זיך נישט געלאָזט פירן, פון אַנדערע פירן, נאָר געוואָלט **נעמען דעם אייגענעם גורל אין די הענט אַרײַן**. זיך באַפרײַען... גלײַך ווי זיי וואָלטן גאָר נישט געוווּסט, אַז **די צײַט פירט** זיי און **דיקטירט** זיי...

◈ **די** זשורנאַלן און זאַמלביכער, וואָס די גוטקענטיקע ליטעראַרישע גרופּירונגען האָבן אַרויסגעגעבן, זײַנען געווען קורצדויערנדיקע. אַלע האָבן זיי געהאַט אַ קורץ לעבן. זיי קענען זיך, אין פּרט פון דויער, נישט פאַרגלײַכן מיט זשורנאַלן און זאַמלשריפטן, וואָס פּאַרטייען האָבן אַרויסגעגעבן „פאַר ליטעראַטור און קולטור״. אָבער די קורצלעביקע אומאָפּהענגיקע אויסגאַבעס האָבן געהאַט אַ פונדאַמענטאַלע השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פון שרײַבערס, בעת די מערסטע לאַנגלעביקע פּאַרטיי־אויסגאַבעס פאַר ליטעראַטור האָבן נישט באַווירקט דעם **וואָרטקינסטלער**, זײַן **איך** נישט באַרײַכערט, נאָר אָפּט — פאַרקערט.

◈ די ליטעראַרישע באַוועגונגען פון **די יונגע** זײַנען אויפגעקומען מיטן כּוח פון דערוואַכטן **באַוווּסטזײַן** און קאַמפּגרייטקייט. אין דער אַטמאָספער פון רעבעלישקייט האָבן די שטאַרקערע, די פון גרעסערן טעמפּעראַמענט און אַמביציע, מיטגעריסן די שוואַכערע. אַפילו די **קנאַפּמוטיקע** האָבן **מוט געקראָגן**. קעמפעדישקייט איז אַרײַן אין דער מאָדע. די דאָזיקע **קעמפערישקייט** איז בײַ די, וואָס האָבן זיך אָנגעהערט צו **די יונגע**, פאַרבליבן אַ **טראַדיציע** אַפילו נאָכן פרילינג...

ש. ר.

# „די יונגע" אין דער יִדישער ליטעראַטור: אַן אַרויסרוף פון גרויסע ענדערונגען

## קינסטלערישע אַמביציעס דורך סאָציאַלע אימפּולסן

ווען די יונגע אין דער יִדישער ליטעראַטור האָבן זיך באַוויזן ווי באַהעמישע רעוואָלוציאָנערן קעגן די אײַנגעשטעלטע נוסחאות, האָט מען ס'רובֿ געמיינט, אַז דאָס זײַנען געווען קינסטלער־קאַפּריזן. די וואָס האָבן זיי באַטראַכט פֿאַר „שקצים" און „חוצפּהניקעס" זײַנען געווען פּונקט אַזוי אומגערעכט ווי די יונגע, וועלכע האָבן חוזק געמאַכט פֿון עלטערן דור און זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ נאַפּאָלעאָנישער פּאָזע ווי „אָלרײַטניקעס"... אַן היסטאָרישער דיסטאַנץ האָט מען נישט געזען די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אימפּולסן, וועלכע האָבן אַרויסגערופֿן די אָפּענסיווע פֿון נײַער שעפֿערישקייט... אַז „די נײַע ווענדונג אין דער יִדישער פּאָעזיע איז די ווענדונג צום לעבן, צום אַלטעגלעכן לעבן פֿון יחיד מיט זײַנע לײַדן און פֿריידן און אַלע זײַנע עמפּינדונגען" [1]. דער באַנײַערישער דיכטער האָט איראָניש געפֿרעגט: „וואָס ווילן זיי פֿון מיר? קלאָרקייט, איבערלעבונגען, נאַטירלעכקייט, באַשיידנקייט און נאָך אַ פּאָר צענדלינג קלייניקייטן. דאָס קען איך זיי ניט צו ליב טאָן: איך זאָל ווערן קלאָר, נאַטירלעך, באַשיידן, ווײַל איך דאָך אַליין נישט האָבן קיין הנאה פֿון זיך. זיך האָב איך אין זין פֿריִער פֿאַר אַלעמען. אַ פּערווערז־עגאָיִסטישע נאַטור!" [2]. ווי ס'איז צו זען, זײַנען אָט די צוויי יונגע דיכטערס פֿון

---

[1] ראובן אײַזלאַנד — „די נײַע ווענדונג אין דער פּאָעזיע", פון מענש צו מענש, זאַמלבוך, ז' 32, ניו־יאָרק 1916.

[2] זישאָ לאַנדוי — „קאָמענטאַרן און שמועסן", ליטעראַטור און לעבן נ' 3, ז' 4, נ"י 1915.

דער זעלביקער ניו־יאָרקער סביבה ניט שווה בשווה צווישן זיך. נאָר „וואָס האָט זיי פֿאַראייניקט? דער פּראָטעסט קעגן דער הפֿקרות פֿונעם ייִדישן וואָרט... ווײַל די פֿירערס פֿון דער ייִדישער גאַס האָבן בלויז געקוקט אויף ייִדיש ווי אויף אַ מיטל, וואָס מען וועט הײַנט־מאָרגן דאַרפֿן פֿון אים פּטור ווערן"[3]. דאָס איז געווען אין נאָרד־אַמעריקע ערבֿ דער 1טער וועלט־מלחמה. דער פּראָלעטאַרישער פּעריאָד פֿון עדלשטאַט־ווינטשעווסקי־ראָזנפֿעלד האָט שוין זײַנס אָפּגעטאָן. די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לאַגע פֿון דער אַרבעטנדיקער מאַסע האָט זיך פֿאַרבעסערט. איז „די נײַע ווענדונג אין דער ייִדישער פּאָעזיע די ווענדונג צום לעבן, צום אַלטעגלעכן לעבן" — —

שוין די ערשטע ליטעראַרישע גרופּע פֿון די יונגע ווײַזט בולט, אַז הינטער די קינסטלערישע אַמביציעס אין נאָרד־אַמעריקע איז געווען אַ סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַזע, פֿון ערבֿ און מיטן 1טן וועלטקריג.

פֿינף זײַנען זיי, די פּרינציפּאַלע און פּרינציפּיעלע גרופּירונגען פֿון יונגע אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין ניו־יאָרק: פֿון 1907 און 1920; אין פּוילן: פֿון 1921 און 1929; אין ישׂראל: פֿון 1947. זיי זײַנען בשום אופֿן נישט קיין יחידישער קאַפּריז פֿון פּענהאַלטערס מיט עלנבויגנס. זיי זײַנען דורכויס אויסדריקערס פֿון גרויסע ענדערונגען אינעם ייִדישן לעבן.

פֿון די פֿינף גרופּירונגען איז די שאַרפֿסטע און ראַדיקאַלסטע די פֿון די יונגע אין פּוילן. אויפֿגעקומען נאָך דער 1טער וועלט־מלחמה, איז זי אָריענטירט געוואָרן דורך צוגעקומענע פֿון פֿאַרשיידענע קריגספּונקטן אין אייראָפּע. דער קריגסווילקיר, די רוסישע רעוואָלוציע, די אוקראַינער פּאָגראָמען און דער כאַאָס אונטער און נאָך דער אָקופּאַציע האָבן צערודערט דעם יונגן דור, אויסגעשטעלט און צוגעווינט צו סורפּריזן און אומפֿאַרשטענדלעכקייטן... אָט די

---

[3] יוסף אָפּאַטאָשו — „מאַני לייב", די גאָלדענע קייט נ' 18, ז' 64, תל־אָביב 1954.

צוגעקומענע יונגע האָבן אָפּגעשוימט די צערודערונג און היסטעריע פון דער הפקר־צײַט און אויסשרײַענדיק דעם צער און ווײ פון אַן אַ שיעור פאַרעמלאָזע פאָרמען געזוכט — ווי און וווּ צו געפינען אַ רפואה פאַרן צעוווּנדיקטן מענטשן. „זייער באַרוועסער געדאַנקען־גאַנג און צעכראַסטעטע לאָגיק — פאַלעמיזירט אָבער מיט זיי דער שרײַבער, וואָס פאַרשטייט זיי נישט — שטאַמט פון אַ פירפאַכיקן טעות: ערשטנס, פאַרבײַטן זיי רעוואָלוציע מיט אַנאַרכיע; צווייטנס, וואַרפן זיי פאָרשריט און קונסט אין איין טאָפּ אַרײַן, און ריידן וועגן סאָציאַלע רעוואָלוציעס און קונסט־נײַערונגען בנשימה אַחת; דריטנס, מאַכן זיי נישט קיין חילוק צווישן קינסטלערישע עקספּערימענטן און קונסטווערק; פערטנס, מיינען זיי, אַז זייערע עקספּערימענטן זײַנען נײַ"[4].

די פינפטע פון די ליטעראַרישע גרופּירונגען, פון ישׂראל, איז געקומען כמעט ווי אַן קאַמף. אָבער פאַר אַלע אַנדערע איז בשום אופן נישט אַזוי קלאָר געווען דער וועג, סײַ פון קומען, סײַ פון שטרעבן צו דערגיין, ווי דאָס איז קלאָר (געווען) פאַר יונג־ישׂראל. זיי זײַנען געקומען פון נאַצישע לאַגערן און סאָוועטישע קיביטקעס און די וואָס האָבן זיך פאַרשותפט מיט דער שארית־הפליטה — האָבן זיך אויך פאַרשותפט סײַ אין חלום און סײַ אין וואָר. אַזוי אַרום איז יעדער שורה זייערע פאַרבונדן מיט דעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן דרך פון פּליט־חלוץ.

די קינסטלערישע זוכענישן פון די יונגע זײַנען, בכן, אויסגעוואַרעמט אין די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע תנאים און טרײַבקראַפטן פון ייִדישן כלל־לעבן. זייערע אויסווירקונגען, ווי גרויס זיי זאָלן זײַן פאַר דער ליטעראַטור, זײַנען דעריבער נישט פון קלענערער וויכטיקייט פאַר דעם ייִדישן לעבן אין אַלגעמיין.

---

[4] ש. י. אימבער — ליטעראַרישע שריפטן ג' 1, ד' 5, לעמבערג 1923.

## פּאָעזיע — די מעטעאָראָלאָגישע סטאַנציע פון לעבן

עס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש, וואָס יעדער רעוואָלט פון יונגע אין דער יידישער ליטעראַטור (און נישט בלויז אין דער יידישער) איז אַרויסגעקומען פון פּאָעטן, זיי זיינען דערשינען ווי די טעאָרעטיקערס פון די נייסן, זיי האָבן אונטערגעשריבן די מאַניפעסטן און געפירט די פּאָלעמיק מיט די קעגנערס און זייערע שאַפונגען — לידער — זיינען געוואָרן די ביישפּילן, די אַרגומענטן, די מאָדעלן פון דער נייער וואָרטקונסט. און טאָמער איז איין פּראָזע־שרייבער געווען אַ יוצא מן הכלל, ווי דאָס איז געווען דוד איגנאַטאָוו, האָט ער זיך תחילת אויך געניגט צו פּאָעזיע און אַפילו צום סוף אויך אין זיין פּראָזע אַריינגעפירט די מאַנירלעכקייט פון פּאָעזיע...

דאָס איז נישט קיין צופאַל, נאָר כאַראַקטעריסטיש. דאָס ליד, די שאַפונג פון מאָמענטן, דער אויפטו פון דער איבערלעבונג אויף דער הייסער מינוט, איז פּריווילעגירט מער ווי אַלע אַנדערע וואָרט־פאָרמען צו איבערגעבן און ווירקן ווי דער בליצאָפּלייטער... און די פאָרמען פון ליד, טאַקע דערפאַר ווייל דאָס קורצווייליקע און ענג־שפּאָרזאַמע אָרט פאָדערט דעם מאַקסימום פון קאָנצענטרירטקייט, לאָזן פריי און אָפן דעם וועג פאַר כלערליי אומפאָרויסגעזעענע המ־צאות און סוגעסטיעס.

עס איז אָבער אויך נישט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש, וואָס אַפילו די געוואַגטסטע אַוואַנגאַרד־פּאָעטן פון די יונגע האָבן נאָכן אַראָפּשרייבן זיך פון האַרצן דורך לידער און פּאָעמעס זיך איבער־געפלאַנצט אין פּראָזע מיט פּרוכטיקע רעזולטאַטן, ווי חיים גראַדע, יעקב גלאַטשטיין, פּרץ מאַרקיש, אמת, אָן גרעסערע עקספּערימענטן אין דער פאָרעם ווי זיי האָבן דאָס געמאַכט אין דער פּאָעזיע. אין דער פּראָזע האָט די איבערוואָג דער אינהאַלט, די אידייען; אין דער פּאָעזיע פאַרנעמט דעם אויבנאָן די פאָרעם.

דער פּאָעט, ווען עס גייט דער עיקר אין באַנייונג, זאָגט דעריבער: „מיר פעלט יונגשאַפט אין דער יידישער פּאָעזיע. מיר

פֿעלט דאָס עקספּערימענטירן, וואָס איז גלײַכצײַטיק דער סימן אי פֿון יונגשאַפֿט, אי פֿון אויפֿטועריש[ער], שאַפֿערישער דיכטונג“. און עס געפֿעלט אים נישט, וואָס „עס איז בײַ די סאָוועטישע ייִדישע פּאָעטן אַלץ קלוימערשט אינהאַלט, פּראָלעטאַרישער סטיל, פּראָלעטאַרישער קורס“, ווײַל פֿאַר אים איז וויכטיקער „צו באַשאַפֿן נײַערע פֿאָרמען“, וואָס קען קומען בלויז דורך „עקספּערימענטירן, נאָר עקספּערימענטירן אין דער פּאָעזיע“[5].

גרויסע טראַנספֿאָרמאַציעס, וואָס צעטרייסלען פֿעלקער און לענדער, געפֿינען אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור זייער ערשטע אָפּשפּיגלונג און די ערשטע אָנזאָגן פֿאַרן מאָרגן — דורך פּאָעזיע. ערשט שפּעטער, אין היסטאָרישער דיסטאַנץ, קומט די פּראָזע. ווען ס׳קלאָרט זיך אויס די פּאַנאָראַמע און אירע פּראָבלעמען, זוכט דער פּראָזאַיִקער אויסדרוק פֿאַר אירע געשטאַלטן, העלדן און קרבנות, דעם זין פֿון זייער זײַן און געראַנגל.

## דער איבערגאַנג פֿון דור צו דור — אַ געבענטשטער סימן

די יונגע, אַרײַנגעקומענע אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיט שטורעם־און־דראַנג אינעם 20סטן יאָרהונדערט, זײַנען גראָד דער בעסטער באַווײַז, אַז ערשט אינעם 20סטן יאָרהונדערט האָט די ייִדישע ליטעראַטור דערוואָרבן איר פֿולע רײַפֿקייט פֿון אַ וועלט־ליטעראַטור.

דאָס, וואָס די יונגע האָבן דאָ און דאָרט געשאַצט גרינג אויפֿטוען פֿון דער פֿריִערדיקער ליטעראַטור, מינערט נישט זייער ראָלע. פֿאַרקערט. דווקא די אַטאַקעס פֿון אויפֿריכטיקייט, וועלכע האָבן געקלונגען פֿאַר דעם אָדער יענעם ברוטאַל און ייִנגליש, האָבן געלאָזט הערן אמתע רייד, וואָס די סטאַטעטשנע שרײַבערס האָבן זיך

[5] אַ. לעיעלעס — „אימפּרעסיעס און עקספּרעסיעס“, אין זיך, ב׳ 3, נ׳ 8, נ״י 1928.

קיין מאָל נישט דערלויבט צו זאָגן... אַפּילו ווען זיי האָבן געטראַכט דאָס זעלביקע ווי די „הפקר־יונגען"...

חילוקי־דעות צווישן יונג און אַלט דאַרפֿן באַטראַכט ווערן ווי נאָרמאַלע דערשײַנונגען. נאָך מער: געראַנגל צווישן דורות איז נאַטירלעכער ווי אידיליע. אַז קינדער זאָלן ווידערשפּעניקן קעגן עלטערן איז אפשר גלײַכער ווי די אומקאָנדיציאָנעלע געהאָרכזאַמקייט. טאַטע־מאַמע דאַרפֿן זיך גאָר נישט פֿרייען, אויב די קינדער זייערע וואַרפֿן זיך זיי בלינד אונטער ווי פֿאַנאַטישע פֿרומע דעם רבונו של עולם. ס'אַ שלעכטער סימן, אַז בײַ קינדער איז גאָר נישטאָ קיין אייגנס און די צײַט לערנט זיי גאָר נישט.

די מעשׂהלעך וועגן דער אידיליע צווישן „זיידן" מענדעלע מוכר־ספרים און זײַן „אייניקל" אָדער „אייניקלעך" פֿאַרהוילן די חילוקי־דעות, וועלכע האָבן לאָגישערווײַז באַדאַרפֿט זײַן צווישן זיי. נישט אַלע מאָל איז פֿאַרשווײַגן אַ מעלה. אין דעם זין איז די „חוצפּה" פֿון אָט די שקצים געווען נישט קיין קײַלעכדיקע רעה. זיי האָבן, אַזוי אַרום, אויסגעזאָגט פֿון חדר וועגן אַנדערע און אויך וועגן זיך, וואָס ס'איז כדאַי געווען צו וויסן. איינער פֿון זיי גיט אַ זאָג אָפֿן־האַרציק: „איך בין דער דיכטער פֿון דעם עם־הארץ"[6], כאָטש דער עם־הארץ קען אים זיכער נישט פֿאַרשטיין... ער איז טיף פֿאַרליבט אין י. ל. פּרצן, אָבער ווען ער זאָגט־אַרײַן יענע חובֿבֿי־ייִדיש, וועלכע קוקן פֿאָרט אויף ייִדיש ווי אויף אַ שפּחה, רופֿט ער אויס, אַז אַן אויסנעם איז „איין פּרץ נאָר — און אויך ער ביז צום טויער פֿון יעראָזאָלימסקע 89" (ווו ער האָט געוווינט אין זײַן לעצטער דירה, אין דער גוייִשער געגנט)... און אַז ער רעדט שוין, רעדט ער זיך אַראָפּ פֿון האַרצן: „מענדעלע, דער שעפֿער פֿון קינסטלערישן ייִדיש, איז געווען אַ העברעיִסט ביז אין די הויכע שטאַרקע ביינער זײַנע; אַ פֿרומאַק, אַן אַפּאָסטאָל פֿון רעפֿאָרמירטע ישיבֿות; און נאָר דער

---

[6] מלך ראַוויטש — „ייִדיש!" (1919), די לידער פון מײַנע לידער, ז' 114, מאָנטרעאָל 1954.

עלעמענטאַרער טאַלענט זײַנער האָט אים איבער געוואַלט אַרויסגע־ריסן די ווערק פֿון די הענט‟[7]...

די יונגע האָבן אויפֿגעריסן די פֿעסטונג פֿון שווײַגן, וואָס איז שפּעטער פֿון אַנדערע צוריק אויפֿגעבויט געוואָרן און ווו עס גילט די גוט־באַקאַנטע לערע: „שמור לי ואשמור לך‟ — — — וואָס איז אַ לערע פֿון צביעות, איינע פֿון די גרעסטע צרות פֿאַר ייִדיש לשון און פֿאַר דער ייִדישער קולטור אין אַלגעמיין.

לכן, ווי גערעכט עס זאָל זײַן אַפֿילו דער קאַלטבלוטיקער פֿאָר־שער, וועלכער האָט פֿאַר אַ ייִנגלישן אַרויסטריט קעגן פּרצן אויס־גערופֿן, אַז „דער בחור וואָלט פֿאַרדינט די שאַרפֿסטע שמיץ‟[8], און ווי היסטעריש עס זאָל קלינגען דער וואָקאַבולאַר פֿון דעם קאָנטראַ־ווערסאַלן ריטער פֿון די יונגע, וועלכער זידלט־אָפּ די קעגנערס מיט דער גרויסהאַלטערישער פֿראַגע, צי „לוינט זיך אומקוקן אויף דער קרעציקער חבֿרה? אַרומשלאָגן זיך מיט זיי — פּאָלעמיזירן?‟[9], איז דער ויתרוצצו נאָך אַלעמען אַ סך, אַ סך וויכטיקער ווי פֿאַר דעם אַלעמען...

אייגנטלעך איז שוין מיט העכער אַ פֿערטל יאָרהונדערט פֿריִער געווען אַזאַ ויתרוצצו צווישן יונג און אַלט אין דער ייִדישער ליטע־ראַטור, ווען פּרץ האָט אין 1888 דעבוטירט מיט זײַן פּאָעמע־באַלאַדע „מאָניש‟ ווי אַ „זשאַרגאָנישער‟ שרײַבער, אין שלום עליכמס „יודישע פֿאָלקס־ביבליאָטהעק‟. דער 36יאָריקער פּרץ איז געווען דער רעוואָ־לוציאָנערער דיכטער, וועלכער האָט אויסגעפּרובירט כּלערליי נײַע פֿאָרמען און בילדער, אויף איבערצוגעבן די איבערקערענישן אין

---

[7] מלך ראַוויטש — „באַמערקונגען צום קולטור־קאָנגרעס‟, די וואָג נ׳ 1, ז׳ 3, וואַרשע 1922.

[8] בער באָראָכאָוו — שפּראַכפֿאָרשונג און ליטעראַטור־פֿאָרשונג ז׳ 114, תל־אָביב 1966.

[9] ד׳אַברוצי — „ווידער אַ מאָל די יונגע‟, ליטעראַטור און לעבן ב׳ 3, ז׳ 27, נ״י 1915.

יענער צײַט און אידייען פֿאַר רענעסאַנס, און דער 29יאָריקער שלום עליכם האָט אים צענזורירט, ווי אַן אַלטער, צו קומען פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט אַזוי ווי ער, פּרץ, האָט אַליין געשריבן... וואָלט עס נישט געווען פּרץ, וואָס האָט שוין געהאַט אַן אויסגעפֿורעמטע פּער־זענלעכקייט, וואָלט ער אפֿשר מיט דעם דעבוט פֿאַרענדיקט זײַן שרײַבן... איז דאָס אָבער געווען פּרץ — איז ער נישט נתפּעל גע־וואָרן אַפֿילו פֿאַר די מיאוסע חוזקערײַען פֿון אַ דוד פֿרישמאַן, זיכער נישט וויניקער מיאוסע ווי פֿון און קעגן די יונגע אין אַמעריקע, און פּרץ איז אויסגעוואַקסן פּרץ — די גרעסטע אויטאָריטעט אין דער יידישער ליטעראַטור.

די גרויסע אַמעריקע האָט קיין מאָל אַזאַ אויטאָריטעט נישט פֿאַרמאָגט, פּונקט ווי מזרח־אייראָפּע האָט נישט געהאַט קיין באַ־הערשנדיקע אויטאָריטעט ווי פּרץ. די יונגע האָבן געזאָלט קאָלעק־טיוו ווערן אַזאַ אויטאָריטעט.

פּרץ, וועלכער האָט נישט אָפּגעענטפֿערט אין גאַנצן אויף די חוזק־רייד, וואָס זײַנען אויף אים געוואָרפֿן געוואָרן און פֿון וועלכע עס האָט אַרויסגעשריִען די נישטיקע קנאה, באַשר ער איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ רבי, האָט דעם שענסטן ענטפֿער געגעבן אין 1894, ווען ער, אַ באַרימטער שרײַבער שוין צו די 42 יאָר, איז צוגעטראָטן צו אַרויסגעבן און רעדאַקטירן „יום־טובֿ־בלעטער" צוזאַמען מיט דעם 22יאָריקן פּינסקי, וועלכער האָט ביז דעמאָלט נאָך אַפֿילו נישט גע־האַט קיין איין געדרוקטע שורה... נאָך מער: פּרץ, נישט קיין פּאַרטיי־מאַן, שרעקט זיך נישט, וואָס פּינסקי איז יאָ אַ פּאַרטיימענטש, און דער 42יאָריקער לערנט זיך צו קוקן מיט שאַרפֿער סאָציאַלער קרי־טיק פֿון דעם 22יאָריקן, וועלכער איז געקומען פֿון ווין, באַווירקט פֿון די נײַע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייען!

אַז שלום עליכם גיט־אַרויס זײַנע זאַמלביכער יודישע פֿאָלקס־ביבליאָטהעק, זוכט ער רק די עלטערע שרײַבערס פֿאַר מיטאַרבע־טערס, רעדט־צו העברעיִשע מחברים, וועלכע זײַנען באַרימט, זיי זאָלן שרײַבן יידיש, און אויב ער דרוקט פּרצן, לאָזט ער אים נישט

עקספּערימענטירן, ווי ער וויל, און מאַכט אים איבער... אַז פּרץ רעדאַקטירט זײַן יודישע ביבליאָטעק אין 1890, זעט ער צו פֿאַר־יינגערן אַפֿילו זײַן מיטרעדאַקטאָר יעקבֿ דינעזאָן, ער זאָל נישט אָנהאַלטן זײַנע פֿריִערדיקע פֿאַרעלטערטע מאַנירן אין שרײַבן צו פֿיל באַריידעוודיק...

י. ל. פּרץ איז דער ערשטער ייִדישער שרײַבער, וועלכער האָט זיך פֿאַרקוקט אויף דער תּמציתדיקייט, וואָרט־שפּאָרזאַמקייט, בליצ־אַרטיקייט פֿון תּנך און געזוכט צו פֿאַרשותּפֿן די דאָזיקע מעלות מיט פּאַטאָס, וואָס איז אים אייגן געווען. און אויף די דאָזיקע וועגן זײַנען שפּעטער אַוועק פֿאַרשיידענע שרײַבערס פֿון די פֿאַרשיידענע יונגע אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין דעם זין איז י. ל. פּרץ געווען דער ערשטער אָנרעגער פֿאַר אַלע מינים יונגע אין דער ייִדישער וואָרטקונסט. דער אָנרעגער צו באַנײַונג דורך עקספּערי־מענטן. זיך נישט אָפּשרעקן פֿאַר גרינגשאַצונג און חוזק־רייד.

באַנײַונג, ווי יעדע דערגרייכונג, מוז מען זוכן און אויסקעמפֿן.

און אַלע ליטעראַרישע גרופּירונגען, אונטערן צייכן פֿון יונגע, האָבן זייער פֿאַרדינסט שוין מיט דעם אַליין, וואָס זיי האָבן געקעמפֿט פֿאַר און קעגן, ס'רובֿ צעטרייסלט דעם שטילשטאַנד און די אַפּאַטיע אויפֿן פֿעלד פֿון קולטור־אַרבעט און פֿון דער שענערער ליטעראַ־טור בפּרט. און אויב די און יענע האָבן תּחילת געמיינט, אַז דער אויפֿברויז קומט בלויז פֿון יחידישע קאַפּריזן, האָט די צײַט אויפֿ־געדעקט די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אימפּולסן, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופֿן.

## די ראָמאַנטיק פֿון „די יונגע" — צו אַ נײַעם עטאַפּ

עס איז ביז גאָר סימפּטאָמאַטיש, וואָס אין דער זעלביקער צײַט, ווען פּרץ הייבט־אָן עקספּערימענטירן מיט זײַן דראַמע די גאָלדענע קייט נאָכן פֿאַרוואַנדלען זײַן ערשטע ווערסיע חורבן בית צדיק, געדרוקט אין אָדעסער השלח 1903, אין דער צווייטער ווערסיע, דער

נסיון, אויפֿגעפֿירט אין וואַרשעווער טעאַטער אין 1908, דערפֿירנדיק זי, אונטער ר' נחמן בראַצלעווערס השפּעה, צום ראָמאַנטיציזם, אין דער זעלביקער צײַט הייבט זיך אָן אין ניו־יאָרק די באַוועגונג פֿון די יונגע. אין תּוך גענומען איז זי אָריענטירט אויפֿן ראָמאַנטיציזם. פּונקט ווי די 1טע ייִדישע שפּראַך־קאָנפֿערענץ אין 1908 אין טשערנאָוויץ איז אַוועקגעקערעוועט געוואָרן דורך י. ל. פּרצן צום ראָמאַנטיציזם, ס'איז דער חלום־פּלי צו דער צוקונפֿט דורך דער פֿאַרגאַנגענהייט...

דער דאָזיקער חלום־פּלי איז געווען אַ חלום־פּלי פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור, ווי פֿאַרן ייִדישן לעבן בכלל. דאָס ייִדישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע איז נאָכן קישענעווער פּאָגראָם פֿון 1903 און רעוואָלוציאָנערן קראַך פֿון 1905 געווען צעטרייסלט ביז די טיפֿסטע טיפֿענישן, אונטערגעשטראָכן דורך דער מאַסן־פּליטה פֿון דער אונטערערד, חוץ דער אויפֿגעדראָלענער לעגאַלער עמיגראַציע, צווישן וועלכער עס זײַנען אויך געווען נישט ווייניק שרײַבערס. אין דער גרויסער אַמעריקע ווידער איז געקומען אַ כאַאָס דורך דער האַסטיקער סאָציאַלער, פּאָליטישער און אידעאָלאָגישער טראַנספֿאָרמאַציע. דוד עדלשטאַטס „שבועה” און אַפֿילו מאָריס ראָזענפֿעלדס „איך בין אַ מאַשין” האָבן שוין אויפֿגעהערט שרעקן, פּונקט ווי עסיקסטריט און איסט־סײַד האָבן אויפֿגעהערט צו זײַן אַ יחוס... דער „סאָשעליסט”, וואָס האָט געמיינט, אַז ער איז שוין אויס „גרינהאָרן”, האָט שנעל פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן אי די „שבֿועה”, אי מאַמע־לשון, קאָמפּענסירט דורך דער „יוניע”, דורך ווייניקער שעהען אַרבעט, בעסער געצאָלט, מיט מער מעגלעכקייטן צו געניסן פֿון לעבן און דער עיקר צו חלומען פֿאַר זיך...

אָט אַ דאָס רעכט צו חלומען פֿאַר זיך, אין זינען האָבן נישט בלויז די אַרבעט און דעם קאַמף פֿאַרן שטיקל ברויט, נאָר אויך, ווי אָרעם מען איז, פֿילן און זאָרגן אויך פֿאַר אַנדערע, האָט אַרויסגערופֿן די יונגע צום לעבן און שאַפֿן. אַנשטאָט דער באָמבאַסטישער באַריקאַדע־שפּראַך — ריידן אויך כּאיש לרעהו, אינטים, אָן היס־

טעריע. אויך — נישט בלויז... און נישט בלויז וועגן היינט, און נישט בלויז וועגן מאָרגן. און נישט וועגן דאָ! דער נעכטן און דער דאָרטן איז אויך וויכטיק פֿאַר אונדזער מאָרגן און פֿאַר אונדזער דאָ. און כּדי דאָס אַלץ אַרויסצוברענגען, דאַרף מען זיך באַפֿרײַען פֿון פּאָזע, פֿון דעמאָנסטרירן, פֿון פּאַטעטישער דעקלאַמאַציע, נאָר פּשוט ריידן ווי פֿון מענטש צו מענטש — נאַטירלעך, וואָס פּשוטער, וואָס אינטימער...

די יונגע, ווי אימפּרעסיאָניסטן און ראָמאַנטיקערס, ענדערן פֿונדאַמענטאַל די פּאַנאָראַמע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. ווי זיי זײַנען צווישן זיך ניט שווה בשווה, הייבן זיי דעם אָנזען צום ייִדישן שרײַבער און זײַן שאַפֿן. כאָטש די צײַטונגען חוזקן פֿון זיי, אינטערעסירט מען זיך מיט זיי מער ווי מיט די שרײַבערס פֿון די גרויסע צײַטונגען. זייער העזה קעגנצושטעלן זיך די העגעמאָניע פֿון פֿאַרטייען, ווי זײַן מאַיעסטעט דעם לייענער, נישט אין דער פּאָלעמיק בלויז, נאָר אויך אין שאַפֿן, האָט געשטאַרקט זייער די פּאָזיציע פֿון ייִדיש, פּונקט ווי זיי האָבן אים געאײדלט און ראַפֿינירט. בילדנדיק אַ „פֿרײַע רעפּובליק“, רעבעלירנדיק זיך קעגן דוד איגנאַטאָוון, זייער פֿאָנענטרעגער, ווי קעגן פֿירערשאַפֿט בכלל, ווי באָהעמען, האָבן זיי בײַ זייער גאַנצער פֿאַרשיידנאַרטיקייט אויסגעברייטערט און פֿאַרטיפֿט אַ בשותּפֿותדיקן דרך. מיטן פֿאַרפֿאָלקסטימלעכן ייִדיש און פֿאַרטרײַבנדיק דעם נײַעם זשאַרגאָן, זוכנדיק קלאָרקייט, אַרײַנברענגענדיק דאָס פּערזענלעכע לעבן — די אייגענע ד׳ אמות מער ווי דעם רשות הרבים.

בעת איגנאַטאָוו שילדערט דעם בונטאַר קעגן דער פּוסטער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט, מאָלט מאַני לייב שטיללעבן, בעת זישאָ לאַנדוי שעמט זיך ניט צו זינגען „איך וויל גאָר נישט“, צאַפּלען זיך אָפּאַטאָשוס טיפּן אין די נעצן פֿון די גאַסן־לײַדנשאַפֿטן. בעת משה־לייב האַלפּערן זינגט וועגן מענטשן וואָס בײַטן הייליקייטן פֿאַר ברויט, זוכן ראַבאָיס ייִדן נײַע ערד. בעת י. י. שוואַרץ וויל אומקערן דעם ייִדן אין אַמעריקע זײַן צלם אלהים, אַנטלויפֿט האַלפּער־לייוויק פֿון סיביר

און סיביר לויפֿט אים נאָך... אַזוי אַרום האָבן די יונגע צוגעגרייט אין אַמעריקע דעם באָדן, אַז די ליטעראַטור זאָל זיך באַפֿרײַען פֿון באַגרענעצטן אַמעריקאַניזם, פּונקט ווי פֿון עמיגראַנטן־שטויב און אַרײַנגיין אין אַלע שטחים פֿון ייִדישן לעבן, אַזוי פֿון הײַנט ווי פֿון אַמאָל.

די יונגע האָבן דעם גרעסטן חלק אין אוניווערסאַליזירן די ייִדישע ליטעראַטור, אינספּירירנדיק דיכטערס, דערציילערס און דראַמאַטיקערס צו אַנטפּלעקן און דערנענטערן זיך צו די סודות פֿון ייִדישן לעבן און געראַנגל אין די פֿאַרגאַנגענע צײַטן, ביזן סאַמע קאַיאָר, העט ביז צו מיטאָס.

קינסטלעריש אייגנאַרטיק און רײַך נישט בלויז אין זכות פֿון דער באַוועגונג, נײַערט יעדער איינער פֿאַר זיך אַליין, האָבן זיי גלײַך אין זייער פֿרילינג אויפֿגעשײַנט מיט אייגענעם ליכט, מיט וועלכן יעדער איינער פֿון זיי פֿאַרנעמט אַן אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. צו די צען, וואָס נח שטיינבערג דער ערשטער אָריגינעל פֿאָרטרעטירט אין זײַן בוך „יונג־אַמעריקאַ" — דוד איגנאַטאָוו, ראובן אײַזלאַנד, יוסף אָפּאַטאָשו, א. מ. דילאָן, משה־לייב האַלפּערן, זישאָ לאַנדוי, ה. לייוויק, מאַני לייב, משה נאַדיר, אַ. ראַבאָי — דאַרף מען צורעכענען י. י. שוואַרץ, יוסף ראָלניק (בלי שום ספֿק אַ פֿאָרגייער פֿון די יונגע) און אפֿשר נאָך אַנדערע... אַ רײ אַנדערע.

## „די כאַליאַסטרע" און דער ליטעראַרישער רענעסאַנס אין פּוילן

ווען עס זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אין פּוילן פּרץ מאַרקיש, אורי־צבי גרינבערג, משה בראָדערזאָן און מלך ראַוויטש, יעדער איינער מיט זײַן אומרו און מיט זײַן זוכן באַנײַונג אינעם גײַסט פֿון דער צײַט — נאָכן 1טן וועלטקריג, 2 רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד, פּאָגראָמען, נאָך דער פּראָקלאַמירונג פֿון דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע, פֿון צוריקגעבן פּוילן און ליטע זייער אומאָפּהענגיקייט, ווי אויך קולטור־אויטאָנאָמיע פֿאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן — האָבן ייִדן

נישט געוווּסט צו וואָס פֿריִער זיך צו כאַפּן... ביי דער צעטרייסלטער אָרעמקייט, הונגער, עפּידעמיעס, גאַסן־הפֿקרות, צעבושעוועטע מאַסן און דראַנג צו אַנטלויפֿן מער ווי עמיגרירן, אַנטלויפֿן פֿון זיך, בעת פֿון באַזיגטן דייטשלאַנד און טריומפֿירנדיקן פֿראַנקרייך איז פֿון דער ליטעראַטור, טעאַטער, פּלאַסטישער קונסט און מוזיק געקומען דאָס געשריי פֿון קריג און תּפֿילות פֿאַרן וועלט־שלום — האָט די גרופּע, וואָס האָט איינעם פֿון אירע זשורנאַלן אָנגערופֿן „די כאַ־ליאַסטרע", געפֿונען ביי דער מאַסע אָפֿענע אויערן און אָפֿענע טירן. זעלטן ווער האָט אויף אַן אמת פֿאַרשטאַנען, וואָס דער צעפּלאַמטער פּרץ מאַרקיש האָט געזאָגט מיט זיינע צעפֿלויגענע באַמבאַסטישע מעטאַפֿאָרעס, אָבער מ'איז צו אים — געלאָפֿן. דער שגעון פֿון ציַיטגייַסט האָט אַרויסגעשריִען פֿון פּרץ מאַרקישעס צעדרייטע פֿערזן, מיט וועלכע ער האָט געוואָלט איבערשטייגן ביאַליקן, און מאַניפֿעסטן פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנערער עסטייִסטיק אין ייִדיש.

פֿון די דריי טאָנגעבערס (אין „אַלבאַטראָס", „די כאַליאַסטרע" און „די וואָג", גרינבערג, מאַרקיש און ראַוויטש) איז מלך ראַוויטש געווען דער פּראָגראַמאַטיקער, דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון און פֿאַר ייִדישער ליטעראַטור, אין נאָמען פֿון הומאַניזם — און אַזוי איז ער פֿאַרבליבן עקוויליברירט זיין גאַנץ לעבן, געבענטשט אין יאָרן און השפּעה, נישט געקוקט אויף אַלע זיינע וואַגעניש און וואַקלעניש.

דער אוניווערסאַלסטער פֿון די דריי איז געווען דווקא דער ייִדישסטער פֿון זיי. אורי־צבֿי גרינבערג האָט לכתּחילה אויסגעזען ווי אַ נכתּב... דאָס ייִדישע פֿאָלקסאומגליק געזען ווי די שולד פֿון איי־ראָפּעס חורבן — די ירושה פֿון דער ברייטער וועלט. פֿון דיס־טאַנץ קוקנדיק אויף זיינע פֿרילינג־שאַפֿונגען, אין וועלכע ס'איז דאָ אַ היפּשע צאָל תּלמודישע אידיאָמען־השפּעות, האָט מען געהערט רייד, צעקלונגענע אין יענע יאָרן, וועגן אונטערגאַנג פֿון דער מערבֿ־ציוויליזאַציע...

משה בראָדערזאָן, די עקזאָטישסטע פֿיגור פֿון די יונגע אין פּוילן, דער „מאַהאַראַדזשאַ" וואָס האָט אַריינגעבראַכט לאַטייִנישע

פּסוקים אין ייִדישן דעקלאַמאַטאָרישן ליד, האָט שנעל אָפּגעזוכט זײַן אויטענטישן דיכטערישן באַרוף, אין קליינקונסט פֿון טעאַטער, דעקלאַמירט און באַזונגען פֿאָלקלאָריסטיש.

די יונגע אין פּוילן, באַהויכט פֿון דער פֿאַרפֿלייצנדיקער רוס־לענדישער רעוואָלוציאָנערער פּאַטעטיק, האָבן געשטויסן די ייִדישע ליטעראַטור אין פּוילן צו עקספּרעסיאָניזם, צום פּלאַקאַט, אָבער אײנצײַטיק — צום לעבן פֿון כּלל. די ירושה פֿון סענטימענטאַליזם האָט אויסגעזען אַלטפֿרענקיש... דערפֿאַר האָט „די כאַליאַסטרע" באַ־קעמפּט דעם געלייענטסטן דיכטער און דערציילער פֿון נאָך־מלחמה־דיקן פּוילן, ז. סעגאַלאָוויטש, פּונקט ווי זי האָט אויסגעלאַכט דעם ייִנגסטן דיכטער, אַהרן צייטלין, וועלכער האָט אין „מטטרון" געוויזן, אַז ער איז היימישער צווישן מלאָכים ווי אויף דער פֿאַרבלוטיקטער ערד.

## דער דרך צו „אינזיך" אין דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור

ווען מאַני לייב האָט אָנגעהויבן כּישופֿן מיט זײַן צאַרטן ליריזם און מיט זײַן מוזיקאַלישקייט און פֿאָלקסטאָן דורך סלאָווישע מאָטיוון, האָט מען געקענט מיינען, אַז דער דאָזיקער דרך וועט טריומפֿירן אין דער ייִדישער ליטעראַטור, באַנײַענדיק אַ צוריקקער צו פֿאָלקסטימ־לעכקייט. דאָס איז אָבער נישט געשען. טריומפֿירט אין אונדזער וואָרטקונסט האָבן גראָד די אינזיכיסטן.

אויב מ'זאָל קלאַסיפֿיצירן „יונגע" נאָך דער עלטער בלויז, זײַנען די אינזיכיסטן אין דעם יאָרנקרײַז פֿון די יונגע. צו זיי האָבן זיי אויך געהערט מיט ענלעכע טענות צו „די אַלטע", ווי אויך מיט עטלעכע שותּפֿותדיקע שטרעבונגען צו מאָדערניזירן ייִדיש און איר שרײַבמאַניר אַפֿילו אין זשורנאַליסטיק. נאָר אויב באַוווּסטזיניקייט און אינטעלעקטועלע מדרגה איז אין דער קונסט אַ גרויסע מעלה, זײַנען די אינזיכיסטן די רײַפֿסטע דערשײַנונג אין דער ייִדישער לי־טעראַטור. און נישט קיין צופֿאַל, וואָס יעקבֿ גלאַטשטיין און אַהרן גלאַנץ־לעיעלעס זײַנען געוואָרן טאָנגעבערס אין דער ייִדישער וואָרט־

קונסט און וואָס זיי האָבן באַטראַכט יהוּאָשן פֿאַר זייער פֿאָרגייער און לייוויקן פֿאַר זייער מיטגייער. דערפֿאַר טאַקע האָט נישט איינער פֿון די יונגע זיך צוגעטוליעט צו „אינזיך“, וואָס האָט קיינעם פֿון די פֿריִערדיקע נישט פֿאַרלייקנט... פרינציפּיעל.

אינזיך איז אַ העכערער קולטור־שטאַפּל, מאָדערנער, אין צייכן פֿון דער צײַט.

בײַ די יונגע קומט (אין ליד ווי אין פּראָזע) צו ערשט די שטי־מונג און דערנאָך דער געדאַנק. פּונקט פֿאַרקערט איז דער פּראָצעס בײַ די אינזיכיסטן: דער געדאַנק קומט (בעיקר אין ליד) גלײַך פֿון אָנהייב און דערנאָך די שטימונג.

און די ליטעראַרישע גרופּירונגען, וואָס זײַנען שפּעטער געקו־מען, זײַנען נענטער צו אינזיך. די מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור ווערט באַהערשט פֿון אינטעלעקטואַליזם. אַפֿילו דער ייִדישסטער דיכטער פֿון יונג־ווילנע, חיים גראַדע, אפֿשר אונדזער טיפֿסטער אַנאַליטיקער און פֿאָרטרעטיסט פֿון פֿאַרבלאָנדזשעטע נשמות אין דער וועלט פֿון טראַדיציע און תּורה, איז דער בעל־מוח פֿון דער מאָדערנער ייִדישער בעלעטריסטיק. לייב ראָכמאַן, דער שילדערער פֿון חורבן קאָמפּלעקסן בײַ ניצול־געוואָרענע, אין יונג־ישׂראל, שיל־דערט „בלינדע טריט איבער ערד“, אָט ווי אַ מקובל, אָט ווי אַ היס־טאָריקער. אַבֿרהם סוצקעווער איז אויף אַזוי פֿיל גלײַך פֿון אָנהייב געווען אינזיכיסטיש — נישט צופֿעליק איז ער פֿרי געוואָרן אַ מיט־באַטייליקטער אין ניו־יאָרקער „אינזיך“ — אַז די יונג־ווילנעאַנער, וועלכע זײַנען געווען לכתּחילה שאַרף־סאָציאַל, כּמעט סאָוועטיש, האָבן אים באַטראַכט פֿאַר אַ סאַלאָן־פּאָעט.

די יונגע אין אַמעריקע האָבן מיט זייער גאַנצער אויסגעגרינט־קייט זיך קיין אָרט נישט געפֿונען, בעת די אינזיכיסטן האָבן זיך געפֿילט ווי אַמעריקאַניזירטע ייִדן, וועלכע זײַנען אָרגאַניש פֿאַרקניפּט און פֿאַרליבט אין ייִדיש, כאָטש זיי האָבן שוין געלערנט אין אוני־ווערסיטעטן, זיך געפֿילט אין ענגליש ווי בײַ זיך אין דער היים,

פאַרליבט אין דער ענגלישער ליטעראַטור. די אינזיכיסטן זײַנען די מאָדערנסטע ייִדישיסטן.

און אַזוי ווי די ייִנגערע דורות גייען וואָס ווײַטער אַלץ מער צו העכערער בילדונג און זוכן וואָס מער זיך צו באַקענען מיט פרעמדע קולטורן, איז נאַטירלעך, אַז דער דרך פון אינזיך, דאָס זוכן די אינטעליגענץ און העכערן אינטעלעקטועלן ניוואָ, ווערט די פּרינציפּאַלע אָריענטאַציע פאַר דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער וואָרטקונסט, אומאָפּהענגיק פון דעם צי „דאָס איז גוט פאַר ייִדן"... עס זײַנען דאָך שוין דאָ צווישן עקספּערימענטירנדיקע דיכטערס אַזעלכע, וואָס זייערע פּערזן זײַנען ממש קאָפּברעכענישן... קען מען זיך פרעגן: איז דאָס אַ טובֿה פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור?

נישט יעדער וואָרטקינסטלער רעכנט זיך מיטן לייענער. פאַראַן שרײַבערס, וועלכע האַלטן פאַר אַ כּבֿוד נישט צו רעכענען זיך מיטן לייענער. מעשׂה אַקאַדעמיקערס. במה דבֿרים אַמורים? ווען ייִדיש וואָלט געהאַט אוניווערסיטעטן... נאָר „אונדזערע ליטעראַטור־בויערס, די קלאַסיקערס, האָבן דעבוטירט אין דער ליטעראַטור שוין זײַענדיק ייִדן מיט בערד... אין רײַפן עלטער איז זיי צוגעפאַלן די מיסיע פון שטורעמען מיט שרײַבערישן אַרסענאַל די אַלט־אײַנגעוואָרצלטע פאָרמען און יסודות פון דער ייִדישער פאָלקס־סבֿיבֿה"[10]. און די מערסטע אוניווערסיטעטן, וואָס אונדזערע לייענערס האָבן דורכגעמאַכט, זײַנען פאַבריקן, האַנדל־וואַנדל, חדרים און פאָלקשולן...

די ליטעראַרישע גרופּירונגען פון יונגע, אַזוי אין אייראָפּע, ווי אין אַמעריקע און ישׂראל, זײַנען — בכן — די אויסברוכן פון שעפערישע אַמביציעס אויפצושטײַגן מיט אוניווערסאַלע השׂגות, אין צײַטן פון גרויסע טראַנספאָרמאַציעס, אין בענקשאַפט צו העכערע נישט־דאָיִקע קולטור־מדרגות.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[10] מ. נאַטיש — „די יונגע ייִדישע ליטעראַטור אין פּוילן", ליטעראַרישע בלעטער" נ' 597, וואַרשע 1935.

# 1

עטלעכע **שרײַבערס פון** די יונגע **װער**־
**רן אין די** מוסטערװערק פון דער ייִדי־
שער ליטעראַטור **פֿאַרגעשטעלט דורך**
**גאַנצע בענד:** דוד איגנאַטאָװ, ה. לייװיק,
משה נאַדיר, א. ראַבאָי **און** י. י. שװאַרץ.

# די יונגע

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿון „די יונגע“

נח שטיינבערג

## פֿון בוך „יונג - אמעריקא“

איבערלייענענדיק דוד איגנאַטאָווס „פֿיבי״, בין איך זייער פֿאַר־אינטערעסירט געוואָרן אין פֿאַרפֿאַסער און אים געוואָלט קענען פֿער־זענלעך. איז ווען איך בין געקומען אין ניו־יאָרק, בין איך אַוועק אין דער ליטעראַרישער קאַפֿע דאָרט צו טרעפֿן איגנאַטאָוון. אָבער ער איז דאָרט נישט געווען. בײַ זיך אין געדאַנק האָב איך שוין געהאַט אויסגעמאָלט אַ בילד פֿון איגנאַטאָוון. אין אויסזען מוז ער זײַן ענלעך צו אַ יונגן אָפֿיציר, וואָס האָט ליב צו רײַטן אויף אַ שיין פֿערד און איז שטאַרק געבויט. אין טעמפּעראַמענט איז ער אַוודאי ענלעך צו זײַן העלד ברוך פֿון זײַן ראָמאַן „אין קעסלגרוב״.

אַרײַנקומענדיק אַ מאָל אין קאַפֿע, האָב איך דערזען אַ גרופּע יונגע דיכטערס בײַ אַ טישל. די מערסטע — צאַרטע, מיט בלאַסע געזיכטער, מיט אַ מילדן אויסדרוק אין זייערע אויגן. נאָר איינער זיצט צווישן זיי אַ בייזער, אָנגעבלאָזן, מיט אַ האַרט געזיכט און שטײַפֿע האָר אויפֿן קאָפּ, מיט ברייטלעכע פּלייצעס און אַ געזונטן קאַרק. ער האַלט אין איין שאַרן די שוואַרצע שטײַפֿע האָר, זיי זאָלן זיך אַוועקלייגן, נאָר זיי בלײַבן עקשנותדיק שטיין אויף זײַן קאָפּ, ווי זיי וואָלטן געווען נאָדלען. איז מיר אײַנגעפֿאַלן, אַז דער מיט די שטײַפֿע האָר מוז זײַן איגנאַטאָוו.

לאַנג איז ער ניט געזעסן. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן, זיך גע־דרייט פֿון איין טישל צום צווייטן און איז באַלד אַוועק. פֿון דעמאָלט אָן פֿלעג איך אים פֿון צײַט צו צײַט טרעפֿן אין קאַפֿע. ער פֿלעגט שנעל אַרײַנשפּרינגען; אָנשטעלן אויף אַלעמען זײַנע שאַרפֿע אויגן, אַרײַנוואַרפֿן דאָ און דאָרט אַ בייז וואָרט; זעלטן גערעדט צו עמעצן געמיטלעך, נאָר זיך געדרייט מיט שטײַפֿע גלידער אַהין און צוריק, און שנעל אַרויסגעלאָפֿן. איך האָב געקראָגן דעם אײַנדרוק, אַז דאָס איז אַ מענטש מיט אַן אייביקן אומרו. ער האַלט נאָר אין איין לויפֿן...

דער פֿאַרלאַנג זיך מיט אים צו באַקענען האָט זיך בײַ מיר איבערגעביטן אויף אַ מאָדנעם געפֿיל צו זײַן מיט אים פֿון דער ווײַטנס. צי עס זײַנען מיר געווען דערווידער זײַנע שטייענדיקע האָר, צי זײַנע שפּיזיקע אויגן אָדער זײַן דרייען זיך מיט שטײַפֿע גלידער, אפֿשר זײַן געצווונגענער שווײַגן? ווער ווייס. נאָר איין זאַך האָב איך געפֿילט, אַז ס'איז בעסער מיט דעם מענטשן ניט צו האָבן קיין סך צו טאָן. אָבער מערקווירדיק, יעדעס מאָל ווען איך האָב אים געזען, האָב איך געמוזט פֿון אים טראַכטן. ער האָט אין זיך אַזאַ שאַרפֿקייט, וואָס מאַכט אײַך פֿילן, אַז ער איז דאָ.

איין מאָל האָב איך אים געטראָפֿן אַן אויפֿגערעגטן, מיט גליִענדיקע אויגן. דאָס איז אַ שטורעממענטש, האָב איך געטראַכט. ער קען אַ ליאַדע מינוט אַרויספּלאַצן. עפּעס טראָגט ער אַרום אַ פֿאַרבאָרגענעם כּעס אויף דער גאַנצער וועלט. איז שטענדיק קריגסלוסטיק, גלײַך ווי יעדער איינער וואָלט אים געווען אַ שטערונג אין וועג...

אַ לאַנגע צײַט האָב איך זיך מיט אים פּערזענלעך ניט געקענט. ביז אַרום יענער צײַט, ווען אַ גרופּע פֿון די גאָר יונגע דיכטערס האָבן זיך צוזאַמענגענומען און אַרויסגעגעבן דאָס זאַמלבוך „פֿון מענטש צו מענטש“, האָב איך דעמאָלט וועגן דעם געשריבן אַ רעצענזיע. פּונקט ווען מײַן רעצענזיע איז געווען געדרוקט, קומט איגנאַטאָוו אַרײַן אין קאַפֿע, שטעלט זיך אַוועק, קוקט און שווײַגט. אַ באַקאַנטער דיכטער שטעלט מיר אים פֿאָר: „דאָס איז דוד איגנאַטאָוו“. ער דערלאַנגט אים מײַן קריטיק. איגנאַטאָוו גיט אַ נעם אין האַנט און לייענט. איך זע, ווי זײַנע אויגן ווערן גרעסער און שפּיזיקער. נאָר די ליפּן ווערן וואָס אַ מאָל קלענער און פֿעסטער צוגעשלאָסן און, אויפֿהייבנדיק זײַן קאָפּ, ווענדט ער זיך צו מיר:

— דאָס האָט איר געשריבן?!

— יאָ — האָב איך געענטפֿערט.

— אַ נײַער בעל־דעה! וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט איר צו שרײַבן קריטיק?

— וואָס דען, נאָך אײַער מיינונג דאַרף מען גאָר ניט קיין קריטיק?

— אַ קריטיק דאַרף מען שוין גאָר האָבן, אָבער אַ שאַפֿנדיקע, אַ בויענדיקע; אַ קריטיק, וואָס זאָל אויפֿהייבן דעם גײַסטיקן פֿאָרהאַנג פֿונעם נײַעם דור.

ער האָט ווײַטער געלייענט און זײַנע נאָזפֿליגל האָבן גענומען

ציטערן. ער איז געוואָרן אין גאַנצן אָנגעצונדן מיט כּעס און גענומען שרײַען:

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף דער ייִדישער ליטעראַ־טור? וואָס גיט איר איר? וואָס ווילט איר? קריטיקער!

איך האָב אים געוואָלט אײַנשטילן, צוגעבנדיק אַז ס׳איז אמת, יעדער פּאָפּוגײַ, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט האַלטן אַ פּעדער, שרײַבט בײַ אונדז קריטיק. אָבער מײַן כּוונה איז ניט צו שרײַבן די אַזוי גערופֿענע „קריטיק", נאָר איך וויל נענטער באַקענען די ייִדישע לייענערס מיט די שאַפֿונגען פֿון די יונגע שרײַבערס. ער איז אָבער געווען צו פֿיל אויפֿגערעגט, ניט געוואָלט הערן וואָס איך זאָג, נאָר געהאַלטן אין איין שרײַען, געגעבן אַ וואָרף די צײַטונג אויפֿן טיש און איז אַרויס.

הערנדיק אַזעלכע טענות, האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער וויל אימיטירן זײַן זייער ניט קלוגן העלד פֿון „קעסלגרוב", וואָס „דער־פֿילט ווי אַרײַנצורײַסן זיך אין קאַפּע מיט ריטער אין די הענט און זיי נעמען שמײַסן איבער די קעפּ,, איבער די פּנימער: אַרויס! אַרויס פֿון דאַנען! גייט צום טײַוול, טוט עפּעס!"... ברוך — איז דאָך איגנאַטאָוו אויסן אויג. ער איז אויך שטענדיק אַזאַ בייזער, אַזאַ אָנגעבלאָזענער ווי זײַן באַשעפֿער — האָב איך געטראַכט.

פֿון דעמאָלט אָן, ווען איך האָב געטראָפֿן איגנאַטאָוון, האָב איך אויסגעמיטן מיט אים צו ריידן. נאָר עפּעס איז ער מיר נישט געווען פֿאַרשטענדלעך. מיר פֿלעגט זיך שטעלן די פֿראַגע: ווי קומט דאָס, אַז דער פֿאַרפֿאַסער פֿון דער עלאַסטיש בויגזאַמער דערציילונג וועגן דער קאַפּריזנער „פֿיבי" זאָל זײַן אַזאַ שטײַפֿער? כּמעט אַלע יונגע שרײַבערס זײַנען אַזעלכע מילדע געמיטלעכע מענטשן און ער גייט שטענדיק אַרום מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק, ווי ער וואָלט זאָגן: „איר פֿירט זיך נישט אויף ווי גרויסע מענטשן דאַרפֿן זיך פֿירן". און בײַ מיר האָט זיך אָפּגעשטעלט אַזאַ מיינונג: דעם מענטש דאַכט זיך, אַז ער ווערט ניט פֿאַרשטאַנען. ער האָט ניט וועמען זײַנע עצות צו געבן. און געבן ווילט זיך אים דאָך... דאָס איז אַזאַ נאַטור. בײַ אים איז דאָ אַ פֿאַרלאַנג צו זײַן אַ פֿירער. לאָזט מען אים ניט, ווערט ער קריגעריש, גייט־אַרום אָנגעלאָדן, וואָס ער האָט ניט וועמען צו פֿירן — ווײַל יעדער איינער קען זיך הײַנט באַגיין אָן אַ פֿירער... און אפֿשר נאָך דערפֿאַר איז ער אַזוי בייז אָנגעלאָדן, ווײַל ער טראָגט זיך אַרום מיט בויענדיקע פּלענער און קען זיי נישט דורכפֿירן און דורך דעם זײַן געצוווּנגען שווײַגן. און נאָך

וואָס האָב איך פֿאַר דער צײַט געהאַט די געלעגנהייט צו באַמערקן: איגנאַטאָוו, אַפֿילו ווען ער זיצט אין געזעלשאַפֿט און רעדט, איז ער אויך אַליין... איך האָב אײַנגעזען, אַז ער קען זיך נישט צונויפֿמישן מיט די איבעריקע. ער איז פֿון די עקסטרעם־איינזאַמע... ער לאָזט זיך דערפֿאַר שווער דערקענען. בײַ מיר איז דערפֿאַר געוואָרן שטאַרק דער פֿאַרלאַנג צו וויסן: ווער איז איגנאַטאָוו?! ווי אַזוי איז ער אין זײַן פּערזענלעכן לעבן? ווו איז די ענלעכקייט צווישן דעם אויפֿגערעגטן צעטראָגענעם מענטשן און דעם פֿאַרפֿאַסער פֿון דער טאַקטפֿולער דערציילונג „פֿיבי“? און ווי אַזוי קען איינער, וואָס איז אַלע מאָל אָנגעשטעלט, פֿאַרשטײן מענטשן און זיי מאָלן? און כּדי אין דעם קלאָרער ווערן, האָב איך אָנגעווענדעט דעם אַלטן מעטאָד: כּדי דעם דיכטער צו פֿאַרשטיין, איז דאָס בעסטע צו גיין צו אים אַהיים.

*

— ...ערשטנס, האָב איך געוואָלט — זאָגט איגנאַטאָוו — אַרויספֿירן די שרײַבערס, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט דרוקן אין די עקסיסטירנדיקע צײַטונגען און זשורנאַלן. צווייטנס, האָט מיך געלאָקט אָט דער נײַער טאָן, וואָס קען דורך מענטשן אַרײַנגעבראַכט ווערן אין אונדזער ליטעראַטור.

— אין וואָס, דענקט איר, באַשטײט אָט דאָס נײַע? — האָב איך געפֿרעגט.

— הויפּטזאַכלעך נײַ איז דאָס פּערזענלעכע, וואָס זיי ברענגען־אַרײַן. די דאָזיקע שרײַבערס שרײַבן וועגן זיך אַליין, וועגן זייער אייגענעם איך.

— רעכנט איר, אַז דאָס איז טאַקע אַזאַ גרויסע מעלה? — האָב איך ווידער געפֿרעגט.

— יאָ, איך האַלט דאָס פֿאַר אַ פֿאַרדינסט. איין מענטש דאָס זײַנען אַלע מענטשן, ווײַל קיינער פֿון אונדז איז דאָך נישט אַראָפּגעפֿאַלן פֿון הימל. מיר זײַנען דאָך אַלע געבוירן און אויסגעוואַקסן צווישן טויזנטער מענטשן פֿון אונדזער מין. הייסט דאָס, ווען מיר שרײַבן פֿון זיך, שרײַבן מיר צו דער זעלביקער צײַט פֿון די אַלע מענטשן, צווישן וועלכע מיר זײַנען אויסגעוואַקסן.

— יאָ. אָבער ווי באַלד אַזוי, זײַנען דאָך די עלטערע שרײַבערס שוין אויך געווען די פֿאַרטרעטערס פֿון זייער דור?

— אפֿשר יאָ און אפֿשר ניט. יעדנפֿאַלס, די פֿאַרטרעטערס פֿון אונדזער איצטיקן דור זײַנען זיי געוויס ניט. מיר דאַכט זיך, אַז זיי

האָבן איבערהויפּט געשריבן פֿון מענטשן, וואָס זײַנען צו זיי נישט געווען אייגן, און אויך ניט אייגן צו זייערע לייענערס. נעמט אַלס בײַשפּיל, לאָמיר זאָגן, טבֿיה דעם מילכיקן. עס איז קלאָר, אַז טבֿיה דער מילכיקער אַליין וועט דאָס בוך „טבֿיה דער מילכיקער" ניט לייענען און דאָס איז אויך ניט שלום עליכם. דאָס אייגענע קען אויך געזאָגט ווערן וועגן „שלמה נגיד". און כּמעט וועגן די מערסטע שריפֿטן פֿון די עלטערע שרײַבערס. הייסט דאָס, אַז דאָס זײַנען ווערק געשריבן פֿון זײַטיקע מענטשן, אַז לייענען זאָלן דאָס ווידער זײַטיקע מענטשן. אָבער דער הײַנטיקער דור איז אַ צו־פֿערזענלעכער און ער וויל לייענען וועגן זיך.

— יאָ! — האָב איך זיך אָנגערופֿן. מען קען דאָך זאָגן, אַז טאַראַס בולבאַ וועט „טאַראַס בולבאַ" נישט לייענען; איז דערפֿון גע־דרונגען, אַז גאָגאָל איז נישט קיין גרויסער שרײַבער?

— אָ, ניין! — האָט איגנאַטאָוו ווידער אָנגעהויבן — גאָגאָל איז שוין גאָר אַ גרויסער שרײַבער. ער איז אָבער געווען איינער. ער האָט דאָס גליק געהאַט צו זײַן אין איינעם מיט פּושקינען, טור־געניעוון, לערמאָנטאָוון, אַזוי אַז גאָגאָל האָט בײַ די רוסן געקענט זײַן אַ גאַנץ אָנגעלייגטע מתּנה. בײַ אונדז אָבער איז די גאַנצע לי־טעראַטור, ביז איצט, פֿול מיט אַזעלכע טבֿיהס און מיט אַזעלכע שלמה נגידס, מיט קרומע פֿישקעס און אַזוי ווײַטער. און דאָס האָט געבראַכט צו דעם, אַז דער געזונטער לעבעדיקער לייענער איז אין גאַנצן אַוועק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, ווײַל ער געפֿינט זיך שוין בײַ די גויִשע שרײַבערס גיכער ווי ער קען דערוואַרטן זיך צו געפֿינען בײַ זײַנע ייִדישע.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפֿע, זיך צוגעבויגן צו מיר און געזאָגט אויף אַ נידעריקן טאָן:

— אונדזער ליטעראַטור איז ביז איצט געווען אַ שבת־אויבסט־ליטעראַטור, און ניט מער. צו קומען צו דער באַבען נאָך שבת־אויבסט איז אַ גאַנץ אײַנגענעמע זאַך. שבת איז אָבער איין מאָל אין וואָך. איר פֿאַרשטייט? מיר האָבן נישט געהאַט קיין קינסטלער פֿאַר פּרצן. פּרץ איז געווען דער ערשטער ייִדישער קינסטלער.

ער האָט מיר גענומען קוקן גלײַך אין די אויגן אַרײַן.

— איך וויל, איר זאָלט מיך פֿאַרשטיין. שרײַבערס האָבן מיר יאָ געהאַט פֿאַר פּרצן. זיי האָבן געשריבן מעשׂיות, אַ ביסל צו לערנען, צו קריטיקירן, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין קונסט.

פּרץ איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט באַהערשט יעדער שורה וואָס ער האָט געשריבן. די איבעריקע שריפֿטשטעלערס, מענדעלע און אַפֿילו שלום עליכם, האָבן געשריבן, ווײַל בײַ זיי האָט זיך פּשוט גערעדט. ס'איז אויך נישט בעסער געוואָרן מיט אַש׳ן קומען. אָבער אַזעלכע האַלט איך נישט פֿאַר קיין קינסטלערס. זיי קענען נישט באַפֿרידיקן אונדזער דור. דערפֿאַר, ווען איך בין געגאַנגען אַרויסגעבן די „שריפֿטן", איז מײַן הויפּטאידיי געווען דאָס נײַע, דאָס פֿרישע, דאָס נייטיקע. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געהאַט געגנוג אויסצושטיין. אַ סך האָבן זיך אָנגעבאָטן, צווישן זיי זײַנען גראָד אויך געווען אַזוינע פֿון וועלכע איך האַלט. נאָר דרוקן זיי אין די ערשטע זאַמלביכער, האָב איך פֿון דעסט וועגן נישט געקענט. ווײַל ווי גוט זיי זאָלן נישט שרײַבן, זײַנען זיי אָבער בלויז אַן אָפּקלאַנג פֿון יענע אַלטע. און ווען אַזוי פֿיל מענטשן האָבן זיך געפֿונען אַלס אויסן געבליבענע — נו, ווייסט איר דאָך, וואָס פֿון אַזעלכע זאַכן קומען־אַרויס...

בײַ די לעצטע ווערטער האָט זיך איגנאַטאָוו אויפֿגעהויבן פֿון סאָפֿע און גענומען שפּרײַזן אַהין־און־צוריק איבערן גרויסן ליכטיקן צימער. אַ ווײַלע האָט ער אַזוי אַרומגעשפּאַצירט. איך האָב אים נאָכגעקוקט און פּלוצלינג האָט ער זיך צו מיר אָן אַ פֿאַר וואָס אַ ווענד געטאָן:

— אָט איר ווייסט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? זיי שרײַען, אַז מען פֿאַרשטייט אונדז נישט, מען ווייסט נישט וואָס מיר ווילן; אָבער איך גלייב, אַז דער אומפֿאַרשטענדלעכסטער קאַפּריז פֿון יעדן איינעם פֿון אונדז איז זיי אַ סך אײגענער און נענטער ווי די אַלע אַזוי גערופֿענע פּשוטע און אַנדערע מעשׂיות, וועלכע זיי פֿאַרשטייען יאָ.

— מאָדנע, אויב אַזוי, האָבן די יונגע שוין לאַנג געדאַרפֿט פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן בײַם לייענער?

...איך האָב אייגנטלעך נאָך פֿון פֿריִער געוווּסט, אַז איגנאַטאָוו איז איינער פֿון די ענערגישסטע צווישן דעם נײַעם דור שרײַבערס. דאָס אַרויסגעבן די זאַמלביכער „שריפֿטן" האָט געפֿאָדערט פֿיל אָנשטרענגונג און ער האָט געאַרבעט שווער ביז ס'איז אים געלונגען דורכצופֿירן די אַרבעט אַזוי ווי ער האָט געוואָלט. די זאַמלביכער זײַנען טאַקע אַרויסגעקומען די שענסטע, וואָס איז ווען געווען אין ייִדיש. צו דעם האָט זיך געפֿאָדערט געשמאַק און כאַראַקטער. באַלד האָבן זיך אָבער גענומען הערן פּראָטעסטן פֿון די אומצופֿרידענע. איגנאַטאָוו איז אַן איינזײַטיקער מענטש. אײַנגעקעשנט אין זײַנע

מײנונגען, איז געקומען צו אַ ריס צווישן אים און די אַנדערע שרײַבערס. האָבן זײ אויך גענומען אַרויסגעבן זאַמלונגען. דערפֿון איז אַרויסגעקומען דאָס זאַמלבוך „די נײַע היים“. מיט דער צײַט זײַנען די רײַבונגען געוואָרן מער און מער. דער נאָענטער קרײַז פֿון די יונגע דיכטערס איז זיך אַלץ מער און מער צעגאַנגען. יעדער באַזונדער האָט גענומען זוכן אײגענע וועגן. האַלפּערן איז געוואָרן רעדאַקטאָר „פֿון מענטש צו מענטש“ און שפּעטער, צוזאַמען מיט מנחמען, אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע זאַמלונג „איסט־בראָדווײ“.

איגנאַטאָוו האָט דערפֿאַר זײַן גאַנצן פּלאַן נישט געקענט דורכפֿירן, ווײַל זײַן אָריגינעלער פּלאַן איז געווען צום ערשטן צו דרוקן אין די זאַמלביכער טאַקע בלויז די נײַע שריפֿטשטעלערס און שפּעטער ביסלעכווײַז אויך נעמען דרוקן די עלטערע. ער האָט געוואָלט מיט דער צײַט צוזאַמענפֿירן אַלע יידישע שרײַבערס, אי די אַלטע, אי די יונגע, און אויף אַזאַ אופֿן צוגעבן פֿריש בלוט און פֿאַרב צו דער יידישער ליטעראַטור.

— עס האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן! — האָט ער מיר אײן מאָל געזאָגט.

אין אַ קורצער צײַט נאָך מײַן באַגעגעניש מיט אים האָט איגנאַטאָוו אַרויסגעגעבן דאָס פֿערטע זאַמלבוך „וועלט־אײַן, וועלט־אויס“. איך האָב איבערגעלײענט זײַן נײַעם „ווו—ווו—הו דער שטורעם־שפּילער“ און בין געווען אַנטציקט פֿון דער שײנער פֿאָרעם. טרעפֿנדיק זיך מיט איגנאַטאָוון, פֿרעגט ער מיך:

— נו, ווי געפֿעלט אײַך דאָס נײַע בוך?

— אויסערלעך — זאָג איך — זײער שײן, אָבער דער אינהאַלט איז ניט קלאָר. מען קען בײַ אײַך קײן מאָל ניט פֿאַרשטײן די אידײ פֿון דער זאַך.

— נאָך וואָס דאַרפֿט איר פֿאַרשטײן די אידײ? — האָט איגנאַטאָוו געפֿרעגט מיט אַ בײזן שמײכל — אַז אַ מענטש, ניט קײן פּראָפֿעסיאָנעלער „חכם“, קוקט אויפֿן הימל, פֿרעגט ער, וועלכע איז זײַן אידײ? באַוווּנדערט דעם הימל, און האָט הנאה פֿון זײַן שײנקײט. און שײן איז טאַקע דער הימל דערפֿאַר, ווײַל ער בלײַבט אַן אײביקער סוד... דאָס געהײמנישפֿולע, דאַרפֿט איר וויסן, איז דער סוד פֿון שײנקײט. ווען מיר וואָלטן אַלץ אָנגעהויבן פֿאַרשטײן, וואָלט די וועלט פֿאַר אונדז געוואָרן מיאוס...

לויט איגנאַטאָוון דאַרף דער מענטש זיך צוגעווײנען צו פֿיל

די וועלט. ניט בלויז זוכן צו פֿאַרשטיין מיט שׂכל, ווײַל דער שׂכל איז באַגרענעצט, אָבער דאָס געפֿיל איז אומענדלעך...

*

...ווען איך בין צום צווייטן מאָל געקומען צו איגנאַטאָוון, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האַלט אין פֿאַרענדיקן אַ ראָמאַן, וועלכער וועט וואָרשײַנלעך הייסן „אָפּגעריסענע בלעטער". ער דענקט, אַז דער ראָמאַן וועט שוין אַלעמען „געפֿעלן", ווײַל ער וועט זײַן „צו־גענגלעך" פֿאַר פֿאַרשיידענע קלאַסן לייענערס. ער האַלט אויך אין שרײַבן אַנדערע דערציילונגען. נאָר ער איז צו פֿיל באַגרענעצט אין צײַט, דערפֿאַר קען ער זיי ניט ענדיקן. פֿיל זאַכן ווערן בײַ אים גאָר צערונען, ווײַל ער האָט קיין צײַט ניט זיי אויפֿצושרײַבן. דאָס זעלביקע, האָט ער באַדויערט, איז מיט אַלע יונגע שרײַבערס. זיי וואָלטן געקענט פֿיל מער שאַפֿן, ווען זיי זאָלן ניט זײַן אַזוי פֿיל פֿאַרנומען מיט טעגלעכע דאגות.

מיר האָבן באַלד איבערגעריסן דעם שמועס און אָנגעהויבן ריידן וועגן פּאָעזיע — די בעסטע פֿון די יונגע זײַנען בײַ אים מאַני לייב, לאַנדוי און ראַבאָי. זיי קומען אַלע מאָל מיט עפּעס נײַס. די איבע־ריקע דיכטערס שרײַבן אויך גוט, נאָר זיי אינטערעסירן ניט, ווײַל אַזעלכע גוטע זאַכן איז שוין דאָ אומעטום.

איגנאַטאָוו האָט מיר איבערגעלייענט אייניקע לידער און נאָך דעם ווי מיר האָבן אַרומגערעדט פֿאַרשיידענע פּאָעטן האָט ער מיך מכבד געווען מיט דזשאַן גאָלד פֿלעטשערס „אינדיאַנער געזאַנגען", וועלכע ער האָט איבערגעזעצט אין ייִדיש פֿאַר זײַן נײַעם זאַמלבוך „וועלט־אײַן, וועלט־אויס". דער כּבֿוד איז מיר זייער געפֿעלן. נאָך אַ היימישן אָוונטברויט האָב איך זיך דערמאָנט אין זײַנע פֿאַר־פֿלאַנצטע בלומען. זאָג איך צו אים:

— וואָס מאַכן עפּעס אײַערע בלומען?

— אַדרבה, קומט־אַרויס, באַקוקט זיי, מײַנע פּריצטעס.

מיר זײַנען געגאַנגען אין גאָרטן. די ביימער האָבן זיך שוין געהאַט ברייט פֿונאַנדערגעשפּרייט און די בלומען זײַנען איצט שוין געווען אויסגעוואַקסן, טאַקע אַזוי הויך ווי מענטשן... דאָס ערשטע מאָל האָב איך געזען אַזעלכע גרויסע בלומען. זיי זײַנען געווען פּרעכ־טיק, נאָר וואָס פֿונאַנדערגעבליט. איך האָב זיך געפֿילט גוט, אַרומ־שפּאַצירנדיק אין דעם שיינעם פֿילפֿאַרביקן גאָרטן. איגנאַטאָוו האָט זיך אײַנגעבויגן צו די בלומען, ליבלעך אָפּגעריסן איינע און זי

מיר אַרײַנגעשטעקט אין לאַץ. איך האָב זיך מיט אים געזעגנט און בין אַוועק אין זייער אַ גוטער שטימונג. פֿאָרנדיק אויפֿן טראַמוויַ, האָב איך די גאַנצע צײַט געטראַכט פֿון דעם, וואָס מיר האָבן גע־רעדט: אַ מערקווערדיקער מענטש! ניט זײַענדיק קיין רײַכער, מאַכט ער דעם אײַנדרוק פֿון אַ גרויסן עושר.

אַז איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך נאָך אַלץ געטראַכט פֿון איגנאַטאָוון, פֿון זײַן געפֿיל פֿאַר אַ שיינעם גאָרטן, זײַן אָפּגעבן זיך מיט ביימער און בלומען, און יעדעס מאָל, ווען איך טראַכט וועגן איגנאַטאָווס „שריפֿטן", זע איך אים שטיין אַ שטאָלצן צווישן יענע בלומען, וואָס זײַנען אַזוי גרויס ווי מענטשן...

נ"י 1917

בער באָראָכאָוו

## „די יונגע" פון היינט און „די יונגע" פון אַמאָל

### אַ פֿראַגמענט פֿון אַ פּאָלעמיק

וואָס ווילן אונדזערע „יונגע"? דאָס, וואָס זיי ווילן הײַנט, איז כּרחוק מזרח ממערבֿ פֿון דעם, וואָס זיי האָבן געוואָלט סך־הכּל מיט אַ זעקס־זיבן יאָר צוריק. און „די יונגע" פֿון הײַנט זײַנען ווײַט ניט דאָס, וואָס „די יונגע" פֿון דעמאָלט. ווען אַ קרײַז „יונגע", י. סלאָנים, י. חײַמאָוויטש, י. ראָלניק, י. ענטין און אַנדערע, איז אַרויס מיט די זאַמלביכער „יוגענד" און „טרוימען אוןווירקלעכקייט", איז זייער פּראָגראַם געווען אַ גאַנץ געזונטער און זייער באַשיידן אין זײַן געזונטהייט. ווי ס'דערקלערט דער צווייטער נומער פֿון דער „יוגענד" (יאַנואַר 1908), איז די שטרעבונג פֿון „די יונגע" צו שאַפֿן פֿאַר דער שיינער ליטעראַטור אַן אייגענע היים", באַפֿרײַען זי פֿון דער הפֿקרות און פֿון דער פּאַרטיי־ישער קריטיק. דער גערעכ־טער פֿאַרלאַנג פֿון דער יונגער גרופּע איז געווען, אַז די שיינע לי־טעראַטור זאָל קריגן אַ „היים", וווּ זי וועט באַהאַנדלט ווערן אַלס אַ ציל פֿאַר זיך, אַלס קונסט: ביז דאַן איז זי געווען אַ דינסטמויד בײַ דער פּרעסע און בײַ דער פּאַרטיי־פּאָליטיק.

„יונגע" האָבן דערקלערט, אַז ליטעראַטור איז ניט קיין מיטל

פֿאַר זײַטיקע צוועקן, אַפֿילו ניט פֿאַר נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַליסטישע צוועקן, אַז אַ קינסטלער איז ניט מחויבֿ אויסצוקלײַבן זיך דווקא אַ טעמע, וואָס זאָל פּאַסן פֿאַר פּאַרטיי־אַגיטאַציע, אַז ער דאַרף זײַן פֿרײַ פֿאַר זײַן אייגענעם עסטעטישן געוויסן. זיי האָבן פּראָקלאַמירט, אַז די דיכטערס מעגן זײַן זייערע אייגענע רעדאַקטאָרן און זייערע אייגענע קריטיקערס; אַז עס טאָר ניט פֿאַרלוירן גיין אַ קונסטווערק דערפֿאַר, ווײַל עס פּאַסט ניט פֿאַר צירקולאַציע, און עס טאָר ניט פֿאַרפֿוילט ווערן אין פּאַפּירקאָרב אַ פּאָעמע בלויז דערפֿאַר אַליין, ווײַל זי איז ניט נושׂא חן בײַ אַ בונדיסטישן מבֿין אויף ליטעראַטור. אַ זאַך קאָן זײַן שיין, האָבן „די יונגע“ געטענהט, ווען זי איז אַפֿילו ניט אין הסכּם מיטן קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט אָדער מיטן באַזעלער פּראָגראַם. און דערפֿאַר האָבן „די יונגע“ געשאַפֿן זאַמלביכער, געווידמעט דער שיינער ליטעראַטור, אַלס אַזעלכער, און דער ליטעראַרישער קריטיק, וואָס איז פֿרײַ פֿון סאָציאַל־נאַציאָנאַלע טענדענצן. זיי זײַנען געוואָרן זייערע אייגענע רעדאַקטאָרן. דערבײַ איז, בלי ספֿק, געווען ניט ווייניק ייִנגלשע האָפֿערדיקייט, און דער טאָן האָט געקלונגען אפֿשר צו שטאַרק „רעוואָלוציאָנער“, נאָר קיין נײַע וועלטן האָבן זיך „די יונגע“ נאָך ניט געקליבן צו אַנטדעקן. קיין „נײַע וועגן“, וואָס קיין בן־אָדם איז אויף זיי ניט געטראָטן, האָט מען ניט געהאַט בדעה דורכצוברעכן. פֿאַרקערט, מען האָט זיך בלויז געמיט נענטער צו ברענגען דעם ייִדישן לייענער צו דער מאָדערנער קינסטלערישער וועלט־אָנשויונג, צו באַקענען דעם ייִדישן עולם מיט די נײַעסטע שאַפֿונגען פֿון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. דאָס ווירקלעך נײַע און יונגע בײַ די דעמאָלטיקע „יונגע“ איז געווען דער טאָן — אַ פֿרישער און אַקטיווער, און די שפּראַך — זיי האָבן זיך געסטאַרעט צו שרײַבן אַ ריינעם פֿאָלקסטימלעכן ייִדיש, אָן דער ווײַטשמערישער און ענגלישער פּסולת, וואָס האָט אַזוי פֿאַרשמוצט די עלטערע ליטעראַטור.

די הײַנטיקע „יונגע“ זײַנען אָבער שוין ווײַט אַוועק פֿון יענער שיינער „העראָיִשער“ צײַט. ווי זיי זײַנען אַמאָל געווען געאייניקט אין די אידעאַלן, ווי אויך אין קינסטלערישן געשמאַק, זײַנען זיי אַצינד צעטיילט און פֿונאַנדערגעגאַנגען. בײַ געניטערער באַקאַנטשאַפֿט דערקענט מען צווישן „די יונגע“ גאַנצע פֿיר פֿאַרשיידענע גרופּעס.

ניו־יאָרק 1915

## פֿון „אַן אָפֿענער בריוו צו די „יונגע"

...אונדזערע „יונגע" האָבן זייער אייגנס: טאַלאַנט, עקשנות, אידעאַליזם, מוזיק, פֿאַנטאַזיע, אַ פּלאַסטישע ראיה, שיינע מתּנות פֿון זײַן ליבן נאָמען. נאָר דאָס איז ניט גענוג. זיי פֿעלט: אַרבעט, וויסן, באָדן, שפּאָרעוודיקייט אין צײַט, שפּאָרעוודיקייט אין רייד, נאָר פֿאַר אַלעמען און נאָך אַלעמען פֿעלט זיי זעלבסטקאָנטראָל. און זיי האָבן אויף זיך אַן אָנשיקעניש: דעם נאָמען „יונגע", וואָס זיי האָבן זיך אַליין געשענקט.

אַ נאָמען איז מחייבֿ. אַ נאָמען דאַרף מען פֿאַרענטפֿערן. און גראָד דער נאָמען „יונגע" — אַ דירעקטע אַרויספֿאָדערונג: „מיר" ועלן „אײַך" ווײַזן דאָס נײַע, דאָס ניט־געזעענע, דאָס קומענדיקע. און דער נאָמען שנײַדט זיך אַרײַן אין דעם נאַטירלעכן אוממיטלבאַרן שפּיל, ווי אַ פֿרעמדע, זײַטיקע דיקטאַטור.

אין זייערע לידער איז דאָך אָפֿט מאָל אויסגעגאָסן אַזוי פֿיל אוממיטלבאַרע שיינקייט. זייערע מעשׂיות זײַנען דאָך אָפֿט אַזוי באַצויבערנדיק גראַציעז. זייערע טראַדיציעס אָפֿט אַזוי אומגעריכט שרעקלעך. און אַלצדינג אָפֿט דורכגעציטערט מיט דער אײדלסטער מעלאָדיע און באַלעבט מיט דער רײַכסטער פּלאַסטיק. נאָר שטענדיק איז פֿאַראַן דערבײַ עפּעס אויסגעקינצלטס, עפּעס אויסגעחנדלטס, אויסגעקוועטשטס. עפּעס וואָס נודיעט. דאָס שטאַמט פֿונעם נאָמען. פֿון דער התחייבֿות, וואָס מ'האָט אויף זיך גענומען צו זאָגן דאָס „נײַע וואָרט". דאָס איז גערעדט אַנטקעגן דעם פֿאַל, ווען זיי האָבן יאָ וואָס צו זאָגן. נאָר טאָמער טרעפֿט, חלילה, אַז מ'האָט גאָר צופֿעליק דאָס אויך ניט? אַך, ווי ס'טרעפֿט...

...האָבן „די יונגע" אַן אויסרייד: מ'פֿאַרשטייט זיי ניט און מ'וויל ניט פֿאַרשטיין. דערקלער איך ווידער פּשוט, האַרט און נאַקעט: איך פֿאַרשטיי. נאָך בעסער, איך באַנעם, און איך דאַרף זיך גאָר ניט אָנשטרענגען דערצו.

...האָב איך צו אײַך אַ פּאָר אונטערשטע שורות און בקשות.

די נײַע קונסט מוז ערשט קומען. אײַער „יונגע" קונסט איז דערווײַל ניט מער ווי אַ סעריע פֿון עקספּערימענטן, געלונגענע און ניט־געלונגענע. און ווען איר עקספּערימענטירט, מוזט איר זײַן פֿרײַ פֿון די אַלטע פֿאָרמען, אַלטע נאָרמעס, אַלטע געזעצן און טראַדיציאָנעלע פֿאָראורטיילן. איר ווילט זײַן פֿרײַ — זייער שיין, ריכטיק ווי גאָלד. נאָר זײַט זשע פֿרײַ, און דאָס זײַט איר ניט. איר

ווילט זיך ניט בינדן מיט אַלטע אײַנריידענישן, מיט די תּרי״ג מצוות פֿון פֿאַרצײַטיקער עסטעטיק — צו וואָס זשע בינדט איר זיך הענט און פּיס מיט אײַער אייגענעם פֿאָראורטייל, מיט אײַער אויסגעמוטשטן נאָמען „יונגע“? צו וואָס מאַטערט איר זיך צו זײַן דווקא „יונגע“, דווקא „אָריגינעל“, דווקא „אומפֿאַרשטענדלעך“? בוקט זיך ניט פֿאַר ווערטער און מאַכט זיך ניט קיין געטשקעס פֿון צונעמענישן און פֿון פּרעטענזיעס. און ענדלעך, רעדט נאָר דעמאָלט, ווען איר האָט וואָס צו זאָגן, און ווען איר פּילט, אַז דאָס, וואָס איר ווילט זאָגן, וועט אויך בלײַבן. ווען איר ווייסט, אַז דאָס געזאָגטע וועט זיך אײַנקריצן אין די איבערלעבונגען פֿון אײַערע לייענערס. פֿאַרלירט מער צײַט אויף אַרבעט און אויף זעלבסטקאָנטראָל: וועט איר אָפּשפּאָרן צײַט בײַ אײַערע לייענערס און בײַ אײַער דור.

נ״י 1915

ד׳אַברוצי

# ווידער אַ מאָל „די יונגע“

## אונדזער פֿרײַנד באָראָכאָוו

...אונדזערער אַ פֿרײַנד איז ב. באָראָכאָוו: אַזוי פֿאַרזיכערט ער אונדז, און מיר הייבן־אָן צו גלייבן, אָבער אַ גאַנץ־אייגנאַרטיקער פֿרײַנד. ער ווייסט, אַז מיר האָבן טאַלאַנט, עקשנות, מוזיק, אַ פּלאַסטישע ראיה — אַלץ מעלות. האַ, אָבער צוריקגערעדט זײַנען אונדזערע מאָטיוון גאַנץ פֿאַרעלטערטע, געקינצלטע און מיר ניט מער ווי יונגינקע בטלנים, פּעיִקע אימיטאַטאָרן. ניין, ער מיינט דאָס ניט. צו שאַרף זיך אויסגעדריקט: ער אַליין איז אַ מאָדערנער מענטש, אַ גאַנצער מאָדערניסט, אַ כּפֿל־שמונהדיקער פֿוטוריסט. ער באַנעמט אונדז זייער גוט! און לויבן קען ב. באָראָכאָוו, ער דאַרף נאָר האָבן חשק און אַ ביסל צײַט — אַ שטאַרק פֿאַרנומענער מענטש! אַ רחמנות, דערציילט ער, אַז אונדזערע מעשׂיות זײַנען אָפֿט אַזוי באַצויבערנדיק גראַציעז, אונדזערע טראַגעדיעס — אומגעריכט שרעקלעך און אַלצדינג איז באַלעבט מיט דער ריינסטער פּלאַסטיק און אײדלסטער מעלאָדיע. דאָס זײַנען אַלץ מיר: אונדז מיינט עס ב.

באַראַכאָוו, אונדזערע מעשׂיות און טראַגעדיעס. אַ גוטער פֿרײַנד! אָבער נאָך האָט ער ניט פֿאַרענדיקט די אַלע אומגעלומפּערטע לויב־געזאַנגען, ווי ער דונערט: נעוואַסטעניקערס, נעוואַפּאַטן, סימו־לאַנטן, דאָס גאַנצע ביסל נאַרדוי־אָרעמקייט פֿון פֿאַר דרײַסיק יאָרן! אַ מאָדערניסט און שעמט זיך ניט זײַן אַזוי אָפּגעשטאַנען.

הייסט עס, אַ קעגנער, ווער, וואָס? אַזאַ פֿרײַנד! ער זאָל עס זײַן קעגן יונגע? ער איז אַן איבער־פֿוטוריסט, אַ טיף־רעוואָלוציאָ־נערער מענטש, ער האַלט מיט אונדז. נאָר ניט אַרײַנרעכענען אים צווישן יענע אומאויפֿריכטיקע פֿײַנד, וואָס ווילן ניט לײַדן עפּעס נײַס. יענע טענהן, אַז מיר זײַנען משוגעים, סענסאַציאָנאַליסטן, אי־מיטאַטאָרן. ער איז ניט פֿון יענע. וויל ניט זיצן אין זייערע ד׳ אמות; גרענעצט זיך אָפּ פֿון זיי; זאָגט זיי מוסר. ער, באַראָכאָוו, איז אַ צוקונפֿטמענטש, אַ היפּער־מאָדערניסט, אַן אונדזעריקער. אָבער האָט ער זיך אָפּגעגרענעצט פֿון זיי, זאָגט ער אונדז אויך אַ ביסל מוסר: גאַנץ אומאָריגינעלע יונגען, גאַנץ אומוויסנדיקע, האָבן אַ פֿול מויל, שרײַבן אָפּט אין דער וועלט אַרײַן, זײַנען גאָר ניט פֿוטוריסטיש...

...ב. באַראָכאָוו מיינט אַלץ אונדזער טובֿה און — זײַנע אויך. אַ וויסנשאַפֿטסמאַן, אַ פֿלײַסיקער אַרבעטער און האָט אויסגעדרונגען פֿון זײַן מאַטעריאַליסטיש־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, אַז דאָס לעבן לויפֿט שנעלער ווי די קונסט און דעריבער קענען מיר גאָר ניט זײַן גענוג מאָדערניסטיש, מוזן זײַן אָנגעשטעקט מיט שטימונגען, נאַרישע אינדיווידואַליטעטן. אָבער איז דאָס גאַנץ נאַטירלעך און פֿאַרשטענד־לעך פֿון איין זײַט, וויל ער אָבער פֿון דער אַנדערער זײַט, אַז מיר זאָלן טאָן דאָס, וואָס קיינער האָט נאָך ניט געטאָן: פֿאַרלויפֿן דער צײַט דעם וועג, איבעריאָגן זי און זײַן דאָס, וואָס מיר קענען ניט זײַן. ער האָט קיין צײַט ניט — אַ פֿאַרנומענער מענטש, הייסט ער אונדז אײַלן זיך. אָבער מיר האָבן צײַט גענוג און ווילן ניט ברעכן האַלדז־און־נאַקן, און האַלטן נאָך ניט פֿאַר אונדזער פֿליכט צו זײַן איבעריונג. שפּאָגלנײַ, די לעצטע פּראָבע. צי לויפֿט דאָס לעבן טאַקע שנעלער פֿון דער קונסט — ווייס איך ניט. אָבער זאָגט איר, אַז איר ווייסט, טאָ וואָס פֿאָדערט איר פֿון אונדז דאָס אוממעגלעכע?

אַ מענטש, וואָס איז זייער שטאַרק פֿאַרנומען, איז פֿאַרשטייט זיך אַ שׂונא פֿון שטימונגען. באַראָכאָוו הייבט ניט אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס מאַכן מיר, די יונגע, אַזאַ וועזן פֿון שטימונגען: אַלט ווי די וועלט. אַפֿילו כינעזער האָבן געהאַט צעפּ און — שטימונגען. הײַנט שטערט דאָס אַ מענטשן, וואָס דאַרף מאַכן אַ לעבן, אין זײַן אַרבעט.

...דערלויבט מיר אײַך צו דערציילן, אַז אויף דער וועלט זײַנען פֿאַראַן אויך אַזעלכע שרײַבערס, וואָס האָבן אַבסאָלוט ניט אין זין זייערע לעזער שרײַבנדיק. דאָס איז, דוכט זיך, כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אונדז, ייִנגערע, און דאָך איז דאָס גאָר ניט אַזוי אומוויסנשאַפֿטלעך, אַזוי נאַריש. אַזאַ געזעץ. מיט זיך אַליין קאָן נאָך דער שרײַבער האָפֿן ווען ניט איז, ווי ניט איז אויסקומען. אָבער האָבן אַ מגע ומשׂא מיטן לעזער הייסט קריכן אין אַ זומפּ, פֿון וועלכן דו וועסט ניט אַרויסקריכן, און ניט דערפֿאַר, וואָס לייענערס זײַנען אומריינע באַשעפֿענישן, נאָר ווײַל קעלנערײַ איז אַן אומריינע באַשעפֿטיקונג, און דערלאַנגען דעם געערטן פּובליקום, וואָס ער פֿאַרלאַנגט, הייסט קוילען די נשמה. דאָס ווילן מיר, ייִנגערע, ניט טאָן: מיר זײַנען ניט קיין גזלנים.

...דאָס, וואָס טרײַבט צום שרײַבן, איז עפּעס אַזוינס, וואָס אַנטקעגן אים איז דער לעזער ניט מער ווי אַש און שטויב. אײַ, וואָס מיר דרוקן זיך? איז דאָס אַ סתּירה, ניט די ערשטע און ניט די לעצטע!

איז ניט לאָגישער צו זאָגן, אַז ניט דער שרײַבער דאַרף הערן דעם לעזער, נאָר דער לעזער — דעם שרײַבער? ניט איך וועל זיך צופּאַסן צו אים, נאָר זאָל ער זיך צופּאַסן צו מיר. ווייל דאָס דער לעזער ניט טאָן, טאָ צו וואָס קוקט ער אַרײַן אין מײַנע זאַכן? וויל ער מיך פֿאַרשטיין, מוז ער מיר נאָכגעבן, מיר זיך אָפּגעבן, מיר נאָכגיין, מיר נאָכלויפֿן, מײַנער זײַן און ווערן. אָדער — איך דאַנק פֿאַר דער ערע.

...אַ שטאַנדפּונקט האָב איך אַזאַ: שלמה נגיד וועט אַשס עפּאָפּייעס ניט לעזן. ער לייענט גלאַט ניט ביכלעך. אַ שאַנדע! אַ געשעפֿט פֿאַר ווײַבער, דינסטמיידלעך אָדער דײַטשן, משׂכּילים. און י. ל. פּרצעס חסידישע מעשׂיות וועלן די אמתע חסידים אין האַנט ניט נעמען: טריפֿה, שטות, אַפּיקורסות; מוז זײַן אַן אָפּשפּעטער און דערציילט אונדזערע סיפּורי־מעשׂיות מיט אַ כּוונה, מיט שלעכטער כּוונה. דאָס פֿאָלק דאַרף ניט זײַנע קלאַסיקערס. ווייסט ניט, וואָס דאָס איז פֿאַר אַן אָנשיקעניש. אָבער אַנדערש איז עס מיט אונדז, מיט מיר. איך וויל ניט זײַן קלאַסיקער. איך שרײַב ניט פֿאַרן פֿאָלק, פֿאַר דער נאַציע. ניט שרײַבנדיק אַפֿילו פֿאַרן לעזער, ניט אָנזעענדיק אים, האָבן מיר דאָך אונדזערע לעזער, וואָס שלינגען אונדזערע ווערטער. פּרץ איז טראַדיציע, אָבער איך בין נאָך לעבעדיקע קעגנוואַרט. פֿון פּרצן מוז יעדער האַלטן, אויב ער וויל ניט גערעכנט ווערן פֿאַר אַ

משוגענעם אָדער עזות־פּנים, אָבער מיך מעג ווער עס וויל נאָך אויסלאַכן. י. ל. פּרץ איז שוין אַ בלעטל אין דער געשיכטע פון אַ ליטעראַטור, אַ גלענצנדיק בלאַט, דאָס גלענצנדסטע — זייער גוט! צוגעגעבן! אָבער דאָך אַ קאַפּיטל. און איך, דער קאַפּיטלען־שרײַבער, אויטאָר, מענטש, אַ שונא און — אַ גוטער פֿרײַנד — עפּעס וואָס לעבט און האָט האָפֿענונגען.

„ליטעראַטור און לעבן", 3טער יאָרגאַנג נ׳ 3, נ״י 1915



מאַני לייב

## טויבן - שטילע

טויבן־שטילע, בלויע אָוונט־שטונדן!
שפּרייט פֿאַר מיר מײַן אָוונטרוים צעשפּרייטער!
איצטער — איצטער ברענען רויטער, רויטער
מײַנע שטילע רויזן — מײַנע ווונדן.

איצטער שטאַרבט אין גאַסן דער געפּילדער;
טריט און ווערטער הילכן שטילער, ווייכער;
אויגן, בענקענדיק נאָך אויגן, קוקן בלייכער,
הענט אין הענט געדריקטע ריידן עפּעס מילדער.

איצטער ווערט מײַן בענקשאַפֿט גאָלד געצונדן.
הייסער ווערט מײַן בלוט, מײַן אויג ווערט ברייטער!
איצטער... איצטער ברענען רויטער, רויטער
מײַנע רויטע — מײַנע ווונדן!

נ״י 1907

# דו האָסט אין דער ווייט

דו האָסט אין דער ווײַט פֿון מײַן וועג מיר אַ שײַן אָנגעצונדן,
כאָטש דו ביסט קיין מאָל ניט געווען און וועסט קיין מאָל ניט זײַן.
און איך בין געגאַנגען צום שײַן אויסגעמאַטערט אין וווּנדן —
ווײַל כ'האָב דיך געזען אין דעם שײַן.

אָט האָב איך דערגרייכט שוין דעם שײַן — און דער שײַן איז
פֿאַרשוווּנדן,
בין איך אין דער פֿינצטער געפֿאַלן פֿאַרלאָזט און אַליין,
האָסטו זיך גענייגט איבער מיר און מיט ליבע געקושט מײַנע וווּנדן,
און איך האָב געהערט דײַן געוויין.



איציק מאַנגער

„מאַני לייב איז געווען דאָס שײַנדל פֿון די יונגע. דער ליריקער פּאַר עקסעלאַנס. אַ מין יוסף צווישן די ברידער־פּאָעטן, נאָר אָן דער קנאה פֿון די ביבלישע ברידער. פֿאַרקערט, די ברידער־פּאָעטן האָבן זיך געגרויסט מיט אים. זיי האָבן אים אַליין אָנגעטאָן דאָס זײַדענע יחוס־העמדל, וואָס האָט אים גע־פּאַסט אויסגעצייכנט".

(פֿון בוך נאָענטע געשטאַלטן)

## דיין ליכט

ניט אין דעם גרויען שטויב פֿון דײַנע קלוגע ספֿרים
און ניט אין דײַנע הייליקע און שיינע קברים,
נאָר אין דײַן גרויסן גורלס האַרטן אָנגעזיכט
האָב איך דערזען דײַן ליכט.

און אין דײַן מאַמעס אַלטע לײַדנדיקע אויגן,
ווען זי האַלט בענטשנדיק די דאַרע הענט פֿאַרבויגן
פֿאַר אירע ליכט פֿון שבת אויף מײַן קינדס געזיכט,
האָב איך דערזען דײַן ליכט.

## הייב - אויף די אויגן

הייב־אויף די אויגן, זע: די נאַכט וועט באַלד פֿאַרהילן
די שטאָט ניו־יאָרק אין נעפּל בלוי און לײַכט און ווייך.
און אין מיליאָנען פֿענצטער גאָלדיק־רויט און בלייך
באַלד וועלן זיך מיליאָנען לאָמפּן ליכט צעשפּילן.

און העל־באַלויכטענע די באַנען וועלן ברילן,
ווי שלאַנגען פֿליִענדיק דורך דעכער אין דער הויך
און אונטן וועלן ראַיִען זיך אין רעש, ליכט און רויך
טראַמוויַען, פֿורן, מענטשן און אויטאָמאָבילן.

און דײַנע אויגן זײַנען קאַלט און אויסגעלאָשן.
זיי פֿירן דיך אין רעש פֿון די גאַסן אום,
נאָר פֿרעמד איז דיר די וועלט, וואָס רינגלט דיך אַרום.
דו הערסט אַ פֿרעמדן אומבאַקאַנטן לשון,
דו הערסט, דאָס פֿרעמדע לעבן רעדט, נאָר שטום
די ליפּן דײַנע זײַנען — שטום און צוגעשלאָסן.

## אויף דיין רוף

אויף דײַן רוף צו מײַן אײביקן וואַנדער
אין דער ווײַט אויף דער פֿינצטערער טיף
קער איך אָפּ פֿון דעם האַפֿן מײַן שיף,
לאָז איך ברייט מײַנע זעגלען פֿונאַנדער.

פֿאַר די אויגן אַ נײַעם, אַ פֿרײַען
האָט די ווײַט מיר געעפֿנט אַ וועג —
און פֿון הינטן ווערט גרויער דער ברעג
און די מעוועס אַלץ שטילערער שרײַען.

## פֿון שטויב

פֿון שטויב האָט גאָט מיך אויפֿגעהויבן
און מיך דערהויבן איבער אײַך,
אַז איך זאָל אײַער כּבֿוד לויבן,
אַז איך זאָל גרויסן אײַער נאָמען,
אַז ווען איך וועל ניט זײַן מיט אײַך,
זאָל זײַן מיט אײַך מײַן נאָמען. אָמן.

## שטילער, שטילער

שטילער, שטילער! רעדט ניט הויך,
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך.
אײַנגעבויגענע אין פּײַן
שווײַגט און האַלט דעם אָטעם אײַן!

פֿון דער טיפֿער נאַכט אַרויס
און פֿון קיינעם נײַט געהערט

וועט ער אויף אַ ווײַסן פֿערד
קומען שטיל צו אונדזער הויז.

פֿון זײַן לויטערן געזיכט
און זײַן קלאָרן ווײַסן קלייד
ווייען וועט אויף אונדז אַ פֿרייד,
פֿאַלן וועט אויף אונדז זײַן ליכט.

זײַט נאָך שטילער! רעדט ניט הויך!
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך,
אײַנגעבויגענע אין פּײַן
שטייט און האַלט דעם אָטעם אײַן.

אויב מען האָט אונדז אָפּגענאַרט
און מען האָט אונדז אויסגעלאַכט,
און די גאַנצע לאַנגע נאַכט
— האָבן מיר אומזיסט געוואַרט

וועלן מיר אין אונדזער בראָך
בייגן זיך צום האַרטן דיל
און מיר וועלן שווײַגן שטיל,
שטילער נאָך און שטילער נאָך.

זײַט זשע שטילער! רעדט ניט הויך!
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך,
אײַנגעבויגענע אין פּײַן
שטייט און האַלט דעם אָטעם אײַן...

## איך האָב מיין קאָפּ געבויגן

דאָס גרויסע אומגליק אײַערן האָב איך פֿאַרנומען,
דאָס אומגליק גייט מיר נאָך נאָך אַלע מײַנע טריט,
נאָר מיט קיין טרייסט בין איך צו אײַך דאָך ניט געקומען —
ווײַל טרייסטן קען איך ניט.

ווײַל טרייסטן קען איך ניט... נאָר טיף אין מײַן נשמה
האָט ווי דער סם־המוות רויטער אויפֿגעברענט
פֿאַר אײַער רײנער בלוט די הייליקע נקמה —
איז וואָס האָב איך געקענט?

איז וואָס האָב איך געקענט?... איך האָב מײַן קאָפּ געבויגן —
אויף זייער קאָפּ זאָל פֿאַלן אײַער ריינע בלוט,
און דו, מײַן זון, מײַן יינגעלע מיט בלויע אויגן,
ווערסט וויסן וואָס מען טוט?

## צו וועלכן האַפֿן?

צו וועלכן האַפֿן וועט דער ווינט אונדז ברענגען?
די וועלן הייבן זיך פֿאַר אונדזער שיף ווי טרעפּ,
ווי טרעפּ צו אָפּגרונטן, און שווערע נעפּלען הענגען
אויף אונדזערע גענייגטע קעפּ.

און ניט קיין לײַכטטורעמס, נאָר שווערע נעפּלען הענגען,
נאָר אָפּגרונטן דורך אָפּגרונטן, אָ, גאָט! דײַן האַנט,
וואָס טרײַבט די ווינטן אויפֿן ים, וועט אונדז ניט ברענגען,
אונדז, קליינינקע, צו אונדזער לאַנד!

## אויף מיין פענצטער

אויף מײַן קאַלטן, שוואַרצן פֿענצטער
שוועבט אַ שמעטערלינג אַרום,
צאַפּלט זיך און בעט זיך שטום
צו מײַן לעמפּל, צו מײַן לעמפּל.

קאַלט און פֿינצטער איז דער אָוונט...
טײַערינקע, קום־אַרײַן!
ווער פֿאַרברענט אין העלער שײַן,
קאַלט און פֿינצטער איז דער אָוונט...

נ״י 1908

## ניט וויין!

ניט וויין, ניט וויין, מײַן עלנט קינד!
דער סם פֿון צווייפֿלטרער מאַכט בלינד
דאָס ליכטיקסטע, דאָס צאַרטסטע אויג;
דײַן קאָפּ, דײַן גאָלד־באַלאָקטן, בייג
אין שטילן טרויער אויף מײַן ברוסט,
און שווײַג... און הער!... אין ווילדער לוסט,
אין בייזן, גרויזאַמען זאַווי[1],
צוואַרפֿנדיק דעם מדבר שניי,
די מכשפֿה — ווינטערנאַכט,
זי טאַנצט איר יובלטאַנץ און לאַכט...

ניט וויין, מײַן עלנט קינד, ניט וויין!
זײַ שטיל און זע... פֿאַרכישופֿט ריין

---

[1] שניישטורעם.

און מיידלש אומשולדיק ווי דו,
אין ציטעריקער, רויטער רו,
דאָס שטילע פֿײַער אין קאַמין
וועבט קלאָר זײַן גאָלדענעם געשפּין
פֿון טרוימען ניט דערטרוימטע פּראַכט,
אומזיסט געטרוימטע אין דער נאַכט...

ניט וויין, ניט וויין, מײַן אָרעם קינד,
די מכשפֿה־נאַכט איז בלינד!
נאָר ווען דער מאָרגן שטראַליק בלייך
אין פֿראָסטיק־בלויען זילבעררײַך
אַ רויקער, פֿאַרשנייטערהייט,
וועט ליגן אויף דעם פֿעלד צעשפּרייט —
און אין דער שנייִק־ווײַסער בלוי
דער ערשטער שליטן שוואַרצליכטגרוי
וועט דורכטאַנצן און וועט פֿאַרגיין —
דאַן וויין, מײַן עלנט קינד, דאַן וויין!

נ"י 1908

## עמעץ קלאַפּט אין מיין פענצטער

עמעץ קלאַפּט אין מײַן פֿענצטער, שטיל, שטיל אין דער שטיל...
כ׳גיי צום פֿענצטער אַ בלייכער מיט אימה־געפֿיל:
— ווערמען לאָזט עס די האַרבסטנאַכט ניט שלאָפֿן?
עמעץ איז פֿון מײַן פֿענצטער אַנטלאָפֿן...

דאָרטן, ווײַט, דאָרטן ווײַט, ווו דאָס פֿינצטערניש גרויט,
ווו די נאַכט האָט איר קיניגרײַך בלינדן געבויט,
אין אַ שלייער אַ שוואַרצן געשלייערט
עמעץ שפּילט דאָרט אַ בייזער און לויערט...

נ"י 1907

## נאַכט

זי וועט אַרומגיין בלינדערהייט,
מיט בלינדע פֿינגער טאַפּנדיק,
אין גאַסן אויסגעלאָשענע,
מיט בלינדע פֿינגער קלאַפּנדיק
אין פֿענצטער צוגעשלאָסענע.

זי וועט זיך זעצן בײַ אַ פּלויט,
די שוואַרצע האָר צעשויבערן,
אויף עמעצן צו לויערן
און עמעצן באַצויבערן,
און עמעצן באַדויערן...

נ״י 1910

## מעשה-לידער

בלימעלעך, קרענצעלעך מאָל אויף די שויבן דער פֿראָסט
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט.
ווויל איז אונדז איצטער בײַם וואַרעמען פֿײַער אין הויז!
ביזקל דער נאַפֿט אין דעם שטילינקן לעמפּל גייט־אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפּטשענען: „שפּעט,
צײַט שוין צו ליגן אין ווייכן, אין וואַרעמען בעט״ —
וועל איך בײַם וואָיענדן בלאָזן אין קוימען פֿון ווינט
לידעלעך מעשהלעך זינגען, דערציילן מײַן קינד.

אין אַזאַ נאַכט האָט אין וואַלד זיך געטראָגן אַ גוואַלד:
ס׳זײַנען גזלנים באַפֿאַלן אַ פּריץ אין וואַלד.
צוויי פֿון די קוסטן און איינער פֿון הינטער אַ בוים,
יענע צום פּריץ און איינער צום פֿערד פֿאַרן צוים.

איז בײַ דעם פּריץ געװעזן אַ ברען, ניט קײן פֿערד,
אַז ער פֿלעגט לויפֿן — אַנטלויפֿן פֿון אים פֿלעגט די ערד.
איז װי דאָס פֿערד האָט פֿאַר זיך די גזלנים דערזען,
האָט עס דערפֿילט, אַז אָט באַלד װעט אַן אומגליק געשען.
און אַז עס גיט זיך עס ראַפּטאָם אויף דובאָם [1] אַ שטעל!
אָט און עס רײַסט זיך אַרויס פֿון זײַן אײגענער פֿעל.
און אַז עס גיט אין דער לופֿטן דעם שליטן אַ דרײ!
אַזש די גזלנים דערשראָקענע — באַץ אין דעם שנײ!
אַזש די גזלנים דערשראָקענע לויפֿן־אַװעק,
לאָזן אין שנײ ערגעץ ליגן די בליצשאַרפֿע העק,
און פֿון דעם פֿערד איז לאַנג שוין קײן סימן ניטאָ,
נאָר אויפֿן שנײיִקן פֿעלד, װי אַ פּינטעלע גרוי.
שפּרינגט ער אַ װילדער, אַ װילדער — אַ שפּרונג און אַ מײַל!
לאָזט דאָ און דאָרט נאָך זיך איבער אַ שנײיִקן זײַל.
שפּרינגען די מײַלן אַהינטער, פֿעלד־אויס און פֿעלד־אײַן.
ס'האָט שוין דעם מזרח געצונדן דער מאָרגיקער שײַן,
װײַטער און װײַטער, און העל האָט די זון אויפֿגעפּראַלט,
העל אויפֿגעפּראַלט און די שנײיִקע פֿעלדער באַשטראַלט.
טראָגט זיך דאָס פֿערד װי אַ װילדער, באַגאָסן מיט שוים,
פֿילט ניט די ערד אונטער זיך און אויף זיך ניט קײן צוים,
פֿילט זיך אַ פֿלינקער, אַ גרינגער — אַ שפּרונג און אַ מײַל,
לאָזט דאָ און דאָרט נאָך זיך איבער אַ שנײיִקן זײַל.
ס'האָט שוין די זון זיך צום טונקעלן מערבֿ גענײגט,
האָט אויף די פֿעלדער איר אָפּגלאַנץ איר לעצטן געלײגט.
װײַטער און װײַטער. און גרוי איז געקומען די נאַכט.
דאָס האָט אַ בלאָנדזשענדער װינט זי פֿון ערגעץ געבראַכט.
טראָגט זיך דאָס פֿערד װי אַ װילדער אין נאַכט מיטן װינט,
אָט — און אַ דאָרף שוין באַװײַזט זיך, באַװײַזט זיך, פֿאַרשװינדט.

---

[1] אויף די הינטערשטע פֿיס.

טראָגט זיך דאָס פֿערד ווי אַ ווילדער — דאָרף־אויס און דאָרף־אײַן;
אָט, אָט און עס איז אין אייגענעם דאָרף שוין אַרײַן.
אָט, אָט — און עס האַלט שוין אײַנעט זײַן ווילדן גאַלאָפּ,
אָט — און עס שטעלט שוין בײַם פּריציש פּאַלאַץ זיך אָפּ.
ס׳איז שוין די מעשׂה געווען אויפֿן צווייטן מעת־לעת,
ס׳איז אין צעבראָכענעם שליטן געלעגן דער פּריץ — אַ מת.
האָט אויפֿן הויף זיך צעבולן דער הונט אויף אַ קייט,
ער האָט אַ פּנים דערשמעקט פֿון דער נאָענט דעם טויט.
האָט ער געבולן, געבולן, געריסן די קייט אַזוי לאַנג,
ביזקל עס האָט זיך פֿון שליסלען דערהערט אַ געקלאַנג,
און אַ באַדינער, פֿאַרשלאָפֿן און װאָרטשענדיק בייז,
מיט אַ לאָמטערן אין האַנט איז צום טויער אַרויס.
זעט דער באַדינער דאָס פֿערד אַ פֿאַרסאָפּעטן שטיין —
גיט ער צום שליטן אַ לויף און — דערשרעקט זיך אַליין:
און די לאָמטערן — אַ פֿינקל, אַ פֿאַל אינעם שניי!
לויפֿט דער באַדינער צום פּאַלאַץ מיט ווילדן געשריי.
באַלד האָט דער פּאַלאַץ באַלויכטן געשײַנט אין דער נאַכט.
מען האָט דעם פּריץ אַ טויטן אין פּאַלאַץ געבראַכט,
מען האָט געפֿונען אין טויטנס פֿאַרגליווערטער האַנט
פּערל — דער ווײַב אַ מתּנה — אַ גאַנצענעם באַנד.

בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבן דער פֿראָסט
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט —
גוט איז אונדז איצטער בײַם פֿריילעכן פֿײַער אין הויז!
ביזקל דער נאָפּט אין דעם שטילינקן לעמפּל גייט־אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפּטשענען: „שפּעט,
צײַט שוין צו ליגן אין ווייכן, אין וואַרעמען בעט".
וועל איך בײַם וואָיענדן בלאָזן אין קוימען פֿון ווינט
מעשׂהלעך לידעלעך זינגען, דערציילן מײַן קינד.

אין אַזאַ נאַכט האָט אין וועג זיך געלאָזן אַ ייִד,
אונטערן אָרעם אַ פּעקל, טויט־הונגעריק, מיד,
נאָר מיט בטחון אין האַרצן צום האַר פֿון דער וועלט,
שלעפּט ער זיך עלנט אין אָפֿענע שנייִיקן פֿעלד.
פֿעלד הינטער אים און פֿאַר אים, אין דער ווײַט, אין דער ברייט,
שניי איז אים איבער די קני און דער וועג איז פֿאַרוויט,
און ווי אַ פֿויגל אַ ווילדער טראָגט אום זיך דער ווינט,
הורבעט־אָן שניי, גיט אַ דריי אין דער לופֿט און פֿאַרשווינדט,
קומט באַלד צוריק, רײַסט דעם ייִדן די פּאָלעס און באָרד,
קוים מיט די כּוחות דער ייִד האַלט זיך אײַן אויפֿן אָרט.
הייבט־אויף דער ייִד צו דעם הימל מיט רחמים זײַן בליק:
— גאָטעניו, ברענג דו בשלום אַהיים מיך צוריק!
נאָר איבער אים איז דער הימל אַ גרויער ווי בלײַ,
און אַרום אים טראָגט דער ווינט זיך אַ ווילדער און פֿרײַ.
הערט ניט דער הימל דעם ייִדנס געבעט און געשריי,
שטויסט אים דער ווינט און ער וואַרפֿט אים אַ מידן אין שניי.
אויפֿשטיין פֿון שניי האָט שוין מער ניט קיין כּוח דער ייִד,
עפּעס אַ פֿוילקייט אַ זיסע פֿילט־אָן יעדן גליד
און אין די ביינער צעגיסט זיך אַ וואַרעמע רו,
אָט, און די אויגן פֿאַמעלינקע שליסן זיך צו.
פּלוצלינג — ער גלייבט זיך אַליין ניט: אַ קרעטשמע זאָל זײַן?!
ס'שלאָגט אין דער נאַכט פֿון אַ פֿענצטער אַ פֿריילעכער שײַן,
ס'ריפּעט דער ווינט מיטן טויער, מאַכט־צו, עפֿנט־אויף,
שליטנס געלאָדן מיט סחורות פֿיל שטייען אין הויף
און בײַ די שליטנס פֿאַרבונדענע שטייען די פֿערד,
עסן דעם האָבער און רײַסן דעם שניי ביז דער ערד.

פֿרייט זיך דער ייִד, וואָס דער בורא האָט אין אַזאַ נאַכט
אים צו אַ מענטשישן ישובֿ בשלום געבראַכט.
קלאַפּט ער אין טיר, און מען עפֿנט אים באַלד — ס'אַ פֿרייד!

פֿריילעכע ייִדישע פּנימער, ייִדישע רייד!
איבער דער שטוב גיסט דער הענגלאָמפּ אַ ליכטיקייט אויס,
ס'טראָגט זיך אַ ריח פֿון בראַנפֿן און טאַבאַק און שוויס.
גיבן די ייִדן אים שלום — — — „פֿון וואַנען אַ ייִד?"
לאַכט ער: אַז ער האָט געלאָזט זיך צו פֿוס פֿון יאַריד,
און אַז דער וועג איז געווען אַ ביסעלע שווער,
האָט ער געבלאָנדזשעט ביז ער האָט געטראָפֿן אַהער.
לאַכן די ייִדן מיט אים, נאָר זיי ווערן באַלד שטיל...
יעדערנס האַרצן פֿולט אָן אַ רחמנות־געפֿיל,
יעדערנס פּנים און שטערן ווערט כמורנע, פֿאַרטראַכט:
„ווי לאָזט אַ ייִד זיך צו פֿוס גיין אין אָט אַזאַ נאַכט?!"
ווערט באַלד דער טיש מיט מאכלים און בראַנפֿן געגרייט,
וואַשט זיך צום עסן דער ייִד, מאַכט המוציא אויף ברויט,
זאָגט צו די ייִדן לחיים — „לשלום, ר' ייִד".
עסט ער און טרינקט, און אַ וואַרעמע, זאַטיקע פֿריד
גיסט זיך, צעגייט אין זײַן האַרץ, אַז דאָס לײַב ווערט אים הייס,
ווישט מיט דער האַנט אַז פֿון פּנים דעם וואַרעמען שוויס.
עסט ער און טרינקט, און ער עסט, אַז עס גייט שוין ניט מער,
בענטשט ער, און ס'שײַנט אין זײַן אויג אַ גאָטפֿאַרכטיקע טרער.
איצטער וואָלט ער מיט די ייִדן געשמועסט ביז שפּעט!
אָבער עס וואַרט און עס ווינקט אים דאָס פּוכאָווע בעט,
אָבער די ביינער, דערוואַרעמטע, גאַרן נאָך רו,
און ווי פֿון זיך זײַנע אויגן האַלב שליסן זיך צו,
און צו דעם קישן עס ציט זיך און נייגט זיך דער קאָפּ,
פֿאַלט ער אַזוי אין די קליידער אין בעט ווי אַ סנאָפּ.

פּלוצלינג דערפֿילט ער זײַן האַלדז ווערט צוזאַמענגעדריקט,
עמעצער וואַרפֿט זיך אויף אים, אַז דער אָטעם פֿאַרשטיקט!...
און ער דערזעט באַלד זײַן ווײַב און די קינדערלעך שטיין,
ברעכן די הענט, ברעכן־אויס אין אַ ביטער געוויין,

אוי, ניט געווײנט האָט זײַן ווײַב און קײן לײַבלעכעס קינד,
נאָר איבער אים אויפֿן פֿעלד האָט געוואָיעט דער ווינט.
מאָרגן פֿרימאָרגן, ווען שטיל נאָך געשלאָפֿן איז גאָט,
זײַנען שוין גויִים מיט שליטנס געפֿאָרן אין שטאָט,
האָבן די גויִים געפֿונען דעם ייִדן פֿאַרוויִיט,
האָבן די גויִים געפֿונען דעם ייִדן שוין טויט.
האָבן די גויִים אַרום זיך דעם טויטן צעשטעלט,
האָבן זײַן פּעקל צעעפֿנט: „האָ, האָ, וויפֿל געלט!"
האָבן די גויִים זײַן טלית און תּפֿילין באַטראַכט.
אײנער אַ גוי האָט גאָר גראָב אויפֿן קול זיך צעלאַכט,
אָבער די אַנדערע זײַנען געשטאַנען ווי שטום
און נאָך אַנאַנד זיך געצלמט דערשראָקן און פֿרום.

בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די אויבן דער פֿראָסט
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק, בלאָזט. —
גוט איז אונדז איצטער בײַם פֿריילעכן פֿײַער אין הויז!
ביזקל דער נאַפּט אין דעם שטילינקן לעמפּל גייט־אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפּטשען: „שפּעט,
צײַט שוין צו ליגן אין וויכן, אין וואַרעמען בעט".
וועל איך בײַם וואָיענדן בלאָזן אין קוימען פֿון ווינט
מעשׂהלעך לידעלעך זינגען, דערציילן מײַן קינד.

נ"י 1913

דוד איגנאַטאָוו

## צוויי קרעפּטן

### אַ קאַפּיטל פון דער דעבוט־נאָוועלע

„געפלויגן געפלויגן דער גאָלדענער פויגל
איבער אַלע ימען —
לאָז זשע געריסן, דו, גאָלדענער פויגל,
דער ליבהאַרציקער מאַמען".
פאָלקסליד

לאַנג האָט ער אויף זײַן דראַמע אין דער נעץ געאַרבעט. פֿון פֿיל צוליב דעם זיך אָפּגעזאָגט. אַרום די וואַרעמסטע פֿון לעבן האָט ער זיך פֿאַרעקשנט געדרייט בלויז רונד־און־אַרום.

ניט איין מאָל פֿלעגט אים אויסקומען צו עפֿענען ברייט זײַנע אויגן, אָנשטרענגען זייער גאַנצע זעונגסקראַפֿט און ווי צעשראָקן אַרײַנקוקן אין דעם אָדער יענעם לעבנספּלאַם, וועלכער פֿלעגט זיך פּלוצלינג אַרײַנברעכן אין די שטענדיקע וואָלקנס, וואָס אַרום אים.

און ווען ער האָט אין איינעם פֿון אַזעלכע מאָמענטן פֿאַר זיך דערזען די גלוטיק־פֿרישע שלאַנקע פֿריידל, מיט די אויגן דערפֿילט די ווייכע רונדע אַקסלען, דעם יוגנטלעך־צאַפּלענדיקן בוזעם, דערזען די פֿריש־שפּילנדיקע רויטקייט אויף די פֿולע באַקן, די בלויע ווייך־גלעטנדיקע אויגן, די צוויי דיקע צעפּ, וועלכע זי פֿלעגט גאַנץ אומשולדיק אויסלייגן אויף איר קאָפּ ווי אַ לאָרבערקראַנץ, איז ער גאָר מטושטש געוואָרן.

— וואָס הייסט?!... אַ?!... — איז אַ לענגערע צײַט געווען דער אויסדרוק פֿון זײַן פּנים, פֿון זײַנע ברייט צעעפֿנטע אויגן און פֿון אַלע זײַנע געננג.

און ער האָט בײַ זיך טאַקע באַלד אָפּגעמאַכט, אַז דאָס האָט אים דער טײַוול אונטערגעוועוטלט און זיך גענומען פֿריידלען פֿאַר־טרײַבן פֿון זײַן פֿאַרוואָלקנטן קעניגרײַך.

— כאַטש שוין אַ ביסל צו שפּעט... — דאַן, ווען זײַן לײַב האָט שוין געהאַט געפּילט די באַלזאַמפּולע וואַרעמקייט פֿון איר ווייכן, צאַרט־בויגזאַמען קערפּער.

אָבער דאַן!...

און פֿאַרעקשנט, ווי שטענדיק, האָט ער אַרויסגעריסן אויך דעם געשמאַקן ביסן, וואָס דאָס לעבן האָט אים אַזוי זעליק אונטערגע־טראָגן. ער וועט דאָך ניט אויסבײַטן זײַנע אידעאַלן אויף אַ „חתונה־בעט", ער מוז דאָך זײַן אַליין, אַלייניק, אַ נזיר — דער קונסט צוליב, צוליב דעם גרויסן קונסטווערק: אין דער נעץ..

אַ לאַנגע צײַט נאָך דעם ווי ער האָט זיך שוין פֿון איר „אָפּ־געטשעפּעט" האָט ער זיך נערוועז געביסן די ליפּן, געביסן ביז בלוט, ווי ער וואָלט וועלן זיך אַליין אויפֿעסן. מיט דער צײַט האָבן אים אָפּילו ווידער באַהערשט די בילדער, די אידייען פֿון דער דראַמע, אָבער דאָך פֿלעגט ער זייער אָפֿט, אין מיטן דערינען, דערפּילן, אַז ער בײַסט זיך די ליפּן... עפּעס צאַרט־בלויס, זײַדיקס, פֿלאַטערט פֿאַר די אויגן, דאָס האַרץ גיט זיך אַ צאַפּל פֿאַרקלעמט און די אויגן ווערן פֿול מיט וואַרעמקייט... און אַ פֿאַרדראָס פֿלעגט אויפֿברויזן אין זײַן האַרצן אויף דער קראַפּט, וואָס רײַסט זיך מיט אַזאַ גע־וואַלט אַרײַן אינעם פּאַקל — זײַן ליטעראַרישער נאָמען — און ער פֿלעגט, ווי פֿאַר כּעס, נאָך מיט מער פֿלייס, לײַדנשאַפֿט און אָפּערוויליקייט זיך נעמען שרײַבן און איבערשרײַבן, לייענען, פֿאַרשן, דענקען. עס פֿלעגן זיך טאַקע, וואָס ווײַטער, באַווײַזן נײַע האָרי־זאָנטן, נײַע שטערן, נײַע פֿינקלענדיקע קנאָספּן פֿון בליִענדיקע טרוי־מען. און הײַנט דער געדאַנק, אַז לאָז ער נאָר אַרויס מיט דער ערשטער דראַמע, זאָל ער נאָר אַרויפֿשווימען אַרויף, אויפֿן אויבן — דאַן... דאַן — — — פֿאַר זײַנע אויגן ציט זיך אַוועק אַ פֿעלד פֿול מיט מעכטיק צויבער, מיט אַן אויסטערלישן בלומענרײַך... און אויך דאָס פֿעלד וואַרט אויפֿן „דאַן"... ווי פֿרײַ און לײַכט ער וועט דאָס דעמאָלט קענען באַשענקען די וועלט מיט אָט דער נאָך ניט גע־זעענער שיינקייט.

ווען דער לאַנג דערוואַרטער „דאַן” איז שוין געוואָרן גאָר נאָענט, ווען ער האָט מיט ציטערנדיקע פֿינגער און מיט אַ ווילד־קלאַפּנדיקן האַרצן אויפֿגעשריבן די לעצטע עטלעכע שורות, וועלכע זײַנען אים אָנגעקומען שווערער ווי די אַלע אַנדערע — אפֿשר דערפֿאַר ווײַל דעם גײַסט ווילט זיך ניט מאַכן פֿאַר זעלבשטענדיק דאָס, וואָס איז אַזאַ לאַנגע צײַט געווען פֿון אים אָפּהענגיק, און ער מאַכט דערפֿאַר שווער־יקייטן בײַם לעצטן ריס... אויפֿגעשריבן און, ווי זיך אַליין ניט גלייבנדיק, זיי איבערגעלייענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל... אַ ווײַלע... און עס כאַפּט זיך וואָס אויף אין האַרצן צע־ציטערט... עס ווערט מיט אַ מאָל וואַרעם, מוטערלעך וואַרעם און די אויגן ווערן פֿול.

ענדלעך!... ענדלעך!... ענדלעך!...

און ער דערפֿילט ווי צום וויינען, טאַנצן, שפּרינגען, קלעטערן אַרויף, אַרויף!

מיט צעלאָזטע הענט, מיט אַ זונען־שמייכל אויף די ליפּן, מיט זונענגלאַנץ אין די אויגן האָט ער זיך גענומען צעלאָזט שפּאַנען איבערן צימער און טענהן צעשרײַט: „איצט... אָט איצט ערשט... נו, עס וועט זיך דאָס טאָן! עפּעס גאָר אַ קלייניקייט!... טע־טע!... נאַ... נאַ־נאַ!... פֿון מאָל צו מאָל איז ער געבליבן שטיין, זיך אײַנ־געקוקט אין דעם אָדער יענעם בילד פֿון דער דראַמע, וואָס איז פֿאַר אים פֿון דאָס נײַ אַנטשטאַנען. און הײַנט, וואָס עס וועט זיך דאָס טאָן אין זײַן אייגן שטעטל?! ער מיינט ניט גראָד, אַז דער אָדער יענע אינעם שטעטל זאָל פֿון דעם וויסן, נאָר עפּעס גלאַט — אין שטעטל...

—אָט צעשפּרייט זיך פֿאַר אים אַ פֿולער, וואַרעמער ליכטיק־בלויער הימל, אונטער וועלכן — צווישן ריינע באַלעבאַטיש־באַאַר־בעטע שוואַרצע פֿעלדער, באַקוויטלט מיט נאָר וואָס שפּראָצנדיקער גרינקייט, וואָס ציען זיך צופֿרידן אויף רעכטס און אויף לינקס — ליגט צעוואָרפֿן דאָס שטעטל. זומערדיק... קליינע, אַלטע און נײַע באַלעבאַטישע הײַזלעך; די אַלטע פֿאַרדאגהטע שול; דער יוגנטלעך־

פֿאַרחלומטער קלויסטער; דאָס אייגנאַרטיק־ברייטע מאַרקפּלאַץ; אין אַ זײַט דער שטאָט־ברונעם, איבער אים די הויכע, ברייט־צעוואַקסענע לינדע; אין מיטן מאַרק — די געמויערטע קלייטן, נעבן זיי די קרעמערס און קרעמערינס. און ערגעץ זיצט די שיינע פֿריידל, ניט ווײַט פֿון איר — „דער משׂכּיל". זי זיצט פֿאַרטאָן אין אַ האַנטאַרבעט, האַלט אומשולדיק אַראָפּגעלאָזט אירע לאַנגע ברעמען: זי ווייסט ניט, כּלומרשט, אַז דאָרט זיצט „דער משׂכּיל" און לייענט „אַ בלאַט" און כאַפּט אַלע מאָל אַ קוק־אַריבער...

אָט טרײַבט אַ שיקסל באַרג־אַראָפּ, צום טײַך, אירע גענדז מיט די יונגינקע נאָך געלע גענדזעלעך; אָט קוואָקעט אַ ראַבע „קוואָטשקע", נאָך איר אַ מחנה פּישטשענדיקע הינדעלעך; און אָט שיט זיך אויס אַ „פֿולע" טויבן אויפֿן מיטן מאַרק: ווײַסע, גרויע, טערקיש־געלע, געפּינטלטע, און נעמען זיך טויבנאַרטיק שפּאַנען הין־און־צוריק, זוכן מיט די שנאָבלען צווישן די איינציקע שטרוי, וואָס ליגן צעוואָרפֿן אויפֿן מאַרקפּלאַץ און גילדערן זיך אונטערן שטעטלזון. אָט קומט־אָן דער אַלטער טאַטע פֿון דאַוונען מיטן טלית־און־תּפֿילין אונטער דער האַנט. פּונקט דעמאָלט דערזעט דאָס „דער משׂכּיל" אין זײַן בלאַט און לאָזט זיך מיט אַ גליקלעכן אויסגעשריי צו פֿריידלען:

— זעט נאָר, זעט נאָר, וואָס מען שרײַבט דאָ וועגן אונדזער פּאַקל! אי, אי, אי!...

— סאַ־אַ־אַליוט!!

— קר־ר־ראַך! טאַך!

דרײַ רעוואָלווער־שאָסן לעכערן־דורך די לופֿט.

דער טאַטע גיט צעשראָקן אַ הייב דעם קאָפּ אַרויף. די זון טוט צופֿרידן אַ שײַן אויף זײַן צעלאָזטער גרויוויַיסער באָרד, אויף די קנייטשן פֿון זײַן בלאַסן, בלוטלאָזן פּנים. די טויבן גיבן זיך אַ כאַפּ אַרויף, איבערן טאַטנס קאָפּ. די אַלטע לינדע, דער ברונעם, דאָס שיקסל, די גענדזעלעך...

— מיט איין וואָרט: דאָס גאַנצע שטעטל ווייסט...

ברעכט ער זיך אונטער אין מיטן, מיט פֿאָרוואורף; און ווען

ער זעט זיך אַרום, אַז זײַן האַנט פּרעסט טאַקע דעם רעוואָלווער, וואָס אין זײַן קעשענע, דערפֿילט ער זיך נאַריש, ווערט פֿאַרשעמט־רויט, ווי אַ קליין קינד...

אַט אַזעלכע און נאָך אַנדערע געדאַנקען, האַלב־ערנסטע און האַלב־נאַיווע האָבן זיך אין אים געוועבט און געביטן, ביז ער האָט זיך גענומען איבערלייענען די דראַמע פֿון דאָס נײַ. און מערקווערדיק! עס איז אים מיט אַ מאָל געוואָרן, ווי פֿון האַרצן וואָלט זיך די גאַנצע וואַרעמקייט אָפּגעטאָן... פֿאַרפֿינצטערט האָט ער גענומען קוקן אַרום זיך, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצײַגן, צי עס זעט ניט ווער... נאָך דעם האָט ער זיך געלאָזט מיט שווערע טריט איבערן צימער; אָפּט מאָל איז ער געבליבן שטיין אין מיטן און נאָך אַ קורצן נאָכדענקען אַ האַסטיקן שפּײַ געטאָן, אַ צי געטאָן מיט די אַקסל:

— אַזוי זיך אָפּנאַרן, דאָס איז דאָך...

און אַ ביטערער שמייכל צעקרימט די ליפּן.

— און דערצו נאָך אַזוי נאַיוו... עפּעס... און איך האָב שוין קיין צײַט ניט געהאַט... זיך גענומען בײַ צײַטנס שנײַדן די „לאַוורעס"[1]... פֿליִען אין די הימלען, קנאַקן, שיסן. עפּעס גאָר אַ קלייניקייט! — נעמט ער זיך אין דער הויך איבערקרימען — פֿאַקל וועט אַרויס מיט זײַן ערשטער דראַמע, וועט דאָך די וועלט אויפֿציטערן ווי פֿון קאַנאָנען־קראַך! נו געוויס אַזוי! עפּעס גאָר אַ קלייניקייט! פֿאַרט דאָך אַזאַ ווערק, וואָס איז געקויפֿט מיט אַזוי פֿיל אָפּפֿער!

דער ביטערער שמייכל אויף די ליפּן ווערט נאָך שאַרפֿער, ביטערער.

פֿריידלס געשטאַלט און אַלע קרבנות, מיט זיי אויך די הונגער־טעג און די שלאָפֿלאָזע נעכט, וועלכע האָבן, דאַכט זיך, נאָר וואָס אַנטוואָפֿנט מיט צופֿרידענע שמייכלען, וואָס זײַנען מוחל, געקניט

[1] לאָרבערקרענץ (דערפֿאָלגן, דערגרייכונגען).

פֿאַר אים, האָבן זיך ווידער צוריק אויף אים אָנגעוואָרפֿן. ער אַליין איז אויך צו זיי צוגעגאַנגען און פֿאַררעטעריש זיי געהאָלפֿן אָנצופֿאַלן אויף זיך אַליין... ביז אַ פֿאַרמאַטערטער, מיט אָפּגעטעמפּטע געדאַנקען, איז ער ווילנלאָז געפֿאַלן אויף זײַן בעטל און אויך ווילנלאָז אײַנגעשלאָפֿן אין די קליידער.

שפּעט אין דער נאַכט האָט ער זיך דורכגעוואָרפֿן, דערפֿילט, אַז ער שלינגט דאָרשטיק די שפּײַעכץ פֿון מויל. אַרום הענגט געדיכט פֿינצטערניש, ווי אויף שוואַרצע פֿעדעם אָנגעשנירט... עס דערהערט זיך אַן אײַנגעהאַלטן שעפּטשען... דאָס ריידן זיך דורך די מיסעס מיטן מיסטער — ערשט דרײַ יאָר נאָך דער חתונה — וועמענס שלאָפֿצימער איז דאָס צווייטע פֿון זײַנעם. עס נעמען זיך אין דעם פֿינצטערניש באַווײַזן פֿונקען... גאָלדענע פֿונקען שוועבן, שוועבן... טשעפּען זיך אָן אויף די שוואַרצע פֿעדעם — אַ פֿינקלענדיק פֿינצטערניש!... עס צענעמט זיך די וואַנט, וואָס טיילט־אָפּ זײַן צימער פֿון זייערן. זיי ליגן זיך פֿרײַ איינס לעבן אַנדערן און שמועסן זיך דורך וועגן עפּעס, געטרײַ, גליקזעליק. אין אַ זײַט, נעבן זיי, שלאָפֿט זייער פּיגעלע, לאַכט פֿון שלאָף מיט קינדערשן חן... די פֿונקען, דורכשוועבנדיק דאָס בעט, ווערן עפּעס ווי געלײַטערטער, פֿינקלען צופֿרידענער... אָט נעמען זיך די פֿונקען באַהעפֿטן איינס צום צווייטן און ווערן ווי צו אַ פֿינקלענדיקער חופּה איבער זייער בעט, אָט גאָר ווי צו אַ פֿאָן... אַ וואַרעמער נחת מאַכט די פֿינקלענדיקע פֿאָן פֿלאַטערן... און זי פֿלאַטערט, פֿינקלט אין דער פֿינצטער און רייצט... אָט דערמאָנט ער זיך פּלוצלינג, אַז ווען עס איז לעצטנס צעגאַנגען דער שניי, האָט ער דורכגענעצט די סטעליע און עס איז געבליבן אַ געלער פֿלעק אין אַ זײַט, וואָס זעט־אויס ווי די קאָפּ פֿון אַ סקעלעט. די גאָלדענע פֿונקען פֿאַרשווינדן בײַ דער דערינערונג, מיט זיי אויך די בילדער, און ער דערפֿילט: עלנט, אָפּגעזונדערט... עס גיט זיך אים דערבײַ אַ קלער: אָט ווי עס בלאָנדזשעט־דורך אַ פֿריי־פֿאַרהאַרבסטער ווינט, בײַ דער נאַכט, דורך פֿעלד און וואַלד. דערזעט אַ מענטשן־הײַזל, קלאַפּט בעטלעריש אָן אין פֿענצטער פֿאַמעלעך,

שטאַרק און שטאַרקער, ניט אַז מען זאָל אים עפֿענען, נאָר ער זאָל דערווײַל קענען אַרײַנקוקן — זען ווי עס גייט־צו בײַ די לעבעדיקע...

אָט שווימט פֿון דעם פֿינצטערניש אַרויס דער געלער פֿלעק מיט די דורכגעלעכערטע אויגן, מיט דער אָפּגעמעקטער נאָז, מיט אַ מויל וואָס לאַכט... און דער „וועקער" אויפֿן טיש שלאָגט זײַן פֿאַרעקשנטן טיק־טאַק, טיק־טיק־טאַק... אויפֿן פֿאַרשוויצטן שטערן ליגן נאַס עטלעכע לאַנגע האָר, אין קאָפּ דרייען זיך אַרום פֿלעקן פֿון שווערע חלומות...

„מ'דאַרף זיך אויסטאָן" — בלײַבט בײַ אים און ער נעמט אין דער פֿינצטער אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די קליידער. אין מיטן דערינען נעמען זיך אין קאָפּ פּלאָנטערן פֿערזן. בלײַבט ער שטיין, הערט זיך אײַן... צינדט באַלד נאָך דעם אָן אַ ליכט און מיט אַ צוריקגעהאַל־טענער שנעלקייט וואַרפֿט ער אָן אויפֿן פּאַפּיר:

פֿאַר דעם פֿענצטער פֿול מיט שטערן
הענגט דער הימל ווײַט און ברייט;
און די אויגן פֿול מיט טרערן
צו דעם פֿענצטער פֿריידל גייט...

ווײַטער זעט ער אַפֿילו, ווי פֿריידל איז שוין בײַם פֿענצטער, ווי זי שפּאַרט־אָן אויף איר האַנט דעם קאָפּ און קוקט מיט פֿאָרוואורף אים אין די אויגן לאַנג, קוקט צעשראָקן און האַרציק באַנג. אָט לאָזן זיך איבער אירע בלאַסע באַקן די טרערן טראָפּן בײַ טראָפּן... נאָר עס גיט זיך אים ניט אײַן. ער פּרוּווט זיך נעמען דעם פֿערז אָט פֿון איין זײַט, אָט פֿון דער צווייטער, אָט גאָר פֿון מיטן, נאָר עס גייט אַלץ ניט... פֿון מויל רײַסט זיך פֿויל אַרויס אַ גענעץ. ער טוט זיך אויס צום איבעריקן און לייגט זיך שלאָפֿן.

נ"י 1908

משה־לייב האַלפּערן

# אין דער פרעמד

פראַגמענט

...אַמאָל — דו ביסט אַ קינד געווען, דײַן מוטער איז געזעסן
בײַ דײַן וויג,
געזונגען דיר אַ ליד און אויסגעטרוימט דאָס שענסטע גליק פֿאַר דיר.
הײַנט ביסטו ווײַט פֿון איר. ביסט פֿילע, פֿילע מײַלן ווײַט פֿון איר,
ביסט דאָ ווי איך . . . ווי איך און אַנדערע, וואָס האָבן גלײַך ווי דו
געהאַט אַ היים אַמאָל. העט ווו, אויף יענער זײַט ים, העט ווו —
אויף רוסלאַנדס ערד. אין פּוילן־לאַנד. געהאַט האָב׳ מיר אַ ווינקלאָרט
אין זיי׳רע שטעט. און אַלע האָבן מיר געלעבט אין איינעם דאָרט



ב. ריווקין

„האַלפּערן קען מײַסטערן. ער האָט די נייטיקע ווערקצײַג — אַ שטאָלענע פּען, פון אײַזן געגאָסענע ווערטער, לאַנגע טרעפּן — זיבן, אַכט, נײַן, צענפוסיקע שורות — און אַ לאַנגן אָטעם — ער קען ציִען לאַנג, ציִען הויך... דאָס נייטיקע מאַטעריאַל פעלט אים אַ מאָל אויס. אָבער האָט ער עס, זעצט ער זיך רויִק אַוועק אויפן שפּילטורעם".

(פון בוך יידישע דיכטער
אין אַמעריקע)

און גוט איז אונדז געווען, כאָטש שווער האָט אונדז די צינדזונלאָסט גערריקט.

און כאָטש עס האָט דער קעניג בייזע לײַט צו היטן אונדז געשיקט,
האָט קיינער ניט געקלאָגט... מיר האָבן אמת ליב געהאַט די ערד,
וואָס גאָט האָט אונדז, די היימלאָזע, אין וויסטן וואַנדערוועג באַשערט.
און קיין מאָל האָט גאָטס נאָמען ניט אויף יענע טירן אויסגעפּעלט,
אויף וועמעס שוועל עס האָט אַ קינד פֿון אונדז זײַן פֿוס אַרויפֿגעשטעלט.
קיין אָרעמאַן האָט ניט בײַם רײַכנס טיש געפּעלט טאָג־אײַן,טאָג־אויס.
און גאָט־געבענטשטער פֿרידן האָט געהערשט אין גאַס, אין יעדן הויז.
און קינדער האָבן זיך געשפּילט מיט זיי׳רע פֿאָטערס לאַנגע בערד,
און איבער אַלטע ספֿרים זינגענדיק, און שטענדיק טיף פֿאַרקלערט,
געזעסן זײַנען טאָג ווי נאַכט פֿיל אידעלע און יונגע לײַט.
און מיידלעך האָבן תּפֿילין־זעקלעך אויסגענייט פֿון גאָלד און זײַד.
און אַלע מיידלעך האָבן אייגעלעך געהאַט ווי שטערן ריין.
און אַלע זײַנען שעמעוודיק געווען, און גוט און ליב און שיין.
און אַלע האָבן זיי די מאַמעס זיי׳רע האַרציק ליב געהאַט.
און ווי אין פֿרילינג בליט די בלום אין פֿעלד און אויפֿן בוים דאָס בלאַט,

אַזוי האָט רויק, פֿרידלעך אויפֿגעבליט אַ דור און נאָך אַ דור,
און ווי אַ גאָלד׳נע קייט געצויגן האָבן זיך פֿיל הונדערט יאָר
און פֿילע, פֿילע הונדערט וואָלטן נאָך געקענט אַזוי פֿאַרגיין,
נאָר אַנדערש האָט עס יענע צײַט געוואָלט, און אַנדערש איז געשען.
אַן אומרו האָט זיך אויפֿגעהויבן ווו און ווי אַ בייזער ווינט
האָט זי אַרומגעכאַפּט דאָס לעבן גאַנץ, פֿון זקן ביז צום קינד,
אין יעדן לאַנד און אויף דער גאַנצער וועלט. ביז איין מאָל אין אַ נאַכט
האָט זיך די זעלבע אומרו אויך צו אונדז אין גאַס אַרײַנגעבראַכט,
אַ קריג, אַ בייזער קריג האָט אָנגעהויבן צווישן יונג און אַלט.
און פֿרעמד איז איינער צו דעם אַנדערן געוואָרן, פֿרעמד און קאַלט,
ווי גלײַך פֿון אוי׳ר צו אוי׳ר וואָלט גיין די בשורה פֿון אַ בייז געריכט...
די זין אין יעדן הויז — זיי האָבן פֿלוצלינג פֿון אַ נײַעם ליכט

געזונגען און גערעדט, ווי פֿיבער־קראַנקע ריידן פֿונעם שלאָף.
די טעכטער אויך... דער פֿאָטער האָט געזען אין דעם אַ בייזע שטראָף.
אַ בייזע שטראָף פֿון גאָט, האָט יעדער זקן שטום פֿון צער געטראַכט,
און אַלט און גרוי געוואָרן זײַנען יונגע מאַמעס איבער נאַכט.
און אין דער זעלבער צײַט האָט אָנגערוקט אויף אונדזער גאַס
אַ שווערער וואָלקנוואַל, דער האַס צו אונדז, דער דורות־אַלטער האַס.
צו הערן האָט זיך באַלד געבראַכט פֿון ערגעץ־ווו, אַז דאָ און דאָרט
האָט זיך אַ רויבער־האָרדע ווילד אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַן אָרט.
און ווײַל מיר האָבן ניט קיין סערפּ געהאַט, קיין האַמער און קיין שווערד,
האָט אונדז אַ וויסטע שרעק אַוועקגעיאָגט פֿון אונדזער הײמלאַנדערד.
און ווי אין האַרבסט צעטראָגט דער ווינט דעם בלעטערשטויב אין ווײַטן פֿעלד,
אַזוי האָט אונדז די שרעק צעזייט, צעשפּרייט אין אַלע ווינקלען וועלט...
און ווי אַ שוואַרצע קייט האָט זיך אַ שרעגגע שיפֿן, גרויס און שווער,
געצויגן יאָרנלאַנג אַריבער דעם אוקיינוס דאָ אַהער...
און אײביק רוישט און ברויזט דער ים און שיפֿן גיי'ן און גיי'ן,
און קינדער לאָזן איבער דאָרט אויף יענער זײַט פֿון ים, אַליין
אַן אַלטן פֿאָטער ווער... און ווער אַן אַלטע גוטע מוטער ווו,
וואָס וואָגלט ווײנענדיק אַרום בײַ טאָג, בײַ נאַכט, אָן שלאָף, אָן רו,
און טראַכט פֿון מיר, פֿון דיר, און פֿון אונדז אַלע דאָ, מיט טיפֿן פּײַן...
און גייט אין טרוים צוריק צו אונדזער קינדערוויג... און וויגט אונדז אײַן.
און זינגט פֿאַר אונדז דאָס אַלטע וויגליד, און בענקט צו אונדז אַהער
און האָפֿט אונדז אײן מאָל נאָך צו זען — און זײַן קען דאָס פֿילײַכט ניט מער,
קיין מאָל... קיין מאָל ניט מער...

*

ס'איז נאַכט. אַנטקעגן אונדזער שיף שטײַגט־אויף אַ נעפּל רויט און שווער.
נאָך אים אַ טונקל'ע וואַנט מיט פֿײַערן וואָס ווערן מער און מער,
און טורעמס וואַקסן־אויס און הייבן זיך אַרויס פֿון מיטן ים,
ווי ריזן־זײַלן הויך, און העל־צעגליט. אַ טונקל־רויטער פֿלאַם
פֿאַרדעקט דעם הימל ווײַט אַרום. די לופֿט ווערט הייס, ווערט ענג־געדיכט.
און טורעמס ווערן מער און מער. אַ שפּיל, אַ צויבערשפּיל פֿון ליכט.
אַ פֿײַערקראַפֿט, וואָס שפּרייט זיך אויס און וואַקסט צום הימל הויך אַרויף,
און שלײַדערט־אָפּ די נאַכט אויף מײַלנווײַט, און הייבט זיך העכער אויף — —
אַ ריזנווערק פֿון מענטשנגײַסט געבויט. אַ שטאָט פֿון שטאָל און גלות — —
ווי פֿיבער גייט די אומרו פֿון דער צײַט אַצינדער דורך מײַן בלוט...

*

אַ מענטש זיצט נעבן מיר אַליין. און ביסטרע, ווי אַ קראַנקער הונט,
שטעלט ער די אויגן אָן אויף יענעם רויט־צעגליטן צויבערשפּיל,
וואָס רוקט זיך נענטער אַלץ און וואַקסט און הייבט זיך אויף אָן מאָס, אָן ציל,
די שטאָט... די ריזנשטאָט... און טיף אין אים שרײַט־אויף אַ בייזע ווונד.

עס רויבט די שטאָט בײַ אים זײַן לעבנסצײַט פֿאַר טרוקן ברויט אַוועק,
זי שליסט אים אײַן מיט טויזנט אַנדערע אין גלות פֿון אײַזנווענט.
מאַשינען רוישן דאָרט און רעדער טרײַבן רולאָז זײַנע הענט,
און נאָך די רעדער יאָגט זײַן וויסטער לעבן זיך דורך נעכט און טעג.

ווי דו האָט ער די שטאָט ניט ליב. ווי דו זוכט ער אין איר זײַן גליק,
ווי דו און פֿיל טויזנט אַנדערע, וואָס האָבן גלײַך ווי דו

זיך נעכטן ערשט באַפֿרײַט. ווו אָבער נעמען זיי פֿאַר הײַנט די רו,
אַז מאָרגן שוין פֿירט ווידער זיי די שיף אין שטאָט אַרײַן צוריק?

און ווידער גייען זיי דאָס גאַנצע יאָר דעם זעלבן אַלטן וועג,
און ווידער אָט׳מען זיי די קראַנקע לופֿט, און רײַסן זיך אַרויף,
און פֿאַלן טיף אַראָפּ, און ראַנגלען זיך, און פֿאָרן זיך צונויף,
און ציִען קינדער אויף, וואָס זײַנען קראַנק און לעבן ווייניק טעג —

און בויען הײַזער אויף, וואָס וואַקסן איבער נאַכט, און וואַקסן הויך.
און גאַסן ברייטן זיך און מערן זיך און ענג און ענגער ווערט.
און רולאָז שרײַט די לעבנסקראַפֿט, און שאַפֿט און וואַרפֿט זיך און צעשטערט,
און הייבט זיך אויף און מישט זיך אויס מיט שטויב און אײַזנרויש און רויך — —

און אַלע יאָגן זיך מיט אויסגעשטרעקטע הענט אין טיפֿן פּײַן
און בײַטן הייליקייטן אויס פֿאַר טרוקן ברויט, און רויט ווי גלוט
פֿלאַמט־אויף די לוסט נאָך גאָלד און גראָבט זיך אײַן אין זייער פֿלייש און בלוט
און רולאָז שרײַט די נויט און שלינגט זיי רגעווײַז מיליאָנען אײַן —

און שיפֿן גרויסע קומען אַלע טאָג און קומען תּמיד מער.
און שיפֿן זינקען־אײַן. אַ וויסטע שרעק פֿאַלט־אָן. די שרעק פֿאַרשווינדט
און שיפֿן נײַע ראַנגלען זיך אויפֿסנײַ מיט ים און ווילדן ווינט
און טעגלעך ברענגט מען מענטשן סטאַדעסווײַז פֿון אומעטום אַהער.

און ווײ־געשרייען טויזנט, נײַע, וויסטע, טראָגן זיך מיט זיי.
און אַלע זיי׳רע בלוטן האַסן זיך, און מישן זיך צונויף,
און ווערן קיין מאָל איינס, און ראַנגלען זיך, און גיבן זיך ניט אויף.
און זיי׳רע דורות רײַסן זיך, צערײַסן זיך און לײַדן ווײ.

און לײַדן טיפֿן ווײ, און גוסן לאַנג, און שטאַרבן קיין מאָל ניט.
און מיר, און מיר, די אייביקע, פֿון וועמעס בלוט עס שרײַט־אַרויס:

מיר זײַנען שטאַרק און איינזאַם־פֿרײַ, און ווײַט פֿון אַלץ, און
אייביק־גרויס,
מיר ווירבלען זיך אין גרויסן ווירבלווינט צו גלײַך מיט אַלע מיט.

און דרייען זיך און וואַרפֿן זיך, ווי זיי, אין זעלבן קאַראַהאַד,
און פֿאַלן־אום ווי זיי, און שטייען־אויף, און טאַנצן נאָך אַ מאָל,
און איבער אַלץ צוזאַמען דונערט ווילד דאָס ליד פֿון שטיין און שטאָל,
דאָס ליד פֿון שטיין און שטאָל — דער גרויסער וואַנזין פֿון דער
ריזנשטאָט!

*

ס'איז האַלבע נאַכט. שוין לאַנג אַראָפּ בין איך פֿון שיף.
און מיד בין איך. איך ליג אָן שלאָף. מײַן וויי איז טיף.

עס זוכט מײַן האַרץ אַ טרייסט. איך טרוים. איך טרוים פֿון דיר.
איך הער דיך קומען איצט — איך זע דיך נעבן מיר.

דו שווײַגסט און קוקסט מיך אָן מיט אויגן טריב און פֿײַכט.
און רירסט מײַן שטערן אָן — דײַן האַנט איז שוועבנד־לײַכט...

עס וואַקסן דיר צוויי פֿליגל אויס — דו הייבסט זיך אויף
און נעמסט מיך מיט — און שוועבסט מיט מיר אַרויף, אַרויף...

טיף אונטן — פֿינצטערניש. הויך אויבן — זילבערשײַן
און אויף אַ וואָלקן וויגסטו מיך — דו וויגסט מיך אײַן.

איך הער, דו ווײנסט, דו זינגסט — איך מאַך די אויגן צו.
דער וואָלקן שוועבט — און שטילער ווערט — איך שלאָף, איך רו,

איך רו — — —

נ"י 1913

י. אָפּאַטאָשו

# מאַריס און זיין זון פילִיפ

מאַריס, אַ געוועזענער וואָדעוויל־אַקטיאָר, מיט אַ פּאָר שטײַפע אויף אַרויף פֿאַרדרייטע וואָנצעס, ווי בײַ קייזער ווילהעלם, מיט אַ הייזעריקער שטימע פֿון צו פֿיל בראָנפֿן טרינקען, האָט געמאַכט רעפּעטיציעס מיט זײַן קליינעם פּיליפּ, אַ יינגעלע פֿון אַ יאָר עלף. מאַריס איז געשטאַנען אין מיטן צימער אין אַ פּאָר הויזן מיט אַ קאָלירטן לײַבל, געהאַלטן איין האַנט אין אַ הויזן־קעשענע און מיט דער צווייטער האָט ער דיריזשירט, אײַנגעזונגען מיט פּיליפּן קופּ־לעטן. פֿון מאָל צו מאָל האָט מאַריס אַ זופּ געטאָן פֿון דער פֿלאַש בראָנפֿן, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן טיש, גענומען עטלעכע הויכע טענער מיט זײַן הייזעריקן באַס און איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז נישט ער זינגט, נאָר עפּעס אַ פֿעטער רוסישער פּאָלקאָווניק מיט צוויי לאַנגע באַקנבערד קאָמאַנדעוועט מיט אַ פּאָלק זעלנער.

מאַריס האָט פֿון פֿאַרדראָס געטאָן עטלעכע צי פֿון דער פֿלאַש, זיך געזעצט און אָנגענומען פּיליפּן פֿאַר דער גאָמבע:

— זעסט, פּיליפּ, מיר, זינגערס, זײַנען גאָר עפּעס אַנדערש, אַן אַנדער מין סאָרט מענטש — — — מיר זײַנען אַרטיסטן! און אַר־טיסטן, פֿאַרשטייסטו מיך, מוזן טרינקען! עס זינגט זיך גאָר בעסער נאָך אַ גלעזל משקה! וואָס גרעסער אַ זינגער איז, אַלץ מער טרינקט ער — האָט דער אַלטער געענדיקט מיט אַ שמייכל, אַ גלאָץ געטאָן מיט זײַנע גלעזערנע, שיכּורע אויגן און אַ לאַנגן צי געטאָן פֿון דער פֿלאַש. און אַז פּיליפּ האָט זיך פֿונאַנדערגעזונגען אויף זײַן ווייך שטימעלע, איז דער האַלב־אָנגעטרונקענער פֿאָטער געזעסן, פֿון נחת געלאָזט טרערן און האָט אונטערגעברומט: „ס׳וואַקסט אַ כּלי! ס׳וואַקסט!”

— זשוליק! — האָט ער מיט אַ מאָל דורכגעזייט דורך די ציין!

און אַ קניפּ געטאָן דעם אינגל אין געזעס אַרײַן — שנײַדסט זיך אַ לײַט, בנאמנות! וועסט זײַן „סאַן אָף ע׳ גאָן“ [1] מער לײַט פֿון דײַן טאַטן! וואַרט, וועסט נאָר אונטערוואַקסן, גיב איך דיר גלײַך אַרײַן אין אַזאַ סקול, קאָנסערוואַטאָריום הייסט עס, און וועסט אַרויסקומען אַ פֿאַרטיקע כּלי, אַ קאַרוזע, האַ, האַ! נישט דאַרפֿן זינגען אין די גאַסן פֿאַר אָקסן. וועסט ווערן אַן אָפּערע־זינגער!

דאָ האָט זיך דער אַלטער צעלאַכט און באַלד גענומען וויינען מיט טרערן ווי אַ ביבערין.

— קום אַהער, פֿיליפּ! — האָט מאָריס געזאָגט און אים אַרײַנגעגאָסן אַ ביסל בראָנפֿן אין אַ גלאָז — נאַ, געוויין זיך צו צום ביטערן טראָפּן.

דער קליינער האָט אויסגעטרונקען און זיך פֿאַרקרימט ווי נאָך אַ ביטערער פּיל.

— ס׳ברענט? האַ, האַ, האַ! — האָט דער אַלטער זיך צעלאַכט, אַרומגעכאַפּט דעם קליינעם פֿיליפּ און אים גענומען קושן.

— נאַרעלע, וועסט נישט דאַרפֿן טרינקען קיין בראָנפֿן! שאַמפּאַניער וועסטו גיסן, שאַמפּאַניער! האַ, האַ! און מיטן אַלטן וועסטו זיך שעמען? האַ, ממזר, דו? שעמען זיך מיטן גאַסן־זינגער?! דו ווייסט ווער דײַן טאַטע איז אַמאָל געווען? נישט קיין גאַסן־זינגער! אַ סטאַר! אַ סטאַר איבער וועמען מענעדזשערס פֿלעגן זיך שלאָגן! די שענסטע מיידן האָב איך געהאַט, בעסטיעס!

דאָ האָט זיך דער אַלטער פֿאַרהוסט, רויט געוואָרן ווי אַן אינדיק און געשטאַמלט:

— אַ מענטש וועסטו ווערן בײַ מיר, אַ מענטש! די שענסטע מיידן וועסטו האָבן, דו, בעסטאַרד! נישט דאַרפֿן זיך אַרומשלעפּן מיט פֿריילעכע שוועסטער, ווי דײַן טאַטע! — פּאַניע אַרטיסטשע! גאָספּאָדין אַרטיסט, יור עקסעלענץ! — האָט מאָריס אויסגעשריִען און דערזיפֿט דאָס לעצטע פֿון דער פֿלאַש.

---

[1] אַ זון פון דעם וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען.

פֿון צווייטן צימער איז אַרײַן מאַריסעס באַלעבאָסטע, אַ הויכע, שוואַרץ־חנעוודיקע ליטוואַטשקע מיט אַ יצר־הרע־פֿלאָסטערל אויף דער באַק. זי האָט פֿאַרלייגט אירע אַנטבלויזטע הענט אויף דער פֿולער ברוסט און אַ סמאַטשקע געטאָן מיט די ליפּן.

— וואָס זאָגט איר ניט צו דעם וועטער? ס'האַלט אין איין גיסן, און פֿאַר מײַן פּרנסה־געבער איז דאָס אַ פּיקניק. רק ער שלאָפֿט!

מאַריס, זעענדיק זײַן באַלעבאָסטע, איז גלײַך אויפֿגעשפּרונגען, זיך עלעגאַנט פֿאַרנייגט און ער האָט איר אונטערגערוקט אַ שטול:

— זיצט, מיסעס בלום!

— ווער האָט צײַט צו זיצן? — האָט מיסעס בלום געענטפֿערט, פֿאַרזשמורעט עטוואָס אירע אויגן, וויסנדיק אַז אַזוי איז זי שענער — וואָס האָב איך אײַך געוואָלט בעטן?! יאָ מאַריס, האָט איר אפֿשר אַ „קוואָטער"? כ'ברויך אַרײַנצוואַרפֿן אין „געז־מיטער".

— יאָ־וואָל, לידי! יאָ־וואָל! — האָט מאַריס אונטערגעברומט, אַרויסגענומען פֿון זײַן טיפֿער קעשענע אַ „קוואָטער", זיך געשטעלט אין אַ טראַגישער פּאָזע און אויסגעדעקלאַמירט:

— מײַן שיינע ווענוס! איך שענק דיר מײַנע גיטער, גליקלעך מאַך איך זיך, איך שווער דיר בײַם „יופּיטער!" — און האָט זי אַרומגענומען.

מיסעס בלום האָט זיך כּלומרשט געווערט און אים גענומען מוסר זאָגן:

— אײַ, מאַריס, מאַריס! ווי שעמט איר זיך ניט? אַן עלטערער ייִד, און ס'ליגן אײַך נאָך אין קאָפּ אַזעלכע נאַרישקייטן.

דערווײַל איז סילווע, מיסטער בלומס טעכטערל פֿון ערשטן ווײַב, אַ בלאָנד מיידל פֿון אַ יאָר עלף, אַרײַן אין צימער און איז צו צו פֿיליפּן.

— פֿיליפּ וועסט גיין אין „מוווינג פּיקטשורס"?

— „שור" וועל איך גיין, וואַרט, ס'וועט באַלד זײַן געלט! — האָט פֿיליפּ געזאָגט, אַ ווונק געטאָן מיט זײַנע שוואַרצע אייגעלעך און געוויזן אויפֿן פּאַרל.

— ווי שעמט איר זיך נישט, ס'איז דאָך אַ חרפּה פֿאַר די קינ־דער! — האָט מיסעס בלום געזאָגט זיצנדיק בײַ מאָריסן אויפֿן שויס.

— געוויס, געוויס, ווי דען! — האָט מאָריס געשטאַמלט און אַ געשריי געטאָן — פֿיליפּ, אַ רוח אין דײַן — — מאַרש מיט סילווען, הינטישע לעבערס!

פֿיליפּ מיט סילווען זײַנען אַרויס פֿון צימער, צוגעמאַכט די טיר און גענומען איינציקווײַז אַרײַנקוקן דורך דעם שלאָסלעכל. פֿיליפּ האָט פֿון גרויס שׂמחה אַרומגעכאַפּט סילווען, איר אַ קוש געטאָן און איז צו צו מיסעס בלומס מאַן, דעם בלינדן זרח, וואָס איז געשלאָפֿן אויפֿן בעטל, און אים גענומען וועקן. דער בלינדער איז אויפֿגעשפּרונגען, ווי אַן אָפּגעבריטער, ברייט צעעפֿנט זײַנע הינערשע אויגן:

— ווער איז דאָס? וואָס איז?

— זרח, גיב אַ „דײַם" [2] וועל איך דיר עפּעס זאָגן!

— און אַ „ניקעל" [3] איז נישט גענוג, דו „סאַקער" [4]?

— נישט ווייניקער ווי אַ „דײַם", דו בלינדער „קײַק" [5]!

דער בלינדער האָט געקרעכצט, געשאָלטן, אַרויסגענומען פֿינף סענט, געעפֿנט דאָס מויל און אין גאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי אַ כינעזישער גאָט.

— נו, זאָג שוין, זאָג!

— דער פּאָ קושט זיך מיט דײַן ווײַב! נאָר געדענק, זאָג נישט, אַז איך האָב געזאָגט! — האָט פֿיליפּ אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ גע־לעכטער. ער האָט געמאַכט פֿאַר גרויס שׂמחה דרײַ קאָזשאָלקעס און אַרויס מיט סילווען.

דער בלינדער איז אויפֿגעשפּרונגען, געכאַפּט דעם שטעקן און טאַפּנדיק האָט ער אויפֿגעפּראַלט מאָריסעס טיר, מורא האָבנדיק אַרײַנצוגיין. ער האָט געטופּעט מיט די פֿיס, געקלאַפּט מיטן שטעקן

---

[2] 10ער סענט. — [3] 5ער סענט. — [4] שפּילער. — [5] שיכּור.

אין דער פּאָדלאָגע, געגלאַנצט מיט זײַנע פּאָרצעלײַענע אויגן און געשריִען:

— רבֿקה, אַ בראָך אין דײַנע ביינער, ווו ביסטו, ווו, חצופּה!?

רבֿקה האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿון מאָריסעס הענט און אים געוויזן אויף איר בלינדן מאַן:

— ליבער גאָט, שלאַקרירעק [6] זאָל ער ווערן, דער בלינדער הונט!

מאָריס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, געקוקט מיט אַ שמייכל דאָ אויפֿן בלינדן, דאָ אויף רבֿקהן, און האָט אַ טראַכט געטאָן:

— „מוט פֿאַרלירן פֿאַסט נישט פֿאַרן בראַוון קריגער, אַפֿילו אין דעם קלעם איז נאָך אַלץ דער טיגער — טיגער"!

מיטאָגצײַט איז מאָריס אַרויס פֿון שטוב אין זײַן קאָלירטן לײַבל אָן אַרבל, מיט הנאה באַטראַכט די לענג פֿון פּיטקין־עוועניו און זיך פֿונאַנדערגעפּײַפֿט. פֿון קעלערשטוב איז אַרויס דער „דזשעני־טאָר" [7], אַ פֿערציק־יעריקער אײַרישער מיט אַ רויטער נאָז און אַ גלאַט ראַזירטן פּנים, נאָך אים — זײַן ווײַב, אַ הויכע, געזונטע ניגערטע, מיט ליפּן ווי פּלאַכטעס און מיט אַ גרויסן קײַלעכדיקן בויך. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ בעזעם און אין דער צווייטער אַ בלעכן קעסעלע פֿאַר ביר. בײַ איר קלייד האָבן זיך געריבן דרײַ קליינע ניגערלעך, מיט דיקע ליפּעלעך, מיט קורצע אויפֿגע־שטעלטע צעפּלעך און אויסגעזעזן האָבן זיי ווי שוואַרצע קודלאַטע הינטלעך.

— האַלאָ, מאָריס, אַ פֿײַן וועטער! — האָט דער אײַרישער געזאָגט און אויסגעשפּיגן פֿון מויל אַ גאַנצן פּלאַסטער קײַטאַבאַק.

— יאַ, יאַ, יעס סער! — האָט מאָריס געצויגן די ווערטער, פֿאַרדרייט די וואָנצע, אַ קלאַפּ געטאָן דזשאַנען אין דער פּלייצע, ווײַזנדיק אויפֿן ווײַבס בויך, און געזאָגט:

— ביסט „ביזי" [8] דזשאַן!

---

[6] אַ שלאַק זאָל אים טרעפֿן! — [7] הויז־אַדמיניסטראַטאָר. — [8] פֿאַרנומען,

דזשאַן האָט מעשׂה באַלעבאָס באַטראַכט דעם ווײַבס בויך און זיך נאַריש צעשמייכלט. די ניגערטע האָט פֿאַרקאַטשעט אירע ליפּן, אַ גלאַנץ טוענדיק מיט אירע ווײַסע ציין, אַ גלאָץ געטאָן מיט די אויגן, זיך אײַנגעבויגן אין דרײַען, צוהאַלטנדיק מיט ביידע הענט דעם בויך, און זיך פֿונאַנדערגעלאַכט ווי אַ קאָבילע[9].

מאָריס איז לײַכט אַראָפּ פֿון טרעפּל זיך דורכגעשפּאַצירט אי־בערן טראָטואַר און האָט חשק געהאַט אַרײַנצוגיין אין „סאַלון"[10] אויסטרינקען אַ גלעזל ביר.

אויף אַ טרעפּל איז געזעסן אַ ייִדענע פֿון אַ יאָר פֿערציק, אַ קורצע, אַ דיקע ווי אַ יאַטקעקלאָץ, מיט אַן איבערגעלייגטן גוידער און מיט אַ פּנים פֿון אַן אַלטן מאָפּס[11]. זי האָט געהאַלטן די פֿיס צעשפּרייט און מיט הנאה האָט זי געכאַפּט ארץ־ישׂראל־ניסלעך, וואָס זײַנען געווען אויסגעשאָטן אויף איר קלייד, און זיי געוואָרפֿן אין מויל אַרײַן.

— מיסטער מאָריס, איר דערקענט מיך שוין גאָר נישט? אַ מענטש גייט־דורך, כ׳וויס, הונט, טײַוול, שמעק־אַרײַן!

— האַלאָ, האַלאָ, מיסעס סאַלאָמאָן, ווי גייט׳ס! — האָט מאָריס געזאָגט און זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין איר קלייד, געכאַפּט עטלעכע ניסלעך און בשעת מעשׂה איר אַ קיצל געטאָן.

— שיים יורסעלף[12] — האָט מיסעס סאַלאָמאָן געזאָגט כלומרשט אַ באַליידיקטע, האָט צונויפֿגענומען די ניסלעך און מיט אַ קרעכץ זיך אויפֿגעשטעלט.

— אײַ, די היץ, די היץ! ניט אויסצוהאַלטן! די פּייפּערס[13] שרײַבן — מענטשן פֿאַלן ווי פֿליגן. קומט־אַרויף, מאָריס! בײַ מיר איז קיל, אַ מחיה!

---

[9] שקאַפּע. — [10] טרינקהויז. — [11] הונט מיט אַ גראָבן פּיסק. — [12] איר מעגט זיך שעמען. — [13] צײַטונגען.

— יאָ, יאָ, מיסעס סאָלאָמאָן, דאָס איז פֿײַן... — האָט מאָריס געשטאַמלט און בישט ווילנדיק זיך נאָכגעשלעפּט.

מיסעס סאָלאָמאָן האָט אים אַרײַנגעפֿירט אין איר זאַל, זיך אַנטשולדיקט און איז באַלד אַרויס. מאָריס האָט באַטראַכט דעם אָפּגעבליאַקעוועטן דיוואַן, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע און פֿון וועלכן עס האָבן זיך געהויבן גאַנצע זײַלן שטויב, ווען מען האָט געטרעטן איבער אים. ער האָט באַטאַפּט די אויסגעבעטע שטולן, די איבערגעצויגענע פּיאַנאָ, האָט זיך באַקוועם אַרײַנגעזעצט אין אַ וויגשטול און שטיל געזונגען:

— „לילית האָט פֿאַרשפּרייט אַ נעץ / און זי וויס נישט, אַז כ'בין אַ לץ".

מיסעס סאָלאָמאָן איז באַלד אַרײַן מיט אַ טאַץ אין דער האַנט. אויף דער טאַץ איז געשטאַנען אַ קרוג וואַסער, אַ פֿלאַש ביר און אַ טעלער מיט אויבס. מאָריס האָט געעפֿנט די פֿלאַש מיט אַ שאָס, געטרונקען אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל, פֿאַרביסן מיט אויבס.

— איר ווייסט, מיסעס סאָלאָמאָן, מען וועט מוזן גיין אָפֿטער צו אײַך!

— מיטן בעסטן פֿאַרגעניגן! — האָט זי געענטפֿערט אַ צופֿרידענע.

— כ'זאָג אײַך — האָט מאָריס פֿאַרגעזעצט — כ'בין גאָר פֿרישער געוואָרן! וואָס אַ גלעזל ביר מאַכט!

— דאָס טענה איך דאָך, מאָריס. איר זײַט דאָך עפּעס אַ מאַן, ס'איז דאָ אויף וואָס אַ קוק צו טאָן און גאָר נישט — איר פּלאָגט־אָפּ אײַערע פּאָר יאָר! ווי לאַנג איז דער שיעור צו זײַן אַן אַלמן?

— נו, נו, מיסעס סאָלאָמאָן, זעט טאַקע עפּעס פֿאַר מיר אַ שידוך?

— וואָס שידוך, ווען שידוך? די קאַץ שיקט מען נישט נאָך פּוטער! — האָט זיך מיסעס סאָלאָמאָן צעלאַכט — אַז איר האָט זיך פֿאַרדרייט אַ קאָפּ מיט רבֿקהן, די חצופֿה, ווער וועט דאָס וועלן האָבן „ביזנעס" מיט אײַך? כ'וויס, מען זאָג עפּעס אַ ייִדענע, מילא,

אָבער דאָס איז דאָך קיין יידענע אויך נישט אַ בעזדיעטניצע, אַ יאַלאָווקע[14], אָפּגעווווינט מיטן ערשטן מאַן זעקס יאָר און גאָר נישט — ער האָט זי אָפּגעגט. ווייסט איר פֿאַר וואָס? — האָט זיך מיסעס סאַלאָמאָן צוגערוקט צו מאָריסן און האָט זיך צעלאַכט — ס׳איז מיר אויף מײַן וואָרט אַ חרפּה עס צו דערציילן פֿאַר אַ מאַנסביל — זי האָט דאָך קיין — — — כאַ, כאַ, כאַ! ווי איך בין אַ יידישע טאָכטער!

— יאָ, יאָ, דאָס איז אינטערעסאַנט, שפּאַנענד! — האָט מאָריס דעקלאַמירט קנאַקנדיק די ניסלעך.

— ווען איר פֿאָלגט מיך פֿאַר אַ יאָרן — האָט מיסעס סאַלאָמאָן ווידער אָנגעהויבן, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן — און חתונה געהאַט, וואָלטן מיר געלעבט ווי לײַטן גלײַך. איר וואָלט בײַ מיר קיין פֿינגער אין קאַלטן וואַסער ניט געדאַרפֿט אַרײַנשטעקן. כ׳בין, ברוך השם, נישט קיין קבצנטע. אין הויז בײַ מיר, קיין עין־הרע, פֿון כּל־טובֿ, און ס׳איז נאָך דאָ אַ פּאָר דאָלאַר אין באַנק אויך. פֿאַרט אַ היימישע „ביזנעס״. כ׳גיב אַוועק אַ דאָלאַר אויף אַ חודש, קריג איך צוריק אָנדערטהאַלבן. ווער מאַכט דאָס הײַנטיקע צײַטן בעסערע געשעפֿטן?

— אָסור, ראַקאָפּעלאָ[15]! — האָט זיך מאָריס צעלאַכט.

— איר זײַט אַ לץ! — האָט מיסעס סאַלאָמאָן געזאָגט און מאָריסן אַ קלאַפּ געטאָן איבערן פּוס — איר באַרעכנט אײַך בעסער, מאָריס, און זעט, אַז כ׳מיין אײַער טובֿה מער ווי מײַנע. נאָר וואָס טויגן די רייד? ווי לאַנג איר וועט וווינען בײַ רבֿקה טליק, זײַט איר אַ פֿאַרפֿאַלענער!

— וואָס איז שײַך — האָט מאָריס אַ ברום געטאָן, זיך אויפֿגעשטעלט, אַרײַנגעגליייגט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, זיך אײַבערגעצויגן, געצומען שפּרײַזן איבערן דיוואַן און געטראַכט: „איך בין דיר מוחל, וואָס דו רעדסט, ווײַל דו רעדסט ווי אַ קינד און פֿאַרשטייסט נישט דײַן געפּערלעכע לאַגע אַצינד״.

---

[14] עקרה, קינדערלאָזע. — [15] (שפּעטוואָרט) ראַקפעלער, מיליאָנטשיק.

— איר וועט פֿילײַכט נאָך טרינקען אַ גלעזל ביר? — האָט מיסעס סאַלאָמאָן איבערגעריסן די שטילקייט.

— ווער זאָגט זיך דאָס אָפּ פֿון אַ גלעזל ביר? — האָט מאָריס געענטפֿערט שפּאַנענדיק איבערן צימער.

מיסעס סאַלאָמאָן איז אַרײַן אין קיך.

— מאָריסן איז מיט אַ מאָל אײַנגעפֿאַלן, אַז ס׳וואָלט געווען אַ פּלאַן חתונה צו האָבן מיט דער ייִדענע. אמת, רבֿקהן איז טאַקע אַ שאָד, נאָר גאָר נישט, ער וועט זי נאָך דער חתונה אויך קריגן און דערווײַל וועט ער זײַן אַ פּאַרזאָרגטער! ווי זאָגט זי אַליין: „נישט דאַרפֿן אײַנטינקען אַ פֿינגער אין קאַלטן וואַסער". מען שמועסט, אַז זי האָט אַ שלל מיט געלד.

דערווײַל איז מיסעס סאַלאָמאָן אַרײַן מיט אַ פֿלאַש ביר. מאָריס האָט גענומען די פֿלאַש, זי באַטראַכט, עטלעכע מאָל אָפּגעווישט דאָס העלדזל מיטן טישטעך, ווײַלעריש אַ קלאַפּ געטאָן דעם דנאָ פֿון דער פֿלאַש אין זײַן האַנט און דער קאָרק איז אַרויס מיט אַ שאָס. ער האָט אַרײַנגעצויגן אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז, אויסגעדרייט מיט צוויי פֿינגער די נאָסע וואָנצעס און זיך אויפֿגעשטעלט.

— הערט, מיסעס סאַלאָמאָן, איר זײַט טאַקע גערעכט. כ׳האָב זיך נאָר וואָס באַרעכנט, אַז דער שידוך איז פֿאַר מיר ווי געוווּנטשן, ווי כ׳בין אַ ייִד! נאַ, גיסט זיך אײַן אַ גלאָז ביר און מיר וועלן טרינקען לחיים! גייט רבֿקה אויפֿן פֿײַער! מאָרגן „מוף" איך אַרויס!

ער האָט אַרומגעכאַפּט די דיקע מיסעס סאַלאָמאָן, זיך צעקושט מיט איר אויף איין באַק, אויף דער צווייטער, דערטרונקען דאָס גלאָז ביר זינגענדיק:

— „לחיים, מײַן שאַץ, לחיים מײַן שעצל,/ לחיים מײַן לאַקרעץ־קלעצל".

*

סילווע איז איינע אַליין געווען אין שטוב. זי האָט אַרויסגענומען רבֿקהס קעסטעלע פּודער, זיך אײַנגעפּודערט, אָנגעטאָן רבֿקהס קאַ־

פעליוש מיט דער לאַנגער שוואַרצער שטרויספּעדער, זיך אַרײַנגעשטעלט אין שפּיגל, עטוואָס אויפֿגעהויבן דאָס קורצע קלײדל און געגומען נאָכזינגען, אַפּערוואַרפֿנדיק אירע פּיסלעך און ווינקענדיק מיט די בלויע אײגעלעך ווי אַ וואָדעוויל־אַקטריסע.

—"Hallo Central! Hallo Central! Give me Six -0- thre etc."

סילווע איז געווען אַזוי פֿאַרטאָן מיט איר זינגען און טאַנצן, אַז זי האָט גאָר נישט באַמערקט ווי פּיליפּ איז אַרײַן מיט זײַנע „ראָלערס" [16] פֿון דער גאַס. פּיליפּ איז געבליבן שטיין בײַ דער טיר מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם געלעכטער, זיך צוגעקוקט ווי סילווע „עקטעט"[17], און אים איז אײַנגעפֿאַלן זי איבערצושרעקן. ער האָט שטיל אַוועקגעשטעלט די „סקייטס" [18], אויפֿגעזוכט דעם בלינדן זרחס אַן אַלטן ראָק מיט אַ פֿאַרשוויצטן האַרטן קאַפּעליוש, זיי אָנגעטאָן. ער האָט פֿאַרבויגן זײַנע אײבערשטע לעפלעך פֿון די אויגן אַזוי, אַז דאָס רויטע האָט זיך אַרויסגעזען, גענומען אַ שטעקן אין האַנט אַרײַן און איז, טאַפּנדיק, מיט שווערע טריט אַרײַן אין צימער, נאָכמאַכנדיק זרחס קול:

— רבֿקה, אַ בראָך אין דײַנע ביינער, ווו ביסטו, ווו? רבֿקה, פֿאַרשׂרפֿהט זאָלסטו ווערן! חצופֿה! דערווערגן וועל איך דיך!

סילווע האָט זיך איבערגעשראָקן, אַראָפּגעריסן דעם קאַפּעליוש, אים אַ שלײַדער געטאָן אויפֿן בעט. זי האָט זיך אָבער באַלד צעלאַכט, דערזעענדיק אַז דאָס איז פּיליפּ.

— גיי צום טײַוול! האָסט מיך איבערגעשראָקן צום טויט!

פּיליפּ האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק, געשאָלטן, געטופּעט מיט די פּיס, געגלאָצט מיט די רויטע אויגן, אָנגעכאַפּט סילווען פֿאַר די האָר, זי אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע, געשלעפּט און געשריִען:

— דערווערגן וועל איך דיך, דערווערגן! מיטן שיכּור, מיט דײַן „ליובאָווניק"!

---

[16] פוסרעדלעך. — [17] אַקטיאָרעוועט. — [18] גליטשערס.

סילווע האָט זיך צעוויינט אויפֿן קול. פֿיליפּ האָט זיך צעלאַכט, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם ראָק מיטן קאַפּעליוש, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קיטשקעס [19].

— וואָס וויינסטו!? ס׳איז דאָך געווען אַ שפּאַס. ביסט אַ נאַר! כ׳האָב געזען ווי דו „עקטעסט״, האָב איך אויך „געעקטעט״ — האָט פֿיליפּ געשמייכלט און זיך אויפֿגעשטעלט.

סילווע האָט זיך אויסגעווישט די אויגן און אַן אָנגעכמורעטע געזאָגט:

— אַז וועסט נאָך איין מאָל לאַכן פֿון מײַן פּאַ, וועל איך מיט דיר אײביק זײַן ברוגז. וועסט זען! פֿאַר וואָס לאַך איך נישט פֿון דײַן פּאַ? אָ, ער איז דאָך אַזאַ שלעכטער! ווען נישט ער, וואָלט זיך מײַן פּאַ נישט אַרומגעקריגט מיט רבֿקהן!

— דו ווייסט פֿאַר וואָס זיי קריגן זיך אַרום? „אָל בעטשע״ [20], דו ווייסט נישט? רבֿקה וויל מען זאָל זי קושן. און דײַן פּאַ וויל נישט. דעריבער „גלײַכט״ זי אים נישט.

— און דײַן פּאַ קושט רבֿקהן? — האָט זיך סילווע געפֿרעגט.

— „שור״ קושט ער! פּונקט ווי אין „מײַנערס וואָדעוויל״. דו ווייסט, מײַן פּאַ איז דאָך געווען אַן „עקטער״, און אַז איך וועל אויסגעוואַקסן, וועל איך אויך זײַן אַן „עקטער״. אָט אַזוי:

דאָ האָט פֿיליפּ זיך געשטעלט אין אַ פּאָזע, מיט איין האַנט אַרומגענומען סילווען פֿאַר דער טאַליע, מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אָנגענומען איר הענטל און איר אַ קוש געטאָן.

— „גראַרי היר [21]! — האָט סילווע אַ קוויטש געטאָן, אויסגעשפּיגן, זיך אַרויסגעריסן פֿון פֿיליפּן און אַרײַן אין קיך — כ׳וועל דערציילן פֿאַר דײַן פּאַ, וועסט זען! גיי, ביסט אַ חזיר! כ׳וועל מיט דיר קיין מאָל נישט ריידן.

זי האָט אָנגעשפּיגן אויף דער האַנט, גענומען רײַבן אויף דעם פּלאַץ, ווו זי האָט אַ קוש געקראָגן, און אַרויס אויף דער גאַס.

---

[19] גאַלאַ־קליידער. — [20] אַ סך זאַכן פֿאַר אַ מאָל. — [21] אַוועק פֿון דאַנען (?).

*

מאָריס מיט רבֿקהן זײַנען באַפֿאַלן דעם בלינדן זרח און אים גענומען שטיקן. זרח האָט געמאַכט קולות, זיך געבעטן, זיי זאָלן אים אָפּלאָזן. עס האָט נישט געהאָלפֿן. זיי האָבן אים מיט אַ מאָל אויפֿגעהויבן, אויפֿגערוקט דאָס פֿענצטער און אים אַרויסגעשלײַדערט. זרח איז געפֿאַלן מיט אויפֿטרייסלענדיקע געשרייען. אַן אָפּגעגאָסענער מיט שוויס האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף. ער האָט זיך באַלד באַרויִקט, אַז עס איז נישט מער ווי אַ חלום, און זיך איבערגעצויגן. אין שטוב איז קיינער ניט געווען. דעם בלינדן האָט זיך געדאַכט, אַז אין מאָריסעס צימער סקריפּעט דאָס בעט.

— שוין ווידער! — האָט זרח אַ ברום געטאָן און אויפֿגעשפּרונגען אַן אויפֿגעקאָכטער פֿון זײַן בעטל. ער האָט גענומען רופֿן:

— רבֿקה! רבֿקה! סילוועי! פֿיליפּ! מאָריס! אַ מיתה משונה אויף אײַך אַלע!

אין שטוב איז געווען שטיל. זרח האָט אויפֿגעשפּיצט זײַנע אויערן און אים האָט זיך ווידער געדאַכט, אַז דאָס בעט בײַ מאָריסן קרעכצט. ער איז געווען זיכער, אַז דאָרט איז קיינער ניטאָ, פֿון דעסט וועגן איז ער פֿאַרזיכטיק אַרײַן אין מאָריסעס צימער און מיט אַ געמאַכטן כּעס גענומען קלאַפּן מיטן שטעקן איבערן בעטל:

— אָט אַזוי! אָט אַזוי! נאָט אײַך! ממיתן וועל איך אײַך!

דעם בלינדן איז דאָס עסק געפֿעלן געוואָרן. ער האָט זיך צעלאַכט, זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן בעטל, עס אַרומגעטאַפּט פֿון אַלע זײַטן, אַרומגעשמעקט עס ווי אַ הונט מיט דער נאָז און מיט אַ קרעכץ איז ער אַרויס פֿון חדר. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלע זײַנען אין שטוב, באַהאַלטן זיך אין די ווינקעלעך, אונטער די בעטן, אַז באַלד וועלן אַלע מיט אַ מאָל אַרויסשפּרינגען, אים באַפֿאַלן, דערווערגן.

אַן אויפֿגעציטערטער איז ער צו צום פֿענצטער. ער האָט ברייטער צעעפֿנט זײַנע אויגן און זיך אײַנגעהערט ווי דער רעגן קלאַפּט, שמײַסט אין די שויבן ווי מיט בײַטשן. עס האָט אים דורכגעטרייסלט.

ער האָט געפּילט, ווי אַ שרעק נעמט אים אַרום און פון היימלעכקייט וועגן האָט ער גערופן: „רבֿקה, רבֿקה! חצופּה!" עס איז געוועזן שטיל. פון אַ ווינקל האָט זיך געטראָגן אַ הייזעריקער כככ... פון אַ קעצל.

— גאָר צורופן דאָס קעצל... — האָט דער בלינדער צו זיך געזאָגט — פּוסי, פּוסי, קאָם היר!

דאָס קעצל איז באַלד אַרויס מיט אַ וואָרטשען, זיך גענומען רייַבן בייַם בלינדנס פוס. זרח האָט זיך אייַנגעבויגן, גענומען די קאַץ אויף די הענט און אייַנגעטוליעט זייַן פּנים אין ווייכן, וואַרע־מען פעלכל.

— פּוסי, דיר איז קאַלט? — האָט זרח געטענהט צום קעצל, טוליענדיק שטאַרקער זייַן פּנים אין ווייכן פעלכל.

דאָס קעצל איז הפּנים ניט צופרידן געוועזן פון בלינדנס צערט־לעכקייט, האָט עס אַ פּריסקע געטאָן און זיך אַרויסגעריסן פון זייַנע הענט. עס האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן אין טיר.

— קאָם אין!

מיסעס סאַלאָמאָן, וואַקלענדיק זיך ווי אַ פּעטע גאַנדז, איז אַרייַן.

— גוט איווונינג, זרח, ווי גייט'ס? דאָס בין איך, מיסעס סאַ־לאָמאָן. ווו איז אייַער פרוי?

— בנאמנות, אַ גאַסט! — האָט זרח געענטפערט אַ צופרידענער — זייַט זשע מוחל, מיסעס סאַלאָמאָן, נעמט אַ שטול און זעצט אייַך. איר פרעגט זיך, ווו רבֿקה איז? די שוואַרצע יאָר ווייסן זי! טליקעט זיך אַרום!

— איר מעגט עס נאָך אַ מאָל זאָגן! — האָט מיסעס סאַלאָמאָן געזאָגט, זיך אַוועקזעצנדיק און אָפּגעפּרייַכט — כ'האָב זי נאָר וואָס באַגעגנט מיט דעם קונצנמאַכער, דעם שיכור. אויף זיי מעג מען יאָ זאָגן: די „מיסעס" מיט דעם „באָרדער"[22]!

— אַזוי? געטראָפן? אייַ, אייַ, אייַ! — האָט דער בלינדער זיך

---

[22] סובלאָקאַטאָר.

גענומען רײַבן אַ האַנט אין אַ האַנט — נו, זאָגט איר, מיסעס סאַלאָמאָן, איר זעט דאָך קיין נאַר נישט, ווי לעבט מען? וואָס קאָן איך מיר, אָרעמער קאַליקע, העלפֿן?

— וואָס הייסט? — האָט מיסעס סאַלאָמאָן געפֿרעגט, צורוקנדיק איר שטול צו זרחן — איר זעט, דאַכט זיך, אַ מאַן און די וועלט איז נישט הפֿקר. אמת, ס׳איז אַמעריטשקע גנבֿ! אין יוראָפּ וואָלט מען אַזאַ יונג די ביינער צעבראָכן, נאָר גאָר נישט! איז, ראשית מאַכט מען מאָריסן צו „מופֿן“! און דערנאָך לאָזט מען זיך נישט בלאָזן אין דער קאַשע אַרײַן. איר זעט טאַקע אַ בלינדער, אָבער פֿאָרט אַ מאַנסביל, און רבֿקה איז נישט מער ווי אַן אישה. איר נעמט זי נאָר פֿעסט אין די לייצעס אַרײַן, וועט איר זען, ווי זי וועט גיין אין שפּאַן!... נאָר ס׳ערשטע, מאַכט צו „מופֿן“ אָט דעם קונצנמאַכער, אַז נישט זעט איר אַן איבערגעפֿירטער. ער וועט מיט זײַנע זיסע ריידעלעך אַרויסציִען דעם לעצטן ביסן פֿון מויל! אַי, רבונו של עולם, אויסכאָליען זאָל ער מײַנע פּאָר טאָלער!

— נו, נו, גיט טאַקע אַן עצה, מיסעס סאַלאָמאָן, ווי מאַכט מען דעם פֿאַרשווין צו „מופֿן“? כ׳האָב מורא — האָט זיך דער בלינדער ביטער צעלאַכט — ער זאָל מיך נישט מאַכן צו „מופֿן“. די חבֿרה וואָלטן מיך שוין לאַנג אַרויסגעפּאַקט נאָך „ברוקלין“.

— וואָס האָב איך דאָ אַ סך צו טענהן? — האָט זרח מיט אַ זיפֿץ געזאָגט — כ׳בין אַ „דעם פֿול“ [23], אַליין זיך שולדיק. גאָט האָט געשטראָפֿט, מיר צוגענומען די ראיה, האָב איך געדאַרפֿט נעמען די טויזנט טאָלער, וואָס כ׳האָב געקראָגן, און זיי אַרײַנגעבן אין אַ „האָם“ [24], וואָלט איך מיר דאָרט געזעסן רויִק און סילווען וואָלט די שטאָט צוגענומען. האָט זיך מיר אָבער פֿאַרגלוסט חתונה צו האָבן און רבֿקהלע, די חצופּה, אַ בראָך אין אירע ביינער, האָט דערשפּירט מײַנע פּאָר סענט. ווי זי האָט זיך דאָס צוגעפּוצט צו מיר, די געקאָוועטע ליטוואַטשקע, מיר גערופֿן „זרחקע“ און „טײַערינקער“,

---

[23] טיפּש, שוטה. — [24] הויז פּאַר אַלטע מענטשן.

און דער טײַוול ווייסט װאָס! ווער פֿאַרשטייט זייער לשון, ווער? פֿלעגט זיך פֿאַרקאַטשען די אַרבל איבער די עלנבויגנס, מיר זיך הענגען אויפֿן האַלדז, צוזאָגן דאָס אייבערשטע פֿון שטויסל. האָב איך גערעכנט: כ״וויס, פֿאָרט בעסער אַן אייגן בעט אײדער צו זײַן אין אַ „האָם״. ווער האָט געוווּסט, אַז זי וועט זיך אַרײַננעמען אַ „ליובאָווניק״, דעם שיכּור, און איצט גיי, שרײַ חי וקים! מיסעס סאַלאָמאָן, וואָס זאָל איך אײַך לאַנג ברײַען — זי לעבט מיט אים אונטער מײַנע אויגן. אַז כ׳זע נישט! און דו, בלינדער הונט, ווער צעפּלאַצט! ביסט קיין מאַן נישט מער! און ווער ווייסט, מיסעס סאַ־לאָמאָן, אַזוינע חבֿרה קאָנען מיך נאָך אָפּסמען. און מײַן סילווע, אַ פֿינצטער יאָר אויף איר, זי האַלט דאָך אויך מיט זיי. און זײַן בנ׳אָקל, פֿיליפּ, אַ פֿאַרשׂרפֿעט זאָל ער ווערן! אַ שיינע קאַפּעליע, ווי איר זעט!

— עס גייט עמעצער! — האָט מיסעס סאַלאָמאָן געזאָגט און זיך אויפֿגעשטעלט — צײַט צו גיין! מען מוז צוגרייטן „סאַפּער״[25] פֿאַר די קינדער.

— וואָס אײַלט איר זיך, מיסעס סאַלאָמאָן, דאָס איז רבֿקה.

— ניין, כ׳גיי, גוד בײַ, זרח!

ווען מיסעס סאַלאָמאָן איז צו צו דער טיר, איז רבֿקה אַרײַן מיט אַ שירעם אין דער האַנט. זי איז געבליבן שטיין. זיי האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט ווי צוויי הענער.

— עס געפֿעלט דיר שוין מײַן בלינדער מאַן אויך? — האָט רבֿקה אויסגעשאָסן, אויסגעגלאָצט די אויגן און געכאַפּט די הענט פֿאָדבאָקעם[26] — ניט געקאָנט קריגן מאָריסן, איז דער בלינדער זרח אויך גוט! — האָט זי פֿאַרענדיקט מיט אַ ניגון.

— דערפֿאַר האָסטו שוין מאָריסן מיטן בלינדן צוזאַמען, האַ?

— האָט מיסעס סאַלאָמאָן, אַ רויטע ווי אַן אינדיק, געענטפֿערט.

— וואָס איך האָב, לאָז דיר דײַן קאָפּ ניט דאַרן! נאָר, דו,

[25] וועטשערע. — [26] בײַ די זײַטן.

יאַטקעקלאָץ, פֿלייש מיט אויגן „גראַרי היר״, דען כ׳פלעט דיר דעם מוח!

זרח איז אַרײַן אין קיך, געבליבן שטיין ווי אַ גולם מיט אַ צעעפֿנט מויל און געשריִען:

— וואָס איז? רבֿקהלע, האָסט שוין צעעפֿנט דײַן צעוואָרעמט פּיסקל?

דערווײַל האָט זיך מיסעס סאָלאָמאָן אַרויסגערוקט פֿון שטוב, ניט טויט, ניט לעבעדיק. זי האָט געשפּרײַזט איבער די טרעפּ, געשריִען און געשאָלטן.

— וואָס איז? וואָס פֿאַר אַ חתונה האָסטו אויפֿגעקאָכט? וואָס האָסטו פֿון איר געוואָלט, וואָס? — האָט זרח מיט כּעס געפֿרעגט.

— באַליידיקט אים די „ליובאָוויצע״! — דײַן גליק, וואָס כ׳האָב אײַך ביידע נישט געטראָפֿן — האָט רבקה זיך צעלאַכט.

— דו מיינסט, אַלע האָבן דײַן טבֿע? — האָט זרח געענטפֿערט — און ווו ביסטו דאָס פֿאַרפֿאַלן געוואָרן? כ׳האָב גערעכנט, האָסט געמאַכט פּליטה מיטן שיכּור.

— ס׳וואָלט קיין עוולה נישט געווען! — האָט רבֿקה געענטפֿערט, איז צו צום אײַזשענקל, אַרויסגענומען אַ באַנאַנע און געגעסן.

— ווער האָלט דיך, ליטווישע ב׳אמונה? גיב־צוריק מײַן געלט און גיי, ברעך הענט און פֿיס מיטן גראָבן שיכּור צוזאַמען!

— ווער פֿרעגט דיך עצות, בלינדער הונט? אַז כ׳וועל וועלן, וועל איך גיין!

— חצופֿה! — האָט דער בלינדער דורכגעזייט דורך די ציין, זיך אויפֿגעשטעלט, אויסגעגלאָצט די פֿאַרצעלײַענע אויגן, פֿאַרקוועטשט די פֿויסטן און זיך געטרייסלט.

רבֿקה איז צו נאָענט צום בלינדן און אים אַ כראַקע געטאָן גלײַך אין פּנים אַרײַן. דער בלינדער האָט פֿון כּעס אַ שלײַדער געטאָן דעם שטעקן, גענומען יאָגן ס׳ווײַב, איז געפֿאַלן ווי גרויס ער איז און זיך צעקלאַפּט. ער האָט גענומען רעווען ווי אַן אָקס.

רבֿקה איז צו צום מאַן, אים געגומען קושן, האַלדזן, געהאַלפֿן אויפֿהייבן און געלייגט אויפֿן בעטל.

— אַז אַלץ איז איבער דיר, זרח... — האָט רבֿקה אַ שולדיקע געזאָגט, גענומען דעם מאַנס האַנט און זיך געזעצט אויפֿן בעטל — ביסט מיך אַלץ אין איינעם חושד, אַז כ׳האָב עסקים מיט מאַריסן. כ׳ווייז דיר, אַז מאָרגן „מופֿט" ער אַרויס פֿון אונדז. למאַי, רענט? מיר קענען אַזוי פֿיל ניט צאָלן? וואָס גייט עס מיך אָן! ביי אונדז אין שטוב איז דאָך פּשוט אַ גיהנום!

— אויף מיין וואָרט, רבֿקהלע, מאַך אים צו „מופֿן", וועסט זען, איך אַליין וועל באַצאָלן דעם „רענט". כ׳וועל גיין אין די היזער. אַ בלינדן וועט יעדער געבן און דו וועסט דיר לעבן ווי אַ גרעפֿין, ווי אַ לידי, אַבי מאַך אים צו „מופֿן", דער שיכּור!

— לייכט צו זאָגן, וועסט גיין אין די היזער, מיר פֿאַרשוואַרצן דאָס פּנים. דאָס פֿעלט מיר נאָך! כ׳ווייס, כ׳האָב גערעכנט, מיר וועלן זיך מאַכן עפּעס אַ שטיקל „ביזנעס", גאָט וועט העלפֿן, מיר וועלן ווי עס איז דורכקומען... מיר זיינען דאָך ניט מער ווי דריי מענטשן! און דו האָסט מורא אַרויסצוגעבן דאָס ביטעלע פֿון דער האַנט. געטרויסט נישט דיין אייגן ווייב. און וואָס וועט זיין דער סוף?

— דאָס שרייַ איך דאָך! — האָט דער בלינדער אַ צופֿרידענער געזאָגט פֿאַרקאַטשענדיק דעם ווייב די אַרבל פֿון דער בלוזקע — וואָס הייסט, מענטשן לאַכן דאָך פֿון מיר אין די פֿויסטן? זיי טענהן, אַז דו מיט מאַריסן, כ׳ווייס... מיינסט, כ׳גלייב? אָסור, נישט! נאָר צו וואָס זאָל מען מאַכן מענטשן ריידן! און צוריק גערעדט, לאָז דיך נישט פֿאַרדריסן, קיינער הערט דאָך ניט, מיר לעבן עפּעס צוזאַמען, נו? מיינסט טאַקע, כ׳ברויך געלט? אָט, נאַ, דו האָסט דעם גאַנצן ביטל.

רבֿקה האָט אים אַרומגענומען און גענומען קושן. זרח האָט זי אַרויפֿגעשלעפּט אויפֿן בעטל.

*

מאָריס איז אַהיימגעקומען שפּעט בײַ נאַכט. ער איז גלײַך אַרײַן צו זיך אין צימער, פֿאַרמאַכט נאָך זיך די טיר און האָט אָנגעצונדן די גאַז. איבער דער ברייט פֿון בעט איז געלעגן פּיליפּ, אַן אָפּגע־דעקטער, און געכראָפּעט. מאָריס האָט אים אויסגעדרייט, אַרײַנגע־רוקט אין אַ ווינקל און זיך גענומען אויסטאָן.

די טיר האָט זיך שטיל געעפֿנט און רבֿקה איז אַרײַן אין אַ לאַנג, ווײַס נאַכטהעמד, די האָר פֿאַרקעמט מיט אַ צאָפּ אַראָפּ און געבליבן שטיין. מאָריס האָט עפּעס ווי ניט געגלויבט זײַנע אויגן, געקוקט אויף רבֿקהן און געשמייכלט. ער איז צו איר צוגעגאַנגען און האָט זי אַרומגענומען. רבֿקה האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון זײַנע הענט, זיך געזעצט אויפֿן בעט און אים געוויזן מיט דער האַנט, ער זאָל זיך זעצן בײַם טיש. מאָריס האָט זיך אַוועקגעזעצט און גע־וואַרט וואָס ווײַטער וועט זײַן.

— הער, מאָריס! — האָט רבֿקה שטיל געזאָגט — ווײַטער אַזוי צו לעבן איז אוממעגלעך! אויב דו האָסט מיך אין אמתן ליב, קום, לאָמיר אַוועק פֿון דאַנען נאָך הײַנט בײַ נאַכט. און אויב ניט, „מוף"! כ'וויל ניט האָבן קיין צוויי מאַנען!...

מאָריס איז ווי צעמישט געוואָרן, גענומען שטאַמלען:

— יאָ, יאָ, אָבער וווּ נעמט מען געלט?

— דער בלינדער האָט מיר אַוועקגעגעבן די גאַנצע צוויי הונ־דערט דאָלאַר, כ'זאָל דיך מאַכן צו „מופּן"... — האָט זיך רבֿקה צע־לאַכט.

מאָריס, ניט דערוואַרטנדיק אַזאַ ענטפֿער, האָט זיך אין גאַנצן פֿאַרלוירן. ער האָט אַרײַנגעכאַפּט אין מויל אַרײַן אַ וואָנצע און זי גענומען קײַען. ער האָט געקוקט, ווי רבֿקה ציט זיך אויס אויפֿן בעט, ווי גרויס זי איז, מיטן פּנים צום סופֿיט, ציט־אײַן איר לאַנג נאַכט־העמד אַרום דעם לײַב, אַזוי אַז אַלע גלידער פּרעסן זיך בולטער אַרויס, פֿאַרלייגט אַ פֿוס אויף אַ פֿוס, וואַרפֿט־אַריבער אויפֿן ווײַסן האַרץ דעם שוואַרצן צאָפּ, נעמט די הענט צוקאָפּנס און שמייכלט צו אים. מאָריס האָט מיט אַ מאָל אין אַלץ פֿאַרגעסן. דערפֿילט, אַז

עפּעס וואַקסט אין אים, ער ווערט ייִנגער, שטאַרקער, האָט ער זיך מיט אימפּעט אַ שטעל־אויף געטאָן און גענומען גיין צו רבֿקהן. רבֿקה האָט שמייכלענדיק אַפּירגענומען אַ האַנט, געוואָרן מיט אַ מאָל ערנסט און אים געדראָט, ער זאָל נישט צוגיין צו איר. מאָריס איז שטיין געבליבן מיט אַ פּאָר גלאַנציקע אויגן, זיך אַרומגעקוקט, ווי איינער וואָס זוכט הילף, און זיך גענומען קראַצן דעם קאָפּ. פֿיליפּ האָט זיך דערווײַל איבערגעוואָרפֿן, צעעפֿנט די אויגן און מיט אַ זיפֿץ ווידער אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

— און וואָס וועט זײַן מיט פֿיליפּן? — האָט מאָריס געפֿרעגט

— מען מוז דאָך אים מיטנעמען!

— מען וועט קיינעם ניט מיטנעמען! — האָט רבֿקה געענט־פֿערט. פֿונאַנדערפֿלעכטנדיק איר לאַנגן צאָפּ — אויב דו ווילסט, טו זיך אָן און מיר פֿאָרן. גיכער!

דאָ האָט רבֿקה אַ צי־אַרײַן געטאָן אירע פֿיס אין לאַנגן נאַכט־העמד, אַ צאַפּל געטאָן מיט אירע אַקסלען און מיט אַזאַ גלאַנציקער פֿײַכטקייט פֿאַרזשמורעט די שוואַרצע אויגן, אַז מאָריסן איז אַ וואַרעם פֿרעסטל דורכגעלאָפֿן איבערן לײַב. ער האָט זיך לײַכט אַראָפּגע־לאָזט אויף די קני, צעשפּרייט די הענט, אָנגענומען אַ טראַגישע פּאָזע און מיט פּאַטאָס אויסדעקלאַמירט:

— „אָ, מײַן זיסער אַמאָר! דײַן וואָרט גיב נאָר — גיב!... איך האָב דיך ליב, זאָג! האָסטו מיך אויך ליב?“

*

פֿאַר טאָג האָט זיך דער בלינדער אויסגעטשוכעט, גענומען וועקן דאָס ווײַב: „רבֿקה! רבֿקהלע!“, זי געזוכט נעבן זיך מיט די הענט. ער האָט געפֿילט, ווי עפּעס רײַסט זיך אָפּ בײַ אים אין האַרצן. נישט געפֿינענדיק רבֿקהן, אַן אויפֿגערעגטער, איז ער אַראָפּ פֿון בעט און איז צו צו סילווען.

— שטיי אויף, ממזרת, דערשטיקן וועל איך דיך!... — האָט זרח געשריִען, טרייסלענדיק די פֿאַרשלאָפֿענע סילווע — האָדעווע־אויס טעכטער! אויסגערונען דאַרפֿן זיי ווערן!...

סילווע האָט זיך אָן איבערגעשראָקענע אויפֿגעכאַפּט, זיך צע־וויינט:

— וואָס ווילסטו פֿון מיר? וואָס קנײַפּסטו מיך?

—— גיי שוין אַרײַן צו מאָריסן! זע, צי רבֿקה איז דאָרט דאָ, גיכער! זי האָט דעם לעצטן סענט פֿון מיר צוגענומען, די „באָמער־קע [27]! וואָס ליגסטו? גיי!

סילווע איז אַ נאַקעטע אַראָפּ פֿון בעטל און כליפּענדיק אַרײַן אין מאָריסעס צימער. דער בלינדער איז איר נאָכגעגאַנגען.

— רבֿקה איז דאָ ניטאָ... — האָט סילווע אַ פֿאַרוויינטע געזאָגט.

— ניטאָ? און מאָריס שלאָפֿט נאָך?

— מאָריס איז אויך נישטאָ. פֿיליפּ אַליין שלאָפֿט אָן קישנס.

— אַ בראָך צו מיר! — האָט דער בלינדער אַ רעווע געטאָן

— ס׳האַרץ האָט מיר באַלד געזאָגט, אַז ס׳איז נישט גלאַטיק. זיי זײַנען אַנטלאָפֿן, מיך איבערגעלאָזט אַ בלינדע קאַליקע, אָן אַ סענט! וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

פֿיליפּ איז פֿון די קולות אויפֿגעקומען און אַ פֿאַרוווּנדערטער זיך געפֿרעגט: „וואָס איז דאָ?”

— דײַן טאַטע, אַז דער ערשטער דונער זאָל אים טרעפֿן, איז אַנטלאָפֿן מיט רבֿקהן, צוגענומען דעם לעצטן סענט און דיך אויך איבערגעלאָזט! די הינט צעטיילט! — האָט זיך דער בלינדער צע־שריִען און זיך אַ וואָרף געטאָן מיט צעשפּרייטע הענט אויפֿן בעט, אָנגעכאַפּט פֿיליפּן פֿאַרן קאָפּ און אים גענומען שטיקן, אַרויסלאָזנדיק בשעת מעשׂה אויפֿטרייסלענדיקע קולות.

פֿיליפּ האָט געשלײַדערט מיט די פֿיסלעך, געביסן דעם בלינדן, געשריִען: „בעסטאַרד, געט יאָר סײַז!” [28], געבעטן סילווען, זי זאָל אים נישט לאָזן שלאָגן. סילווע האָט זיך אַ פֿאַרוויינטע אַרומגעוויקלט ווי אַ שלאַנג אַרום דעם פֿאָטערס פֿיס, געקנײַפּט, געקוויטשעט ווי אַ יונג חזירל. דער בלינדער האָט מיט אַ מאָל אָפּגעלאָזט פֿיליפּן,

---

[27] שווינדלערקע. — [28] ממזר, קריג דײַן מאָס! (נעם דײַנס גלײַכן).

דערלאַנגט סילוועץ אַ שלײַדער פֿון זיך און געבליבן שטיין אין מיטן שטוב, אַ בלאַסער, מיט אַ פּאָר פֿאַרגלייזטע אויגן, מיט אַ ברייט צעעפֿנט מויל. ער האָט פֿאַרבראָכן די הענט און געטענהט מיט אַ ניגון, ווי מען באַקלאָגט אַ טויטן:

— וואָס טוט מען? ווי האָבן זיי מיך איבערגעלאָזט? ס׳בלײַבט מיר נישט איבער מער ווי צו וואַרפֿן זיך אין ים אַרײַן!...

סילווע איז געלעגן אין אַ ווינקל און געכליפּעט. פֿיליפּ האָט, ווי פֿאַרגעסן אין די קלעפּ, דאָ געקוקט אויף דעם בלינדן, דאָ אויף סילוועץ, דערזען אַז ער שלאָפֿט אָן אַ קישן, אַז דעם טאַטנס וואַליז איז נישטאָ, אַז ער האָט אים איבערגעלאָזט — האָט עס אים פֿאַר־קוועטשט אונטערן האַרצן און ער האָט זיך שטיל צעוויינט.

*

פֿאַר נאַכט. פֿיליפּ איז אַרײַן אין שטוב מעשׂה באַלעבאָס, מיט אַ ברייטן „גוט איווונינג״. בײַם טיש איז געזעסן דער בלינדער, גע־שניטן אַ טאָמייטאָ אין קליינע רייפֿטלעך, געטונקען אין זאַלץ און געגעסן מיט ברויט. פֿון קיך איז אַרײַן סילווע מיט פֿאַרקאַטשעטע אַרבעלעך. אַרום די זײַטן רבֿקהס אַן אַלטער פֿאַרטעך און מיט אַ שמייכל פֿון אַ יונג ווײַבעלע האָט זי פֿיליפֿן געפֿרעגט:

— האָסט עפּעס אַ סך געלט געמאַכט?

פֿיליפּ האָט געשמייכלט, אַרײַנגעשטעקט די הענט אין די הויזן־קעשענעס און גענומען שלעפֿן „פּענעס״.

— נאַ! — האָט ער גדלותדיק אַרויסגעזאָגט — דאָ האָסטו אַ טאָלער מיט פֿופֿציק סענט.

— דזשי! „אַ האָל לאָט״ [29] מיט געלט! — האָט סילווע אויס־געשריִען, אַרויף אויף אַ בענקל, געכאַפּט אַ פֿולע האַנט פּענעס און זיך קאָקעטיש געפֿרעגט בײַ פֿיליפֿן:

— נו, טרעף: „דראָד — אום״?

— דראָד! — האָט פֿיליפּ געענטפֿערט.

---

[29] לאַך! אַ גאַנצער פּאַק מיט געלט!

סילווע האָט געעפֿנט דאָס הענטל.

— אָבער, נישט געטראָפֿן, „אום"!

— גרייט בעסער צום טיש, סילווע! וועסט שפּעטער שפּילן. פֿיליפּ איז דאָך הונגעריק! — האָט זרח זיך אַרײַנגעמישט.

פֿיליפּ האָט הנאה געהאַט פֿון זרחס רייד. ער האָט זיך געפֿילט מעשׂה גרויסער מענטש. בײַם טיש האָט זרח אים דערציילט מעשׂיות, וועלכע ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען, נאָר גאָר נישט. ער האָט אויסגעהערט, געפֿילט אַז ער איז געוואָרן מיט אַ מאָל עלטער.

נאָכן עסן האָט פֿיליפּ געהאָלפֿן סילווען אָפּוואַשן דאָס געפֿעס, אַוועקגעגעבן דאָס געלט דעם בלינדן, אײַנגעזונגען אַ ליד און אַוועק מיט סילווען אין „מווינג־פּיקטשורס" [30]. עס האָט זיך געוועבט אַן אַן אומענדלעכע פּריירי מיט כוואַליענדיקן גראָז.

פֿיליפּס שוואַרצע אויגן האָבן אַ פֿינקל געטאָן. ער האָט זיך פֿעסט צוגערוקט צו סילווען, אָנגענומען איר וואַרעם הענטל, איר אַ שטאָרך געטאָן מיטן עלנבויגן און געהייסן האָט עס: „קוק!". עס האָט זיך עפּעס באַוויזן פֿון דער ווײַטנס — אַ פֿלעק. דער פֿלעק איז געשוווּמען, געשפּאַנט אַלץ נענטער און נענטער און אָט האָט ער זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ געדיכטן נעפּל, אײַנגעהילט די פּריירי: דער נעפּל האָט זיך צעשפּאָלטן, פֿונאַנדערגעשווּמען אין אַ מחנה נאַקעטע אינדיאַנער מיט קאָלירטע פֿעדערן און די רויט־געפֿאַרבטע האָר זײַנען אַרויסגעשפּרונגען אויף צעווילדעוועטע פֿערד, געפֿירט אַ ווײַס מיידל מיט צעלאָזטע, גאָלדענע לאָקן און פֿאַרשווּנדן. דער נעפּל האָט זיך פֿאַרצויגן.

סילווע איז געזעסן מיט טרערן אין די אויגן און אַרויסגעלאָזט אַ וויינעדיקן „דזשי". פֿיליפּ איז געווען רויִקער. ער איז געווען זיכער, אַז באַלד וועלן אַרויס קאָווּבאָיס מיט פּיסטאָלעטן און וועלן „פֿײַטן" [31] די אינדיאַנער.

---

[30] קינאָמאַטאָגראַף. — [31] באָקסן, שלאָגן זיך.

פֿון דער ווײַטנס האָבן זיך באַלד באַוויזן קאָובאָיס אין העמדער, ברייטע פֿילצענע קאַפּעליושן, מיט קאָלירטע טיכלעך אַרום האַלדז. זיי האָבן זיך געטראָגן ווי פֿײַל פֿון בויגן אויף זייערע אויסגעצוי־גענע פֿערד, זיך געריסן פֿון דעם לײַוונט, אַרומגערינגלט די אינ־דיאַנער, גענומען שיסן. די אינדיאַנער האָבן געלאָזט דאָס מיידל און זײַנען אַנטלאָפֿן.

— שיין? — האָט פֿיליפּ אַ צופֿרידענער געפֿרעגט סילווען.

— זייער שיין! — האָט סילווע געענטפֿערט.

— און דו וואָלסט ניט מורא געהאַט צו פֿאָרן אין דער „וועסט" זיך „פֿײַטן" מיט אינדיאַנער? — האָט סילווע געפֿרעגט.

— „שור" [32], נישט — האָט פֿיליפּ געענטפֿערט — וואַרט, מיר וועלן נאָר אונטערוואַקסן, וועלן מיר פֿאָרן צוזאַמען. וועסט זען, ווי איך וועל זיך יאָגן נאָך אינדיאַנער. כ'וועל שיסן מיט אַ רעכטן פּיס־טאָל, ווי אַ פּאָליצײ־מאַן, אָט אַזוי! פּיף־פּאַף!

— און אַז זיי וועלן מיך כאַפּן? — האָט סילווע טרויעריק גע־פֿרעגט.

— וועל איך צונויפֿנעמען אַ חבֿרה קאָובאָיס און דיך ברענגען צוריק.

— און אַז זיי וועלן מיך אויפֿעסן? זיי עסן דאָך מענטשן!

דאָ איז פֿיליפּ געבליבן שטיין אין אַ פֿאַרלעגנהייט, ניט וויסנ־דיק וואָס צו ענטפֿערן. באַלד האָט ער אַ שפּײַ געטאָן, מעשׂה כוואַט, און געזאָגט:

— זעסט, כ'גיי שוין עטלעכע יאָר אין „מוווינג פּיקטשורס" און איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געזען, זיי זאָלן עסן אַ ווײַסן — תּמיד כאַפּט מען זיי.

דאָס האָט סילווען באַרויִקט און זיי זײַנען געגאַנגען אַהיים. אין דער היים איז דער בלינדער ניט געווען — די קינדער האָבן ניט אָנגעצונדן די גאַז און זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן בעט.

---

[32] אמת, געוויס.

— ווייסט — האָט פּיליפּ זיך געווענדט צו סילוועז — אַז כ׳וועל אונטערוואַקסן, וועל איך אָנזאַמלען געלט, אַרײַן אין אַ סקול און ווערן אַן עקטער. דו ווייסט, דער טאַטע פּלעגט מיר זאָגן, אַז די שענסטע מיידלעך וועלן צו מיר קומען?...

— און דו וועסט זיי אַרײַנלאָזן?

— שור! זיי וועלן מיך בעטן, כ׳זאָל פֿאַר זיי זינגען...

— כ׳וויל ניט! — האָט סילווע אַן אָנגעברוגזטע געזאָגט. אַז זיי וועלן דיך הערן, לאָזן זיי גיין אין טעאַטער אַרײַן. כ׳וויל, דו זאָלסט זינגען נאָר פֿאַר מיר!

— טאָ פֿאַר וואָס ביסטו אַזאַ שלעכטע, ווילסט מיר קיין מאָל קיין קוש ניט טאָן? — האָט פּיליפּ געזאָגט.

— מען טאָר זיך ניט קושן! — האָט סילווע קאָקעטיש געענטפֿערט.

— טאָ פֿאַר וואָס האָט דער טאַטע געקושט? — האָט פּיליפּ זיך שטיל געפֿרעגט. — דו ווייסט, פֿיל מאָל, ווען כ׳פֿלעג אויפֿקומען בײַ נאַכט, האָב איך געזען, ווי דער טאַקע האָט רבֿקהן געקושט.

— טאַקע? — האָט זיך סילווע געפֿרעגט אַ נײַגעריקע.

— כ׳זאָל אַזוי לעבן! איין מאָל בין איך אויפֿגעקומען, האָב איך זיך דערשראָקן. רבֿקה, אַ נאַקעטע, האָט מיך אַרומגענומען און געקושט. דער טאַטע האָט מיר אַ „פּאַנטש"[33] געטאָן און מיר זיך געהייסן אויסדרייען צו דער וואַנט.

— און וואָס האָט דער טאַטע געטאָן?

— ער האָט זי אַרומגענומען, געקושט, געביסן, כ׳ווייס וואָס?

— דו ווייסט! — האָט סילווע געזאָגט — אַזוי ר׳נאָך האָט מען קינדער!

— גיי, ביסט אַ נאַר! פֿון קושן האָט מען נישט קיין קינדער! סילווע, דו ווייסט דורך וואָן מען האָט אַ קינד?

— שור, ווייס איך. דורכן נאָפּל!

---

[33] אַ זעץ, אַ קלאַפּ געגעבן.

— טאָקע? כ׳האָב גאָר נישט געוווּסט! כ׳האָב גערעכנט, כ׳ווייס: מען שיקט עס אַראָפּ צו מע...

די קינדער זײַנען אָפּגעזעסן ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַרײַן, זיך אויסגעטענהט און, אַז די אייגעלעך האָבן זיך גענומען בײַ זיי קלעפּן, האָבן זיי זיך אַרומגענומען, אײַנגעפּלאָכטן די הענטלעך און אַנטשלאָפֿן געוואָרן צוזאַמען אויפֿן בעטל.

שפּעט בײַ נאַכט איז דער בלינדער אַהיימגעקומען, אויפֿגעזוכט די קינדער, זיי אַרומגעטאַפּט און זיך פֿונאַנדערגעוויינט:

— מײַנע פּרנסה־געבערס!

נ״י 1913

זישאַ לאַנדוי

# גאַמען

— 1 —

איך וואָלט געקויפּט אַ פֿערד, ווען איך זאָל קענען רײַטן,
און רויִק וואָלט איך זיך געלאָזן אין מײַן וועג;
אַזוי וואָלט איך געפֿאָרן טריט־בײַ־טריט באַגלייטן
די שטאַרבנדיקע טעג.

און ווען מײַן לעצטער אָוונט וואָלט זיך אָנגעצונדן,
און אויף מײַן מידער ערד וואָלט זיך מײַן נאַכט צעשפּרייט —
צוזאַמען מיט מײַן טרײַען פֿערד וואָלט איך פֿאַרשוווּנדן
פֿון קיינעם נישט באַגלייט.

— 2 —

טו איך מיר די שטיוול אויס,
און וועל באַרוועסדיקערהייט

שלײַכן זיך בײַ נאַכט אַרויס
פֿון מײַן אַלטן קאַלטן הויז.
דאָרטן, וווּ דער וועג זיך שפּרייט,
שפּרייט זיך, ברייט זיך קאַלט און גרויס,
קליין, אַליין, צונויפֿגעדרייט
בלײַב איך שטיין מיר שטומערהייט.

— 3 —

איך וויל גאָר נישט, און אויב כ׳וויל וואָס, איז עס גאָר ניט פֿיל:
קיינער זאָל אין טיר ניט קלאַפּן, זײַן זאָל שטענדיק שטיל.
און ניט פֿײַפֿן אין דעם קוימען זאָל אַ ווינט בײַ נאַכט,
כאָטש מײַן ליד אַזאַ מין פֿײַפֿן שענער וואָלט געמאַכט.

יאָ, צו לידער מוז אין קוימען פֿײַפֿן בייז דער ווינט,
די געליבטע מוז נאַיִוו זײַן, ווי אַ קליינטשיק קינד,
אָבער מיר צו וואָס? איך וויל נאָר, זײַן זאָל רויִק, שטיל,
איך וויל גאָר נישט, און אויב כ׳וויל וואָס — זעט איר דאָך ווי פֿיל.

— 4 —

עס וועקט זיך ווו אַ שטילע שײַן
און וויגט זיך, וויגט זיך שוואַך און מיד,
פֿאַראומערט האָרץ מײַנס, דרימל־אײַן!
עס וועקט זיך ווו אַ שטילע שײַן.
און עמעצס אײַלנדיקע טריט
פֿאַרזינקען אין דער נאַכט אַרײַן —
עס וועקט זיך ווו אַ שטילע שײַן
און וויגט זיך, וויגט זיך שוואַך און מיד.

— 5 —

ווו ערד און הימל קומען זיך צוזאַמען,
אַ נאַכט אַ טיפֿע נעמט פֿונאַנדערבליִען;

פֿאַרלאַנגען, וואָס בײַ טאָג פֿאַרחלשט טליִען,
מיט לײַדנשאַפֿט אין האַרצן נעמען פֿלאַמען.

עס שפּרייט זיך אויס אַ ברייטע וועלט אָן צאַמען,
און גרינע אויגן־פֿונקען שוועבן, פֿליִען,
אַיעדער נערוו אין דיר נעמט זינלעך בריִען,
דו אײַלסט, דיך שרעקט: דו זאָלסט ניט וואָס פֿאַרזאַמען.

מיט פֿרויען וואַכיקע די גאַסן ווייען
און מאָדנע רייצנדיק זיך פֿיסלעך שטעלן,
און נעבן ווענט אין מיאַוקען קעץ פֿאַרגייען.

ווי שטיינער באַרג־אַראָפּ, ווי גיכע וועלן,
פֿאַר מײַנע אויגן הייבן־אָן זיך דרייען
די נאַכט, די קעץ, די פֿרויען און האָטעלן.

## דערנער

— 1 —

Warum sind denn die Rosen so blass.
O, sprich, mein Lieb', warum?

פֿון לידן טונקלע, אַנגסטלעך־שטום,
איך דריק אַלץ פֿעסטער, פֿעסטער צו דער קאַלטער שויב
מײַן הייס געזיכט:

Warum sind denn die Rosen so blass.
O, sprich, mein Lieb', warum?

כ'קער אָפּ זיך פֿון דער שויב מיט שרעק —
אוי, גאָט, מײַן גאָט!

ס'האָט אויף איר פּראַסטיק היטל אָפּגעדרוקט זיך מײַן געזיכט —
אַ בייזער פלעק — — —
און ווינקט צו מיר מיט גאַל און שפּאָט:

Warum sind denn die Rosen so blass.
O, sprich, mein Lieb', warum?

— 2 —

אוי, די אויגן מיר פאַרדעק —
אַלעס זעען זיי דאָך, אַלעס,
ס'טראָגט מײַן שיפל זיך אויף כוואַליעס
פונעם טעמפּן ים פון שרעק.

כ'בין אַ קליין און גלייביק קינד
מיט אַ טיף צעקנייטשטן שטערן...
מײַנע נערוון — הערן, הערן
און דאָס האַרץ מײַנס — בלינד איז, בלינד.

— 3 —

אין דער פינצטער זײַנען דײַנע אויגן שענער —
מאַך די בייזע, סקריפּענדיקע לאָדן צו!
דעמאָלט איז דײַן קליינער פוס נאָך קלענער,
ציטעריקער, בייגזאַמער ביסטו — — —

אין דער פינצטער קלינגט דײַן שטימע בילדער־רײַכער
דעמאָלט ווייט פון דיר אַזוי פיל פרייד און רו;
דײַנע פינגער ווערן ווייכער, בלייכער,
ציטעריקער, בייגזאַמער ווערסטו — — —

— 4 —

זײַנען מיר אַלע געבוירן אָן ווילן,
זײַנען מיר אַלע אָנמעכטיק און קליין —

לאָמיר ווי קינדער, ווי קליינע, זיך שפּילן,
ווען אונדזער זון וועט אין הימל פֿאַרגיין.

פֿייגעלעך פֿליִען־אַרום אין דער לופֿטן,
שאָטנדלעך שפּרינגען־אַרום אויף די ווענט,
וועלקנדע בלומען, ווי בליִענדע דופֿטן,
צאַרט זײַנען, ווייך זײַנען מיידלשע הענט — — —

— 5 —

ס׳נעמט אָוונטן. מיר האַלטן־אײַן דעם אָטעם. זיצן שטיל און הערן,
ווי ערגעץ ווו נעמט פֿאַר דער וועלט וועך נעצן פֿינצטערע צו שטריקן,
און באַנג און באַנגער ווערט. און פֿון די טונקל־גרינלעכע פֿאָרטיערן,
אין פֿאַלדן זיי׳רע אײַנגעשלאָסן, וואַרפֿט די שרעק אונדז אירע בליקן.
און שטיל און שטילער ווערט. עס זינגט איצט אירע לאַנגע מידע קלאַנגען
די מידע שטילקייט אויס. כ׳דריק צו אַ שויב מײַן שטערן דעם צעגליטן . . .
אַלץ טונקעלער . . . אַ מיידל צום קלאַוויר איז פּלוצעם צוגעגאַנגען,
נעמט האַסטיק אייניקע אַקאָרדן, וואַרפֿט־אַוועק זיי ראַש אין מיטן,
און ווי אין אַנמאַכט ווערט אין פליושענעם פֿאָטעל צוריק פֿאַרזונקען.
פֿלעכט פֿיבעריש איין האַנט אין צווייטער. קוקט אויף אַלעם מיט אַ שטוינען
אַ רגע שטיל. עס וויספּערט טונקל ווער. און גלײַך דער זאַל דערטרונקען
געוואָרן איז אין איר היסטעריש־נאַיענדיקן לאַכן־וויינען.
מיר קוקן שווײַגנדיק זיך אָן. כ׳דריק פֿעסטער צו דער שויב מײַן שטערן.
מיט ציטעריקע ליפּן נעמט דאָס מיידל אין זיך ס׳וויינען שטיקן.
און בלייך און בלייכער ווערט. און פֿון די טונקל־גרינלעכע פֿאָרטיערן,
אין פֿאַלדן זיי׳רע אײַנגעשלאָסן, וואַרפֿט די שרעק אונדז זײַנע בליקן.

— 6 —

ווען ס׳נעמט די ווינטערזון די לעצטע שטראַלן אויף מײַן פֿענצטער שפּרייטן,
באַלײַכטנדיק די שויבן מיט אַ קופּער־גרינעם שײַן, אַ קאַלטן,
פֿון שופֿלאָד נעם איך דעמאָלס מיר אַרויס פֿאַרוועלקטע געלע קוויטן,
זיי האָב איך זומער דאָרט באַהאַלטן.

און פֿײַנלעך שמייכלענדיק נעם איך מיט זיי דײַן יוגנטבילד באַקראַנצן,
און קינדיש־לאַכנדיקע אויגן מיט פֿאַרוועלקטער בלום פֿאַרדעקן,
די קינדיש־לאַכנדיקע אויגן מיט פֿאַרוועלקטער בלום פֿאַרדעקן.
די קינדיש־לאַכנדיקע אויגן — — —

— 7 —

פֿאַר אַלעם זאָלסטו מיר פֿאַרגעבן,
ווי׳אַ בעטלער שטיי איך בײַ דײַן טיר,
דערפֿאַר וואָס האָסט געמוזט צעטרעטן מיר מײַן לעבן —
זײַ מוחל מיר!

ווײַל ס׳מוז פֿאַר שאַנד דײַן פּנים ברענען,
וואָס האָסט אַמאָל געהאַט מיך ליב;
און ווײַל פֿאַרגעבן וועסטו קיין מאָל מיר נישט קענען —
פֿאַרגיב! פֿאַרגיב!

— 8 —

פֿאַרשפּרייט איבער מיר דײַן גענאָד:
צו שווײַגן גיב כּוח מיר, גאָט!

## נעגערינס

אַ מאָל אַ קאַלב, אַ מאָל אַ הונט דערמאָנען אײַ׳רע אויגן,
ווי בײַ חזירים זײַנען אײַ׳רע ליפּן גראָב,

און איי׳רע בײַכער העגגעגן גלײַך ווי זעק אַראָפּ,
ווי בײַ אַ פּראָש איז אײַער נאָז צעצויגן;
און הענט האָט איר ווי אַפּן
באַשאַפֿן גאָטס ווערק צו פֿאַרשעמען —
אָדער מיך אַרומצונעמען.

נ״י 1914

## אין דער יוגנט זיינען מיידלעך...

אין דער יוגנט זײַנען מיידלעך
פֿון די יינגלעך שענער, ליבער,
נאָר די מיידלעך ווערן מיאוסער,
ווען די יוגנט גייט־אַריבער.

ס׳איז דער מאַן פֿון ערד באַשאַפֿן,
טראָגט איר קראַפֿט אין זיך פֿאַרהוילן.
פֿון אַ ריפּ איז ס׳ווײַב באַשאַפֿן —
פֿלייש און ביינער מוזן פֿוילן.

און מיט שמירעכצן אַזוינע
טוען זיך די ווײַבער שמירן,
אַז מען זאָל דעם שלעכטן ריח,
וואָס עס גייט פֿון זיי ניט שפּירן.

נ״י 1914

## מיידלשע געזאַנגען

— 1 —

איך קוק אַלץ אויפֿן זייגער,
דאָס האַרץ גייט־אויס פֿאַר שרעק.

כ׳וועל זיבן, שרײַבסטו, קומען
און אַכט איז שוין אַוועק.

דאָס אָונטבברויט צו עסן
האָב איך הײַנט נישט געקענט,
געצערטלט מיר די פֿינגער —
דו קושסט דאָך מײַנע הענט.

איך ווייס ניט, צי געדענקסטו,
ווי ס׳האָט אַמאָל דײַן האַנט
די האָר מיר — כ׳זאָג קיין ליגן —
געגלעט שטיל נאָך אַנאַנד —

כ׳האָב זיי באַדעקט מיט קושן
און ליב אַזוי פֿאַרקעמט,
„אַ שיינע מיידל בין איך״ —
געמורמלט האַלב פֿאַרשעמט.

דו קום נאָר, קום נאָר גיכער,
דער זייגער שלאָגט שוין נײַן!
מיר וועלןביידע זיצן
אין גרויסן טאָג אַרײַן.

— 2 —

דו ניט צייל נאָר מײַנע יאָרן
און די קנייטשן פֿון מײַן שטערן,
איך בין ייִנגער שוין געוואָרן
טראַכטנדיק: כ׳וועל דײַנע ווערן.

ס׳נעמט אַ פֿרייד דאָס האַרץ מיר קלעמען,
— כ׳זאָל נאָר ניט דעם קאָפּ פֿאַרלירן —
דו וועסט קומען, וועסט מיך נעמען,
וועסט אַהיים צו זיך מיך פֿירן.

אַלט וועל איך פֿון פּראַצע ווערן
איידער ס׳וועט די עלטער קומען.
גוט! ווען ס׳וועט נאָר גאָט באַשערן
אַז אַ קינד צום יאָר זאָל קומען.

זינגענדיק וועל איך פֿאַרוויגן
ס׳קינד צוזאַמען מיט מײַן טרויער...
און איך פֿײַן זיך יאָרן וויגן,
און איך ווער מיר גרויער, גרויער...

— 3 —

אוי, ווי ס׳פֿלאַמט מײַן אויער —
ס׳טרײַבט רכילות ווער.
איך באַדויער גאָר נישט,
דאָך ווערט אָפֿט מאָל שווער.

נאָר אַ טרייסט געווען
וואָלט מיר אין מײַן פּײַן,

ס׳קינד, וואָס דאַרף באַלד קומען,
זאָל אַ מיידל זײַן.

ווערט זי עלטער, זאָג איך
אַלעס איר אַליין.
ס׳משפּט ניט אַ טאָכטער,
זי וועט מיך פֿאַרשטיין.

— 4 —

ניין, איך גלייב ניט, כאָטש דו שווערסט זיך:
ליבסט מיך מער שוין ניט אַצינד —
טראָג איך נישט דורך פּײַנען שווערע
אין מײַן האַרצן איצט דײַן קינד?

אַלע טאָג בײַ גאָט נאָר בעט איך:
ס׳קינד זאָל ענלעך זײַן צו דיר —
גלעטנדיק דאָס קינד מיט ליבע,
וועסט נישט טראַכטן דען פֿון מיר?

מעגן ימען דיך פֿאַרטראָגן,
מעג אונדז שיידן שטאָט צי לאַנד —

אייביק האַלט אונדז פֿעסט צוזאַמען
עפּעס אַ געהיימע האַנט.

## עפּילאָג

ווײַל ס׳האָט אַזוי געמיין פֿאַרשוויגן מיך די פּרעסע
און וואָס איך עס אויף מיטאָג שרײַבט זי קיין מאָל ניט —
דערפֿאַר קען איך בין איצט ניט קריגן קיין מעטרעסע
און נידעריקער פֿאַלן נעמט אַלץ מײַן קרעדיט.

און וואָס אַ טאָג געם איך אין חובֿות טיפֿער זינקען,
אומזיסט נאָך מעצענאַטן שפּרייט איך אויס די הענט —
אַ גליק, וואָס כ׳קען „מאַרטעלס" דערלויבן מיר צו טרינקען
און שוואַרצע קאַווע קאָסט אין גאַנצן פֿינעף סענט.

וואָלט קאַווע טײַ׳רער זײַן — וואָלט איך זיך אויפֿגעהאַנגען,
און דיכטערס גלײַך צו מיר איז גאָר נישטאָ קיין סך!
דאָך ווי דער פּרײַז שטייט איצט — מיט הערלעכע געזאַנגען,
קען איך מיר גליקלעך מאַכן אונדזער פֿאָלק און שפּראַך.

נ״י 1912

## א. ראַבאָי

## דער לייכטטורעם

עס אַנטפּלעקן זיך בערג, פֿלאַכע און לאַנגע, וועלכע הויערן איינע איבער די אַנדערע, און צווישן זיי ציט זיך אַ לאַנגער פּאַס וואַלד, פֿון וועלכן מען זעט נאָר רונדע קעפּ פֿוןביימער, און נאָך דעם ווײַטער אַ קייט פֿון בערג, וואָס זעען־אויס ווי טרעפּ צום הימל. און יאָגט דער נעפּל זיי אַריבער, עפֿנט זיך אויף אַ גרויע אומ־ענדלעכקייט.

לאַנג האָב איך ניט געוווּסט און בײַ קיינעם ניט געוואָגט צו פֿרעגן, וואָס די גרויע אומענדלעכקייט באַטײַט, ביז איין מאָל בין איך אין וואַלד אַוועק. אויסגעקליבן דעם העכסטן בוים און געשטיגן צו זײַן שפּיץ. פֿון דאָרט האָב איך געקאָנט זען, אַז דאָס איז אַזאַ וואַסער — אַ טײַך.

אַ טײַך האָט ברעגן. און איך זע נאָר איין ברעג און ווײַטער איז נישטאָ קיין ענד. איז דאָך דאָס געוויס דער ים אָדער ריכטיקער — דער אויסגוס פֿון ים, מיט וועלכן איך בין אַהער געקומען. דער „לאָנג איילאַנד סאַונד".

— געבענטשט — זאָג איך דאַן צום קאַשטאַנבוים — זאָלסטו זײַן, וואָס דײַנע אָדערן זייגן אין זיך אַרײַן פֿײַכטקייט פֿון די ברעגן פֿון אַזאַ וואַסער!

איך באַטראַכט דעם בוים. גלײַך ווי אַ סטרונע ציט ער זיך פֿון דער ערד. אונטן גראָב און וואָס העכער גייט ער דינער, אַקוראַט ווי אַ מיידלשער קערפּער, ביז ער קומט צו די צווײַגן, וועלכע צע־שפּרייטן זיך איינער איבער דעם אַנדערן. יעדער צווײַג פֿון איין אָרט און שטאַם: פֿריִער גלײַך און רונד, און נאָך דעם פֿאַרקרימען זיי זיך אַרויפֿצו און צעשיטן זיך אין מילי־מיליאָסן קליינטשינקע צווײַגעלעך. און אויף יעדן צווײַגל אַ בלעטל. און אין יעדן בלאַט שטריקן זיך פֿון שטאַמל גראָבלעכע אָדערן, פֿון וועלכע עס ציִען זיך קליינע, דינע אָדערלעך. און די אָדערלעך גרייכן ביז אין זוים פֿון בלאַט. און אין זוים טאָקן זיך אַרײַן אַזוינע פֿאַרשיידענע שפּיצן.

— זאָג מיר, דו, גרויסער קאַשטאַן, זאָג, וואָס פֿאַר אַ זאָרג נאָגט איצט דײַן האַרץ?

— ענטפֿערסטו מיר ווײַטער מענטש? — אַזוי ענטפֿערט דער בוים.

— קאַשטאַן, הויכער, גרויסער בוים! איך גיב דיר אַוועק — אָט הערן אַלעביימער — די קרוין: זײַ פֿון הײַנט אָן בײַ מיר אין וואַלד דער קעניג פֿון אַלע ביימער. איך פֿאַל פֿאַר דיר אויף די קני.

זאָג מיר, פלאַמט אין דיר עפּעס אַ האָפענונג, אַ פאַרלאַנג, וואָס דו פילסט, אַז עס וועט קיין מאָל ניט אויסגעפירט ווערן ?

עס איז קיין ווינטל ניט געקומען. עס האָט קיין בלעטל ניט באַוועגט זיך. און דער בוים שווײַגט.

פאַרלאָז איך אים און גיי־אַרײַן אין אָפענעם פעלד, וואָס איך האָב מיט מאַיס פאַרפלאַנצט. די פלאַנצן שטייען אין גלײַכע ליניעס. פון אַלע פיר זײַטן פון פעלד, פון אַלע פיר ווינקלען פון פעלד, זעען זיך באַגלײַכע שטאַמען, פון וועלכע עס שטריקן זיך טונקל־גרינע ברייטע בלעטער. איך נעם אַ שטאַם, וואָס שטייט אין עק פעלד און צייל־איבער זײַנע בלעטער ; איך גיי־אַרײַן אין מיטן פעלד, קלײַב ניט. נאָר טו אַ נעם די פלאַנץ, וואָס קומט צוערשט אין מײַנע הענט, צייל איבער די בלעטער — בײַביידע זײַנען די בלעטער פיר אין צאָל.

גיי איך איבער דער לענג און ברייט פון פעלד; ווי אַ שטאָל־צער גענעראַל צווישן זײַנע רעגימענטן: — איך האָב דאָס פאַרפלאַנצט!

דערנעבן שטייט מײַן הויז, אַ פירעקיקע. נידעריקער — די שטאַל פון מײַנע שאָף און רינדער, אַ לענגלעכע, אין איין ליניע מיט אַנ־דערע שפּײַכלערס. די צוימען, וואָס רינגלען־אַרום די פעלדער, זײַנען פון פירעקעכיקע שטיינער, וועלכע גייען געשלאָסן איינער אין דעם אַנדערן ; אַ שטיין איבער צווי און צווי שטיינער איבער איינעם.

איך טראַכט זיך אַרײַן אין די פאַרלאָפענע הונדערטער יאָרן. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען וואַלד און שטיין. זײַנען געקומען די ענגלענדער און אונטער זייערע שווערע הענט און האַק, פאַר זייער האַרטן ווילן, זײַנען זיך די אוראַלטע וועלדער צעלאָפן און געפאַלן. אין דעם האַרטן שטיין האָבן זיי געשפּאַרט זייער ווילן און טאָג־אײַן, טאָג־אויס זיך געמיט; שטיינער געהאַקט און זיי אין צאַמען גע־לייגט, וואָרצלען געצויגן פון דער ערד; פון די שטאַמען פון ביימער האָבן זיי היימען געבויט און מיט זיכערקייט זיך אין זיי באַזעצט.

— זאָג מיר, ענגלענדער, האָסטו ניט געשאָלטן דעם טאָג, וואָס

דײַן מוטער האָט דיך געבוירן, ווען דו האָסט אָט יענעם גרויסן שטיין אין צאָם אַרײַנגעפּאַסט?

איך, אַ קינד פֿון אַ פֿאָלק, וואָס האָט קיין לאַנד ניט ווי דו, ענגלענדער, האָסט קיין אייגענע ערד ניט געהאַט, דײַן היים אויף איר צו בויען; איך, אַ קינד פֿון אַ פֿאָלק, וואָס האָט ניט קיין אייגענע ערד געגנוג זײַנע פּיס אַוועקצושטעלן, בין איצט דאָ צום פֿאַרטיקן און ווו איך זאָל זיך ניט אַ בייג טאָן, געפֿין איך פּרוכטיקע ערד. איך נעם אַ הויפֿן ערד, צעשפּרייט זי אויף מײַן דלאָניע און צעטייל זיי אין באַזונדערע שטיקלעך. פֿאַרשיידענע פֿאָרמען האָבן זיך די שטיקלעך אויסגעאַרבעט. איך קוועטש זיי צוזאַמען און מאַך פֿון דעם הויפֿן ערד אַ קײַלכל און פּרוּוו מאַכן אַ פּירעקעכיק שטיק ליים. נאָכדעם טו איך עס אַ וואָרף און עס ווערט צעשאָטן און פֿאַרלוירן. די אַלע פֿעלדער און פֿרײַע לאָנקעס זײַנען אַמאָל געווען וואַלד און שטיין.

*

מאָרגן־אײַן, מאָרגן־אויס טו איך זיך פֿעדערן, ווען אַלץ איז נאָך אין טיפֿן דרימל. איך שטרענג־אָן מײַנע אויערן צו כאַפּן, וואָס פֿאַר אַ ווערן, פֿויגל אָדער בוים, טוט צום ערשטן דאָס שטומעניש אַנרירן — און דער ערשטער שאָרך קומט שנעלער ווי איך קען אַ פּינטל טאָן מיט מײַן אויג. און נאָך גיכער פֿון דעם ציטערט זיך פֿונאַנדער דאָס, וואָס איך בין ניט ווערט אָנצורופֿן מיט זײַן הייליקן נאָמען.

און קוק איך אין מזרח — שטייט דער וואַלד, די חלומות פֿון זײַנע שפּיצן ביימער הייבן זיך נאָר וואָס מיט דעם מילכווײַסן נעפּל אויף. און מיטן נעפּל וויקלט זיך איבער טאָל און באַרג דער ערשטער מאָרגנשאָרך אין אַ לענגלעכן, ווײַסן פּאַס. איך קוק איבער מײַנע פֿעלדער: צו צפֿון וועלדער, אין דרום לאָנקע, אַרום איר וואַלד און אַ פֿאַרם, הויכע און נידעריקע ביימער, געדיכטע, איינס אין דאָס אַנדערע אַרײַנגעטוקטע, שיטערע, פֿרײַע און איינציקע, שפּיציקע און שלאַנקע, רונדע און ברייט־צעצווײַגטע און אין מערב —

די הימל־לײַטערס פֿון בערג באַוואַלדערטע און העט־העט פֿון יענער זײַט שטריקט און פֿאַרקרימט זיך דער ווײַסער פּאַס ים, דער לאָנג איילאַנד סאַונד. פֿון דער וועראַנדע פֿון מײַן הויז קען איך אים זען אַ ווײַטן, אַ בייזן, אין קלאָרע זילבערפֿולע לבֿנה־נעכט. עס זעט־אויס ווי אַ שטראָם פֿון נאָר וואָס געגאָסענעם זילבער, וואָס עמעץ גיסט אין אַ ברייטער, אומענדלעכער פֿאָרעם.

און מאַכט זיך אַ האַרבסטטאָג, ווען הימל איז אָנגעצויגן אין ליכטגרויע וואָלקנס און די ערד, באַרג און וואַלד ווי זיי וואָלטן זיך ערגעץ אײַנגעטוליעט און פֿאַרבאָרגן פֿון דעם שנײַדנדיקן, בײַסנ־דיקן און קילן הויך, וואָס שוועבט אין דער לופֿט — יעמאָלט זעט זיך דער פּאַס ים אַ גרויער, אַ כמורנער, און עס דאַכט זיך מיר, אַז ער וועט באַלד זיך אַ לאָז טאָן פֿון זײַן אָרט און זיך אַ גיס טאָן איבער אַלץ און אויסמעקן פֿון געדיכטעניש וואַלד, באַרג און טאָל.

און עס מאַכט זיך — פֿינצטערע, שטאָק־חושכדיקע אָוונטן, ווען מיר ווערט ענג אין הויז און איך גיי־אַרויס אויף דער וועראַנדע. איך זעץ זיך אָוועק קעגנאיבער דעם לײַכטטורעם, וואָס פֿינקלט דאָרט אימהדיק אַליין איבער דעם פּאַס ים. „איז דאָס ניט אַ מענטש מיט אַ לאַמטערנע אין די פֿינצטערע, פּוסטע וועלדער, וועלכער בלאָנדזשעט און קען קיין וועג נישט געפֿינען?...“

אָט ווערט דאָס ליכט פֿאַרשוווּנדן צווישן געדיכטע צווײַגן און באַלד באַווײַזט זי זיך ווידער.. עס קען זײַן, אַז דער דאָזיקער מענטש האָט דערזען דאָס ליכט פֿון מײַן הויז. אָט שאָקלט ער מיט זײַן לאַמטערנע, בכדי עמעץ זאָל אים ענטפֿערן אויף זײַן פֿאַרצווייפֿלטן און אפֿשר לעצטן סיגנאַל. איך לויף־אַרײַן אין הויז, צינד־אָן מײַן לאַמטערנע און אַזוי שנעל ווי איך קום־אַרויס אויף דער וועראַנדע, נעם איך זי דרייען אַרום מײַן קאָפּ...

עס ווערט מיר גרינגער, כאָטש איך ווייס, אַז איך האָב קיינעם ניט געהאָלפֿן. דער געדאַנק, אַז איך האָב עמעצן געקענט העלפֿן, ברענגט מיך אַרײַן אין אַ ווייכער שטימונג. איך דערמאָן זיך, ווען איך בין אַמאָל געפֿאָרן מיטן יענעם פּאָס ים. און אונטן אויף דער שיף

איז געווען אַ האַלבראָנדע באַנק, וועלכע נעמט־אַרום דעם קליינעם, האַלבראָנדן שמוציקן דעק. אין איין עק פֿון דער באַנק, ביי אַן איינזערנעם סלופּ, זיצט אַ יונגער בחור בלייכגעל, אויגן שוואַרץ ווי אַ נאַכט סוף־חודש. די הענט זיינע האַלט ער אין די הויזן־קעשענעס און אַלע ווײַלע שטרעקט ער אויס זיינע פֿיס פֿון זיך אַפֿיר און נעמט זיי צוריק הינטערן באַנק. ער רייכערט אַ ציגאַרעט נאָך אַ ציגאַרעט. ענדיקט ער איינעם, שטעלט ער זיך אויף, טוט עס אַ וואָרף מיט האַסט אין דעם טונקעלן רויִקן וואַסער פֿון ים. פֿון צייט צו צייט לאָזט ער אויך בליקן צו דעם אומענדלעכן שוימוועג, וואָס די שיף פֿאַרלירט הינטער זיך. און אַט וואַרפֿט ער אַן אומרויִקן קוק צו דער ווײַסער טיר, איבער וועלכער עס צאַנקט אַן עלעקטריש, אומעטיק ליכט און אויף וועלכער עס איז אָנגעשריבן מיט שוואַרצע רונדע בוכשטאַבן: פֿרויען־קאַבינעט. און אין אַנדערן עק פֿון דעק בין איך געשטאַנען און געקוקט אין דעם טונקעלן, אומבאַשטימטן נעפּל. איך האָב געציילט די לײַכטטורעמס און געפֿילט אַ באַגער צו וויסן, וועלכער פֿון די ליכטער איז פּאַראַלעל מיט מײַן הויז, וואָס שטייט דאָרט איצט אַליין פֿאַרוואָרפֿן צווישן בערג, וואַלד און טאָל. איך האָב דאָס אָבער ניט אויסגעפֿונען און דאָס האָט געפּײַניקט מײַן נשמה. פֿאַר וואָס האָב איך ניט, אויף דעם שפּיץ פֿון מײַן הויז, אַ פֿאַקל געצונדן?! וואָלט איך געקענט טרעפֿן, וועלכער פֿון די ליכט־טורעמס ווינקט כּסדר צו מיר אין די פֿינצטערע נעכט. און איך וואָלט צוגעשפּרונגען מיט שמחה צו דעם יונגן בחור, וואָס זיצט און רויכערט און קוקט אומרויִק, אַט צום וואַסער, אַט צום פֿרויען־קאַבינעט, און אים אָנווײַזן:

— זעסט יענעם ווײַטן פֿאַקל? — דאָס האָב איך אָנגעצונדן אויף דעם שפּיץ פֿון מײַן הויז!

ניין, איך וואָלט אים ניט זאָגן, — קיינעם ניט! ווער עס האָט אויגן, זאָל אַליין זען! נאָר געפֿרעגט אים וואָלט איך פֿון זײַן פּײַן. טאָמער קום איך אין צײַט און שטויס אים אָוועק פֿון אַ טאָט. עס שוידערט מיך.

און איך גיי־אַרום אויפֿן דעק פֿון דער שיף. אַלע ווײַלע בלײַב איך שטיין בײַם פּאַרענטש, בייג זיך אַריבער און קוק־אַרײַן אינעם פֿינצטערניש. איך זע גאָר ניט, חוץ פֿון הינטער דעם טונקעלן נעפּל איינציקע שטערנדלעך.

און עטלעכע מאָל בין איך געווען נאָענט פֿון דעם יונגן בחור און מײַן פֿאַרלאַנג זיך אָפּצושטעלן נעבן אים ניט דורכגעפֿירט. און פּלוצעם ווענדט ער זיך צו מיר, מיט אַ שטילער, געבעטפּולער שטי־מע, וועלכע האָט גלײַך געגומען דרינגען טיף אין מיר אַרײַן:

— זאָגט מיר, נאָגט אײַער האַרץ עפּעס אַ בלינדער צווייפֿל?

און איך בין געבליבן שטיין ווי פֿאַרשטיינערט. איך האָב דאָך בײַ אים געוואָלט פֿרעגן דאָס זעלבע. האָט ער עס געלייענט אין מײַנע אויגן? איך געדענק אָבער ניט, אַז ער זאָל האָבן געקוקט אויף מיר.

און איך גיי־צו נאָך נענטער, בייג זיך אַריבער דעם פּאַרענטש און באַפֿויל אים:

— קוק, דאָרט ברענט אַ פֿאַקל זייער ווײַט. דאָס האָב איך אָנ־געצונדן אויפֿן שפּיץ פֿון מײַן הויז. לאָכסט? ניין, ניט איך האָב עס געצונדן. הינטער מײַן הויז, ווײַט, אויף אַ לאָנקע, שטייט אַן אַלטער סאָד, און הינטער יעדן פֿאַרקודלעטן, ווילד־צעוואַקסענעם עפּלבוים ליגן באַגראָבן יענע, וועלכע האָבן די ערשטע געוואַגט צו באַטרעטן די ווילדענישן פֿון די אַפּילאַשע־בערג. זיי זײַנען שוין לאַנג טויט און זייערע אור־אור־איניקלעך האָבן צעטראָטן און פֿאַרלאָזן זייער הייליקטום, זײַנען זיך צעלאָפֿן איבער דער ברייטער וועלט. און נאָכט נאָך נאָכט קומט־אויף איינער פֿון יענע טויטע, רײַסט־אָפּ אַ שטיק פֿון זײַנע קליידער, וויקלט עס אויף אַ לאַנגן בירקענעם שטעקן, צינד עס אָן אין אַ פֿאַקל און שטעקט עס אַרײַן אויפֿן שפּיץ פֿון דעם הויז, וואָס ער האָט אַליין געבויט אין דעם ווילדן לאַנד...

— איך האָב עס אין דער היסטאָריע געלייענט וועגן יענע ענגלענדער — באַמערקט דער יונגער בחור און זײַן פּנים איז דערבײַ געוואָרן אַזוי בלייך. און איך האָב געמיינט, אַז ער איז

איינער פון יענע אור־אור־אייניקלעך... איך האָב עס נאָך זײַנע גע־זיכט־צוגן ניט געקאָנט באַשטימען, ווײַל זיי זײַנען געווען אַלגעמיינע. און כּדי אונדזער געשפּרעך זאָל זיך ניט אויפבינדן, האָב איך אַרײַנגעוואָרפן:

— קיין היסטאָריע! — מיר דאַכט, אַז איך האָב דערבײַ געטאָן אַ זעץ מיט מײַן רעכטן פויסט אין אײַזערנעם סלופּ, וועלכער האָט אונטערגעשפּאַרט די אייבערשטע דעק פון שיף.

היסטאָריע! איך גיי־אַראָפּ אין וואַלד אַרײַן, פּאַזע שווערע פיר־עקעכיקע צוימען. איך באַטראַכט זיי און פרעג בײַ די שווערע שטיי־נער, וועלכע זיצן אַזוי שטײַף אין די צוימען:

— וועלכע אײַזערנע הענט האָבן עס אײַך אַוועקגעלייגט?... ענטפערט איר? — אַזוי ענטפערט דער שטיין! און אין וואַלד זעען זיך גרויסע און קלענערע סטויגן פון שטיינער.

„וויפל טעג און יאָרן עס האָט גענומען! געקליבן אַ שטיין און אַ שטיין אַראָפּגענומען דעם שטיין, איז געוואָרן פּלאַץ, אַז אַ זאַנג פון תּבֿואה זאָל דאָרט וואַקסן. מען האָט געציילט זייער ברויט אויף איינציקע זאַנגען... זיי זײַנען געקומען אין אַ נײַעם לאַנד, מיט האַמער, האַק און עגבער — אײגן בלוט און מוסקולן!"

דער בלייכער בחור האָט זײַן ציגאַרעטל אין דער פײַכטער טונקלקייט געשלײַדערט, אַן אַנדערן פאַררויכערט און אַרויסגעלאָזן אַ געקרײַזלטן זײַל רויך. ער האָט אַ קוק געטאָן, ווי דאָס פײַער פרעסט זיך אײַן אַלץ מער און מער אין דעם ווײַסן פּאַפּיראָס פון זײַן ציגאַרעט. און מיט פאַרזיכט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז דאָס, וואָס ער וועט איצט זאָגן, זאָל מיך ניט ווי טאָן, אַרויסגע־רעדט:

— דאָס פאָלק, פון וועלכן איך האָב די ערע צו זײַן אַ קינד, איז פאַרצײַטנס געגאַנגען פערציק יאָר איבער מדבר ביז עס איז געקומען צו אַ לאַנד...

מיר האָבן זיך וואָרעם געדריקט די הענט. און ער האָט מיר געגומען פאַרציילן: אַז עס פלאַמט בײַ אים אין האַרץ אַ פײַער צו

יענער, וועלכע איז איצט אַ רויִקע דאָרט אונטער דער טיר, וואָס איז באַצייכנט מיט „פּרויען־קאַבינעט“, און זי לויפֿט איצט אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן. און ער האָט פֿײַנט די גרויסע שטאָט. און זי האָסט אים און די היים פֿון זײַן פֿאָטער, וועלכע איז אויפֿן לאַנד. און ער פֿאָרט איר נאָך, אַזוי אַז זי ווייס עס ניט. און ווי דערלעבט ער שוין דעם מאָרגן, זי פּלוצעם צו באַגעגענען. און עס זאָל זיך אויסלאָזן צו גוטן, באַגערט ער. און אויב ניט — ווייסט איין גאָט דער איינציקער!

און איך האָב צו אים גערעדט, ווי אַזוי איך האָב ליב די גרויסע שטאָט און מײַן היים אויפֿן לאַנד. און אַז איך ווייס פֿון פֿריִער, ווען איך וועל קומען אין שטאָט, וועט זי מיר נמאס ווערן. און אַנטלויף איך צוריק אויפֿן לאַנד, פֿעלט מיר עפּעס און עס איז מיר דאָרט ענג. איך גיי מיט דעם אַקער און שנײַד מיטן מעסער די תּבֿואות און מיר דאַכט זיך תּמיד אויס, אַז עמעץ גייט הינטער מיר, ווי אַ שאָטן און טוקעט מיר אין פּלייצע:

— יונגער־מאַן, עס איז ניט דײַן היים!...

דער וואַכמאַן פֿון שיף איז געשטאַנען און מיך געטוקעט אין פּלייצע:

— יונגער־מאַן, שרײַט ניט אַזוי, די פּרויען שלאָפֿן! — און האָט מיר אָנגעוויזן אויף דער ווײַסער טיר קעגנאיבער.

איך האָב ניט געוווּסט, צי האָב איך אַזוי הויך אויסגעשריִען מײַנע לעצטע ווערטער. פֿון דעסט וועגן האָב איך זיך ווי פֿאַרשעמט פֿון דעם געדאַנק, אַז איך האָב עמעצן געשטערט, און איך האָב, ניט זאָגנדיק קיין גוטע נאַכט, זיך אָוועקגעלאָזט מיט שנעלע אָבער שטילע טריט אין רויכצימער.

באַקוועם און ברייטלעך שטייען אַרום די ווענט האַרטע, שוואַרצע שטולן. צווישן צוויי שטולן שטייט אַ מעשן שפּײַקעסטל. איך זעץ זיך אַוועק אין אַ ווינקל, פֿאַררויכער אַ גראָבן ציגאַר און הייב־אָן פֿילן ווי מײַן שעמעוודיקייט שווינדט פֿונעם פּנים מיט די דיקלעכע וואָלקנס רויך, וועלכע איך צי־אַרויס פֿון ציגאַר. און קעגנאיבער

מיר זיצן צוויי און שמועסן. איינער, אַן עלטערער מאַן מיט אַ גלאַטן פּליכעוואַטן קאָפּ, גרויע וואָנצעס, מיט אַ גלאַט ראַזירטן פּנים, און איבער זײַנע טיפֿע אויגן, ברייטע און לאַנגע, גרוילעכע ברעמען. דער צווייטער, אַ נעגערישער יונג, רויכערט אַ ציגאַרעט און שפּײַט בשעת ער רעדט אין מעשענעם טעפּל. איך האָב אָנגעצויגן מײַנע אַלע חושים אויף די צוויי.

דער נעגער קוקט זיך גוט אײַן אין דעם עלטערן מאַנס אויגן און פֿרעגט מיט אַ לײַכטער באַסשטימע:

— זאָגט מיר, וואָס איז געוואָרן פֿון אליהו הנביאס קערפּער, נו, און פֿון יעזוּסעס קערפּער. זיי זײַנען דאָך ביידע אין הימל אַרויף, נישט?...

געציטערט האָב איך און אויך דער נעגעריונג. ער האָט זײַן ציגאַרעט פֿון פֿינגער אַרויסגעלאָזט און זיך ווי אין דרײַען אין שטול אײַנגעבויגן. דער עלטערער מאַן האָט מיט זײַן שטערן אַ קנייטש געטאָן:

— איך ווייס ניט, וואָס מיט זייערע נשמות איז געוואָרן. אָבער זייערע קערפּערס זײַנען געוואָרן צו אַש און זאַמד, ווי די קערפּערס פֿון אַלע באַשעפֿענישן...

דער נעגער איז פֿון שטול אויפֿגעשפּרונגען:

— גלייבט איר אין די הייליקע? זאָגט, גלייבט איר ניט?...

קאַלט איז געווען דער עלטערער מאַן און פֿון צווישן זײַנע גרויע וואָנצעס האָט אַ לײַכטער שמייכל זיך געריסן:

— ווער האָט עס דיר געזאָגט, אַז זייערע הויך־הייליקייטן זײַנען אין הימל געפֿלויגן?

און אַ פּאַטש טוענדיק מיט איין האַנט אין דער צווייטער האָט זיך דער נעגער לײַכט איבערגעבויגן צו יענעם און גלײַך אין זײַן ראַזירטן פּנים אַרײַנגעוואָרפֿן זײַנע ווערטער, ווי הייסן, רויטן מעטאַל:

— די ביבלישע פּאָעטן!

דער מאַן האָט זיך צעלאַכט. עס האָט געקלונגען ווי אַ גראָבער רעגן נאָך אַ שטאַרקן שטורעמווינט.

— די ביבלישע פּאָעטן!? האַ, האָבן זיי ניט געקענט זײַן אַזעלכע נאַראָנים ווי דו ביסט?

דער נעגער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אין שטול. זײַנע אויגן זײַנען געוואָרן גרויס און ווײַס. און איך האָב גאָט געבעטן, אַז ער זאָל ניט ריידן מער אַ וואָרט צו דעם עלטערן פּליכעוואַטן מאַן. איך האָב אויף אים געוואַכט, דעם נעגער. זײַן געזיכט האָט זיך פֿאַרצויגן מיט אומרויִקע וואָלקנס, די נאָזלעכער זײַנען ברייטער געוואָרן. זײַנע אויגן האָבן געברענט מיט אַ בלייכווײַסן פֿײַער און צווישן זײַנע בראָנדזענע ליפּן האָט זיך אַ צאָן אין אַ צאָן געקלאַפּערט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם מאַן און אים אַוועקגעפֿירט צו אַ שטאָקפֿינצטערן, איינשוויביקן פֿענצטער:

— קוקט, אַלטער הער! — איך האָב געהערט אין זײַן פּאָליר־טער ווענדונג אַ באַליידיקטן טאָן. מיך האָט פֿאַרדראָסן אויפֿן מאַן און נאָך פֿיל מער האָט מיך באַנג געטאָן, וואָס דער נעגער פֿאַרלירט זײַן שטאָלץ, וואָס מער ער וועט ריידן. און גערעדט האָט ער ווייך, צאַרט, ווי אַ געלערנטער זון צו זײַן פֿראָסטן פֿאָטער:

— זעט איר דאָס טונקעלע וואַסער פֿון ים? ווער האָט דאָס באַשאַפֿן?

— קיינער ניט! די ימים האָבן זיך אַליין פֿאַרמירט אין טויזנ־טער יאָרן; מיר רופֿן דאָס „די נאַטירלעכע וואַסער־אָפּצ׳ונגען“.

ווען איך בין שנעל אַרונטער מיט אַ טרעפּ, אָפּצוזוכן מײַן בעטל, האָב איך פֿון דעסט וועגן נאָך אַלץ פֿאַרנומען פֿון נעגערס מויל: „די ביבל זאָגט!“...

*

מײַן בעטל נומער 49 איז אויסגעקומען אין אַ זײַט און צוקומען צו דעם האָב איך געמוזט דורכגיין צווישן צוויי לאַנגע רייען אַנדערע בעטלעך. פּאַסאַזשירן זײַנען געזעסן מיט זייערע פֿיס אַרונטערגעלאָזן איבער די פּאַרענטשן און געשמועסט. און דורכגייענדיק האָט מײַן בליק זיך אײַנגעקלאַמערט אין אַ קליין, שוואַרץ בערדל אויף אַ ייִדישן פֿאַרדאגהטן פּנים. מײַנע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט זײַנע;

ווי צוויי ווונדן, וועלכע וועלן זיך שוין קיין מאָל ניט פֿאַרהיילן, זײַנען זיי געלעגן טיף הינטער זײַן געלן, רונצלדיקן שטערן.

אַזוי גיך ווי איך האָב דאָס בעטל אויסגעפֿונען, האָב איך זיך פֿאַרטיק געמאַכט צום שלאָפֿן און זיך אויסגעצויגן אויפֿן בעט און פֿון ווײַטנס געקוקט אויף יענעם ייִדישן פּנים. דער דאָזיקער ייִד האָט ניט אײַנטיילגענומען אין שמועס. איז בײַ אים נישטאָ וואָס צו דערציילן? פֿאַר וואָס זשע איז זײַן געזיכט אַרײַנגעצויגן מערער ווי אַלעמענס אין דעם געשפּרעך? נאַרט מיך זײַן געזיכט? נאַרט עס אַלעמען? און אין אמתן איז דער ייִד גאָר אין זײַן אייגענער וועלט. פֿון ווײַטנס האָב איך געזען, ווי אַלע מאָל כאַפּט ער אַרום עמעצן פֿון דער חבֿרה און זײַנע ליפּן נעמען זיך באַוועגן. פֿון וואָס ריידן ייִדן דאָרט? דאַוונען זיי מעריבֿ מיט אַ מנין צי דערציילט מען זיך מעשׂיות פֿון דער יוגנט?

איך האָב ניט געקענט שלאָפֿן, נישט געקוקט אויף דעם וואָס די שיף איז געשווומען גלאַט און שטיל. און האָט זיך פֿון צײַט צו צײַט עפּעס אַ לײַכטן טרייסל געטאָן, פֿלעגן בײַ מיר בלײַבן שטיין אַלע בליטן. און געדאַכט האָט מיר, אַז עס איז שוין ווײַסער טאָג. און דאָרט, אויפֿן האַלברונדן דעק, האָט זיך די טיר פֿון דעם „פּרויען־קאַבינעט" געעפֿנט. „זי" איז אַרויסגעקומען. אים, דעם בלייכן בחור, דערזען, איז זי באַלד צוריק אַרײַן אין שטיבל מיט אַ האַסטיקן קלאַפּ פֿון טיר. און ער האָט אַ לײַכטן שפּרונג געטאָן איבערן פֿאָרענטש אין וואַסער אַרײַן... באַלד איז אָבער די שיף ווײַטער אַוועק אַ רויִקע און אַ שטילע. די חבֿרה זיצן קעגנאיבער און שמועסן. דאָס רונדע פֿענצטערל איבער מײַן בעטל איז נאָך אַלץ שוואַרץ. קיין זאַך ניט געשען!

אויף מאָרגן בין איך אַרויס אויפֿן האַלברונדן דעק. דער בלייכער בחור איז געזעסן אויף דעם זעלביקן אָרט, ווו איך האָב אים נעכטן איבערגעלאָזט. דורך דעם קלאַפּ פֿון מײַן טיר האָט ער זײַן פּנים אויסגעדרייט. איך האָב עס געזען: האַרט און בלייך. און פֿאַר

עפּעס אומבאַוווּסטס בין איך ניט צוגעגאַנגען צו אים גוט־מאָרגן צו זאָגן.

דער גאַנצער רוים איז געווען אָנגעפּולט מיט אַ געדיכטן, גרויען נעפּל און איך בין געשטאַנען, און מײַן פּנים געווענדט אין אַלע עקן. איך האָב געוווּסט, אַז אָט דאָרט זײַנען די ברעגן, פעלדער, מויערן ריזיקע. איך האָב געהערט אַ געפּילדער פון דער נאָענטער שטאָט. און פאַרדראָסן האָט מיך, וואָס איך קען זיי ניט זען, גאָר ניט, נאָר רויך און נעפּל.

און נאָך אײן קלייניקייט: „זי" איז אַרויסגעקומען פון אונטער דער ווײַסער טיר, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען מיט רונדע שריפטן: „פרויען־קאַבינעט". קיין שאָטן פון איבערראַשונג אויף איר געזיכט מיט אויסגערוטע פינקלדיקע אויגן. האָט „זי" די גאַנצע נאַכט געפּילט און איז זיכער געווען, אַז „ער" פאָרט נאָך מיט איר?

„ער" איז אויפגעשפּרונגען, ווי איינער וואָס איז פאַרוואָרפן געוואָרן אויף אַ ווילדן אינדזל אין ווײַטן ים און וואַרט און וואַרט אויף רעטונג און ענדלעך קומט אַ שיף. זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויג צו אויג. און פאַר דעם שמייכל, וואָס „זי" האָט אים געשענקט, וואָלט איך אַזוי ווי „ער" נאַכט אויף נאַכט געוואַרט!

1913

## א. מ. דילאָן

# שוואַרצע שאָטנס

— 1 —

...און אויפשפּרינגען וועל איך פאַר שאַנד און פאַר שפּאָט,
צערייצטערהייט לויפן אין וואַלד ווײַט אַליין...
עס וועט יענע נאַכט אַ שוואַרץ־פינצטערע זײַן,
און איך — פון דעם חושך וועל פלעכטן אַ קרוין.

און ווײַזן ווער איך זי בײַם שײַן פֿון דער זון,
עס זאָלן זי זען די מענטשן אין גאַס...
און לויפֿן צוריק אַ צערייצטער אין וואַלד —
און זאָל פֿון דעם וואַנזין זיך שמידן אַ כּעס.

— 2 —

...ער האָט אין אַ פֿינצטערער נאַכט זיך באַוויזן,
אין שוואַרצן געקליידט און מיט אויגן בלוטיקע...
און האָט אויף זײַן וועג דאָרט אַ מענטשן באַגעגנט
און באַלד ווי אַ חבֿר אַהיים אים באַגלייט.

*

אין ווינקל פֿון צימער דער גאַסט שטייט — דער מערדער.
געפּרעסט איז די שטילקייט, זי שרײַט שטומערהייט.
און בײַסט דאָרט אַ מענטשן מיט ווילדשאַרפֿע ציינער,
פֿאַרטרויט דאָרט אַ בלוטיקן סוד שטילערהייט.

*

עס רירט ווער זײַן האַנט אָן... ער שפּרינגט־אויף פֿאַרציטערט:
עס שטייט בײַם געלעגער אַ מחנה געשפּענסטער...
עס שמייכלט דער מערדער, דער שוואַרצער, און שמייכלט,
אַ קברן אַן אַלטער קוקט שטום אין דעם פֿענצטער...

— 3 —

...אין חדר איז פֿינצטער און שוואַרץ.
עס עפֿנט ווער שנעל אויף די טיר...
עס ציטערט מיט קעלט אויף די לופֿט,
אַ טראָט — און ער שטייט נעבן מיר...

איך פֿאַל אויפֿן בעטל פֿאַר שרעק,
אַ טויטשווייס מײַן שטערן באַדעקט...
מיר דאַכט זיך, ער רופֿט מיך און רופֿט,
און שלעפּט מיר די דעקע און וועקט:

„דער אָרון ער איז שוין אין וועג,
און אָט איז דײַן שניי־ווײַסע קלייד...
און אויפֿן בית־עולם, ווײַט, ווײַט,
דײַן קבֿר — ער שטייט שוין געגרייט..."

## פון בייזן געמיט

— 1 —

איך נאַר מיך...
אַ דאָרן ווערט בײַ מיר פֿאַרוואַנדלט אין אַ קווייט,
טראָג איך זיך מיט דערגנער אין דער וועלט אַרום,
מײַנע פֿינגער זײַנען שוין צעבלוטיקט רויט.

איך גיי אַזוי פֿאַרביטערט אין די גאַסן אום,
שמיר מיט הייסן בלוט די פֿענצטער אויס,
זעט די זון פֿאַר נאַכט — די פֿענצטער זײַנען רויט,
גייט זי רויט און בלוטיק מאָרגן אויף דער וועלט אַרויס.

— 2 —

כ׳שלאָף אין פּאַרק צונויפֿגעקאָרטשעט אויף דער האַרטער ערד,
כ׳שפּיר די האַרטקייט פֿון דער גאַנצער וועלט;
ס׳הענגט דער אָסיען־הימל פֿינצטער איבער מיר,
דער פּאַרק דער אויסגעדאַרטער איז מײַן היים און מײַן געצעלט.

כ׳שלאָף אין פּאַרק צונויפֿגעקאָרטשעט אויף דער האַרטער ערד,
ס׳דעקט עמעצער אַ שוואַרצער מיך אין שוואַרצן אײַן;
כ׳פֿיל אויף זיך די שוואַרצקייט פֿון דער שוואַרצער, האַרטער וועלט —
שטאַרקער, שטאַרקער, עלנטער, זאָלסטו, מײַן עלנט זײַן!

— 3 —

כ׳זיץ אַליין אין הויז טרויעריק און שטיל,
כ׳זע מײַן אייגן־וועלט פֿול מיט שמאַרץ און פּײַן;
עס איז דאָס הויז מיט שרעק און אומעט אָנגעפּולט,
עס איז די איינזאַמקייט צו מיר אין הויז אַרײַן...

און זי שעפּטשעט שטיל און נעמט מיר פֿאַר די הענט,
און ווי אַ שטילע קינד גיי איך נאָך איר נאָך,
און פֿאַמיליע־בילדער ווײַזט זי אויף די ווענט,
און איך קוק אויף זיי, און איינזאַם בלײַב איך דאָך...

און איך קוק אויף זיי, און איינזאַם בלײַב איך דאָך...
כ׳זיץ אין אייגן הויז און דאָך איז זי מיר פֿרעמד...
און איך נעם מײַן קאָפּ און דריק צום וואַנט זי צו...
און וויין און יאָמער ווי אַ יתום אין דער פֿרעמד...

— 4 —

כ׳ווער אַ שיכּור, כ׳וועל טאַנצן אין די גאַסן,
הוליען מיט שיכּורים, פֿרייען זיך אין איינעם,
האַקן לאָדנס, ברעכן טיר־און־פֿענצטער,
יאָגן זיך נאָך קינדער, שלײַדערן מיט שטיינער.

כ׳ווער אַ שיכּור, כ׳וועל טאַנצן אין די גאַסן,
מיט ווילדע הינט זיך יאָגן, נאָך פֿערד און מענטשן,
ס׳וועלן הירזשען פֿערד, מענטשן וועלן שרײַען,
די גאַסן וועלן קרעכצן מיט שרעק און ווילדן טומל.

כ׳ווער אַ שיכּור, כ׳וועל טאַנצן אין די גאַסן,
רײַסן שילדן, אומוואַרפֿן פֿאַנאַרן,
ערגעץ בײַ אַן אײַזן זיך צעבלוטיקן, צעבײַלן,
ברומען ווי אַ טיגער און וויינען ווי אַ יתום.

— 5 —

ס׳האָט דער טײַוול געקלאַפּט אין מײַן פֿענצטער:
קום, איך ווער דײַנער אַ פֿרײַנד;
איך בין אין דער פֿינצטער געלעגן,
מײַן אויג האָט פֿון גליק אַזש געשײַנט.

ער גיט מיר אַ מיצל מיט גלעקלעך,
מיר גייען אַרויס אין דער נאַכט,
איך צי — און עס קלינגען די גלעקלעך,
דער טײַוול ער טאַנצט און ער לאַכט.

מיר שפּאַנען, מיר שפּאַנען צוזאַמען,
אַט באַווײַזט זיך פֿון ווײַטן אַ שײַן;
אַ שפּרונג — און אַ הויז פֿאַר די אויגן,
מיר קוקן אין פֿענצטער אַרײַן.

דאָרט צאַפּלען געקוילעטע מענטשן,
אַט איז אַ מעסער, אַ האַק;
שטיקער לײַב אויף צעבראָכענע טישן,
אין אַ ווינקל אַן אויג און אַ באַק.

מיר הייבן־אָן קלינגען און ברומען
שרעקן מיט קולות די נאַכט;
שפּרינגען מענטשן אַראָפּ פֿון געלעגערס,
און קוקן צעמישט אין דער נאַכט.

ס׳האָט דעם טײַוול געקלאַפּט אין מײַן פֿענצטער:
קום, איך ווער דײַנער אַ פֿרײַנד;
איך בין אין דער פֿינצטער געלעגן,
מײַן אויג האָט פֿון גליק אַזש געשײַנט.

נ״י 1914

ר. אייזלאַנד

# אַ זומערנאַכט-חלום

— 1 —

אין פֿלאַמענדיקן גאָלד, וואָס שפּרייט
זיך אויס אַ ים. דאָרט ווײַט, ווו ס׳האַלדזט
דער הימל זיך מיט באַרג און וואַלד,
גייט-אויף זײַן שײַנענדיק געשטאַלט.
אַ יונגער קעניגס זון —
און זײַן געזיכט איז גאָלד,
און פּורפּור איז זײַן קלייד.
און שטאָלץ באַטרעט ער דאָרט דעם ווײַסן שטעג
מיט זינגענדיקע טריט.
און הייבט ער אויף אַ האַנט, דאַן וועבט
אַ גאָלדנטרוים זיך אויס.

— היי, היי, מײַן שיינער פּרינץ!
עס וואַרט דײַן ליב׳ שוין לאַנג.
אין הימל-בלויען קלייד באַקליידט
און מיט דעם רויזנבאַנד.
עס בענקט נאָך דיר איר בליק.
און ס׳שמעקט איר יונגער ווײַסער לײַב,
ווי פֿרישער צוויט פֿון טוי געקושט,
און ס׳טאַנצט איר פֿריידיק האַרץ באַרוישט
פֿון גליק, פֿון גליק, פֿון גליק.
דאָך שטאַרקער פֿלאַטערט, פֿלאַטערט נאָך
אַקעגן דיר איר זעל,
איר ווײַסע ליליענזעל!

— היי, היי, מײַן שיינער פּרינץ,
עס וואַרט דײַן ליב׳ שוין לאַנג.

— 2 —

און זע, ער קומט, ער קומט!
ער אײַלט מיט שנעלע אינדנטריט,
פֿאַרבײַ דעם וואַלדס באַגילדטן זוים,
אַרויף דעם ווײַסן שטעג.
און פֿאַר זײַן טריט, ווי מחנות טויבן,
ווײַסע וואָלקנס שוועבן.
און זע — ער קומט, ער קומט, ער קומט!
און זי — זי שפּרייט די אָרעמס אויס
און האַלדזט די בלויע לופֿט.
און ס׳שוועבט אַ הייסער קושפֿאַרלאַנג
אויף אירע ליפּן אום.
און ס׳צאַפּלט, צאַפּלט זיך איר האַרץ,
איר פֿיל באַרוישטע האַרץ.

— 3 —

אַ הייסער אָטעמצוג. אַ לאַנג
פֿאַרזונקען זײַן אין גלי׳ענדיקן קוש,
און ס׳לאַכט אַנטקעגן איר
אַ שטיל פֿאַרטרערטער בליק.

— 4 —

אַ מילדע נאַכט, בלויע נאַכט, אַ זילבערשײַן;
אַ ווינטל ווייט, אַ ווינטל ווייט;
און ווײַט ווו שפּילט אַ פֿלייט.
זי זיצט אין גראָז און ער,
צו אירע פֿיס האַלב קני׳ענדיק,

ער האַלט איר לײַכטע ווײַסע האַנט
און ער דערציילט, דערציילט איר פֿיל:
פֿון וואַלד, פֿון פֿעלד,
און פֿון אַ ווײַטער, ווײַטער וועלט,
און פֿון אַ נײַער זון...
און ווײַט ווו שפּילט אַ פֿלייט — —

— וואָס טויג מיר יענע ווײַטע וועלט?
וואָס טויג מיר יענע זון?
מײַן וועלט ביסטו אַליין,
מײַן זון ביסטו אַליין!
מײַן האַרץ גייט־אויס נאָך דיר, נאָך דיר — —
און שטיל — אַ ווילדעס ברויזן רוישט
און רוישט איןביידנס זעל... — — —
— — — — — — — — — — — — —
און דאַן — —
אַ ווײַסער זילבערשטרײַף,
ער וויגט זיך, וויגט זיך אויף אַ בוים,
אַ ווינטל ווייט, און ס׳גלעט אַ האַנט
איר נאַקן, אַזוי שמערצלעך זיס,
און ווײַט ווו גייט דאָרט אויס די פֿלייט
זיס וויינענדיק, זיס וויינענדיק,
און שטיל ווי גלײַך אַ הויך — אַ הויך!...

נ״י 1910

## פון אַלע טעג

— 1 —

מיט אײַנגעריכטע הענט און אײַנגעריכטע קליידער
דריי איך זיך אַרום דעם גאַנצן ליבן טאָג,

איך ווייס, אַז עמעצער פֿאַרפֿאָלגט מיך מיט די בליקן.
קוקט זיך אײַן אין אַלץ וואָס כ'טו און זאָג.

און הער איך ווי ער שעפּטשעט גוטע, שטילע ווערטער.
ווייס איך אָבער, אַז ס'איז אײַנגעריכט מײַן האַנט.
און שעמעוודיק לאָז איך אַראָפּ די אויגן טיפֿער:
זאָל מיך קיינער ניט זען אין מײַן שאַנד.

— 2 —

קינדער ווייגען פֿונעם שלאָף,
איך ווייס פֿאַר מײַנע זינד.
איך ווייס פֿאַר מײַנע זינד.
קינדער מײַנע, שוואַכע שאָף.

פֿינצטער איז פֿאַר זיי די וועלט.
איך ווייס פֿאַר מײַנע זינד,
איך ווייס פֿאַר מײַנע זינד,
פֿינצטער איז פֿאַר זיי די וועלט.

— 3 —

ווידער פֿאַלן דײַנע קלעפּ מיר אויפֿן קאָפּ.
טיפֿער בייג איך מײַן געבייגטן רוקן אײַן.
כ'ווייס, דו טרײַבסט מיך נידעריקער אַלץ אַראָפּ.
כ'נעם פֿאַר ליב. נאָר זאָל כאָטש באַלד דער סוף שוין זײַן.

— 4 —

לייג דײַן קאָפּ צו מיר אין שויס
און מאַך די מידע אויגן צו.
איך וועל דײַן קאָפּ מיט מײַנע דאַרע פֿינגער גלעטן
אוןביידע וועלן מיר ווי קליינע קינדער בעטן
צום ליבן גאָט נאָך רו,
נאָך אייביק שטילער רו.

## איבער אַלע דעכער...

איבער אַלע דעכער
הענגט אַ שטילע נאַכט.
אָנגעלענט בײַם פֿענצטער
שטייט מײַן קינד פֿאַרטראַכט.

שטעלט זיך אויף די פֿינגער,
קוקט און קוקט־אַרויס.
זײַן געזיכט ווערט בלאַסער
און די אויגן גרויס.

זײַנע בלאָנדע לאָקן
גרײַזלען זיך אין ווינט.
ווייס אײַן גוטער גאָט נאָר,
וואָס עס זעט מײַן קינד.

## אין פעלד

אַ יונגע, שלאַנקע ווערבע, פֿון ווײַטנס ווילדע בלומען.
און איבער מיר צוקאָפּנס אַ קליינער, ווײַסער וואָלקן.
אַ שאָרך אין גראָז. אַ ווינטל ווייט און ס׳וויגן זיך די בלומען.

די יונגע, שלאַנקע ווערבע וויגט די לאַנגע ריטער.

עס קומט אַ קילער אָוונט און ס׳קומען מאָדנע פֿאַרבן.
אי רויט, אי בלוי, אי וויאָלעט זיך בײַטן פֿאַר די אויגן,
און גרינג איז מיר אַזוי און לײַכט ווי נאָר צום שטאַרבן.

די יונגע, שלאַנקע ווערבע וויגט די לאַנגע ריטער.

## רויטער ווײַן און ווייסע גלעזער...

רויטער ווײַן אין ווײַסע גלעזער,
פּיאַנאָ־קלאַנגען שוועבן־אום.
רויטע שײַנען די געזיכטער
און די אויגן פֿינקלען העל.

איינער בייגט־אָן שווער זײַן שטערן.
איינער וויגט זיך שווער אין שטול;
איינער קלאַפּט שטיל מיט די פֿינגער
אויפֿן טיש, און ס׳קלינגט דער ווײַן.

פּלוצעם הייבט זיך אויף גאָר איינער
און צעטענצלט זיך אין שטוב.
אויגן פֿינקלען, אויגן שמייכלען
שיכּור קעגן רויטן ווײַן.

ווײַס די גלעזער, רויט דאָס טישטעך.
אויפֿן דיל זיך קײַקלען־אום
הענט און פֿיס צונויפֿגעפֿלאָכטן;
איינער קלאַמערט זיך בײַם טיש.

און בײַם פֿענצטער אײַנגעבויגן,
ברעכנדיק די פֿינגער שטיל,
שטייט זיך איינער, בײַסט די ליפּן,
בײַסט און בײַסט ביז ס׳רינט דאָס בלוט.

נ״י 1915

י. י. שוואַרץ

# פון טיפעניש

און מיט קללות און טויט האָבן ווינטן געוויט
און מיט טרוקענע ביינער די טאָלן פאַרזייט.

— 1 —

מײַנע טויזנטער יעריקע ווונדן אין מיר
רופן, בלוטן מיט אָפענע מײַלער צו דיר!...
דען מײַן מוט איז געבראָכן, עס לעשט זיך מײַן פונק
אין די תּהומות פון חושך, און שוואַך איז מײַן צונג,
און ניט זיכער מײַן טראָט, און מײַן זעל איז פול שאַנד,
און עס וואַקלט מײַן קני און אַן מאַכט איז מײַן האַנט.
נאָר אין אויג ברענט פון אויטאָ־דאַ־פעען דער בראַנד
און אין אויער קלינגט גרויזאַם אַ קייטן־געקלאַנג,
און אַ וויינען פון תּהילים, און פריסטער־געזאַנג,
און אַ גלאָקן־געקלאַנג און געשרייען פון האַס...
און מײַן האַרץ ווערט צעפלאַצט פון אָנמאַכטיקן כּעס.

— 2 —

נאָך גאַנץ פרי אויף מײַן מויל האָט דער נאָמען געגליט
און אַן אויג האָט געוויינט און אַ טרער האָט געבריט.
און אַז אויפקומען פלעג איך אין מיטן דער נאַכט:
אויף דער ערד איז געזעסן מײַן זיידע פאַרשמאַכט.
און באַשאָטן מיט אַש האָט זײַן גרײַזגרויער קאָפ
שטום געציטערט פאַרצווייפלט אַרויף־און־אַראָפ,
און געצוקט האָט פאַר ווייטיק זײַן טרויער־געזיכט...
ס'האָט אין שאָטנס געצאַפלט דער פלאַם פון דעם ליכט
און זײַן שטים האָט געציטערט, געכליפעט, גענאַגט,

און דורך טרערן די תּפילות פון דוד געקלאָגט.
נאָר זײַן אויג האָט געבליצט און געברענט און געפֿלאַמט,
ווי דאָס אויג פון אַ חיה אין גראַטעס פֿאַרצאַמט —
און דאָס קינדישע האַרץ איז געוואָרן פֿאַרסמט.
און אין חלום געזען האָב איך דורות אין בלוט:
ס׳האָבן מחנות געוואַנדלט געטריבן פון רוט,
מיט געזונקענע אויגן, געבונדענע הענט,
און געקלאַפּט האָבן קעפּ זיך אין אײַזערנע ווענט...
ס׳האָט געשמיסן אַ בײַטש, ס׳האָט געיאָמערט אַ קינד
און געפֿײַפֿט האָט מיט צאָרן אַ שנײַדנדער ווינט!...

— 3 —

כ׳בין געווען — איך בין דאָ — און וועל אײביק נאָך זײַן
און ס׳וועט אײביק זיך ציִען מײַן גרויזאַמער פּײַן.
ס׳האָט מײַן בלוט שוין געשפּריצט אין די צירקן פון רוים,
מײַן געביין האָט דער טיבער פֿאַרשווענקט מיט זײַן שוים.
און דער זאַמד פון ערבֿ האָט מײַן טרער אײַנגעזאַפּט.
און פֿאַרברענט אין זײַן גלוט איז געוואָרן מײַן קראַפֿט.
און אין שפּאַניע האָסטו מיט דײַן פֿלאַם אונדז באַהויכט
און אויף לײַדן געבענטשט אונדז, אויף מאַרטער דערהויכט.
ס׳איז מײַן זיידע געגאַנגען דאָרט זיכער און שטאָלץ
צום מזבח פון ליבע און פֿײַער און האָלץ,
און על־קידוש־השם, מיט דײַן נאָמען אין מויל,
זיך געוואָרפֿן באַגליקט אין דעם פֿײַעריקן קנויל...
און צום קלאַנג פונעם גלאָק — מיט זײַן גלויבן און מוט
ווערט פֿאַרהייליקט דײַן גרויסקייט מיט מאַרך און מיט בלוט.
ס׳האָט געלויכטן אַ זון — און געוועזן איז נאַכט:
איבער מיר איז דײַן הימל געלעגן פֿאַרמאַכט.
ווען ניט ווען האָט אַ בליץ זיך צעשפּילט אויף מײַן קאָפּ
און מיט רוגז געקנאַלט האָט אַ דונער אַראָפּ.

נאַכט פאַרויס, און פון הינטן דער פלאַם און די שווערד,
און פון אונטן — אַ ברענענדע, פײַנטלעכע ערד!...

— 4 —

...גרויסער גאָט פון מײַן פאָטער! אַנטפּלעק דײַן געזיכט —
זאָל אין פלאַם מיך פאַרברענען דײַן געטלעכע ליכט!
נאָר כ׳זאָל וויסן, איך האָב ניט געליטן אומזיסט,
ניט אומזיסט האָבן ימען מיט טרערן געפליסט...
גיב אַ צייכן, אַז דו ביסט געווען און דו ביסט...
גיב אַ צייכן, אַז דו האָסט מײַן לײַדן באַגריסט
און געהייליקט מײַן טרער און געבענטשט מײַן געמיט
און מײַן יעטווידער גליד וועט דיר זינגען אַ ליד.
פון די אָדערן וועל איך דיר פלעכטן אַ קנויט...
אויף מײַן אייגענעם קויל וועל איך גליִען צום טויט.
אין מײַן קינד וועל איך, שטאַרבנדיק, גיסן דײַן סם,
זאָל עס זינגענדיק ברענען אין אייביקן פלאַם...
נאָר דעם פינצטערן בלײַענעם וואָלקן צערײַס!
...גרויסער גאָט פון ישראל! באַווײַז זיך! באַווײַז!...

נ״י 1913

ליוויק האַלפּער (ה. לייוויק)

# אין שניי

## געלאָזט זיך פאָרן

לאַנגע ווינטערדיקע נעכט,
ווײַסע שטראַלנדיקע טעג,
האָב איך אײַנגעשפּאַנט מײַן פערד
לאָזן זיך אין ווײַטן וועג.

הײ און ברויט און ווײַן געקויפּט,
אײַנגעניית דאָס לעצטע געלט,
אָנגעטאָן זיך אין אַ פּעלץ,
מויל און אויערן פֿאַרשטעלט.

ניט גערירט פֿון שטוב קיין זאַך,
טיר־און־לאָדן ניט פֿאַרמאַכט,
זיך אַ נייג געטאָן צום שוועל
און געזאָגט: אַ גוטע נאַכט!

אָנגעצייכנט מײַנע טריט
לעצטע אויף דער פֿרעמדער ערד.
נאָך אַ מאָל: אַ גוטע נאַכט!
און אַ שמיץ געטאָן דעם פֿערד.

## דער וועג איז לאַנג

איז דער וועג מאָנאָטאָן לאַנג,
ציט זיך ווי אַ זילבערשנור,
פֿאָר איך מיטן זילבערשנור,
מורמל עפּעס אַ געזאַנג.

אין דעם פֿוטער אײַנגעדרייט,
אָפּגעדעקט די אויגן נאָר,
קוק איך ווי די זון גייט־אויף,
קוק איך ווי די זון פֿאַרגייט.

און דער שניי — ער שיט און שיט,
דעק איך אויף די אויגן צו,
לאָז־אַראָפּ דעם קאָפּ און ליג...
און דער שליטן פֿליט און פֿליט.

בלײַבט דאָס פֿערד אין מיטן שטיין —
כאַפּ איך זיך פֿון דרימל אויף,
גיב אַ שמיץ און גיב אַ פֿײַף,
דורך די קלאַפּנדיקע ציין...

## שטערן, וועלף און בערן

אַ קאַלטער ווינט פֿון צפֿון-זײַט
האָט אָנגעהויבן בלאָזן;
מײַן טרײַער פֿערד האָט מיד צום שניי
דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן.

די זײַטן אײַנגעפֿאַלן טיף,
די גאַנצע פֿעל פֿאַרפֿראָרן.
ווער ווייס צי וועלן מיר נאָך הײַנט
אין ערגעץ ווו פֿאַרפֿאָרן?

אַלץ פֿינצטערער און פֿינצטערער
דער שניי מיט גלאָז פֿאַרצויגן,
איך גיי צו פֿוס מײַן שליטן נאָך
מיט האַלב פֿאַרמאַכטע אויגן.

עס שטעכן אין דער פֿינצטערניש
ווי שאַרפֿע נאָדלען שטערן;
עס קלאָגן אין דער וויסטעניש
פֿאַרשנייטע וועלף און בערן...

## אַ דאַנק אײַך, גוטע מענטשן!

אַ דאַנק אײַך, גוטע מענטשן,
פֿאַר טיי און פֿרישן ברויט;
מײַן פֿערד צום פֿאָרן ווײַטער
אַן אײַנגעשפּאַנטער שטייט.

איך האָב געזען אײַך איין מאָל
און וועל נישט זען שוין מער;
מײַן וועג איז ווײַט, וועל קיין מאָל
ניט קומען מער אַהער.
צו וואָס איך גיב אַ ריר זיך,
איז דאָס דער לעצטער ריר;
אַט מאַך איך אײַער טיר צו,
פֿילײַכט די לעצטע טיר...

## שפּאַן־אויס דאָס פֿערד

אויף ווײַסע בערג די זון פֿאַרגייט,
בײַם זײַט פֿון וועג אַ צלם שטייט —
דעם וועג צעשיידט.

איך הער אַ קול: בלײַב שטיין! בלײַב שטיין!
שפּאַן־אויס דאָס פֿערד און לאָז אים גיין,
דו בלײַב אַליין...

איך שטעל זיך אָפּ און קוק זיך אום:
שוין שוואַרץ די בערג, דער וועג אַרום,
און שטיל אַרום.

און ווידער הער איך: בלײַב ניט שטיין!
אָ, גיכער יאָג, ניט בלײַב אַליין —
ניט בלײַב אַליין...

## מײַן פֿרייד

אַז עס שטאַרבט דער טאָג און פֿינצטער ווערט דער וועג,
בעט איך ווייך דעם שליטן אויס פֿון ברעג צו ברעג:
לייגט מײַן גאַסט אַוועק זיך, ווערט אַנטשלאָפֿן שנעל
אײַנגעדעקט פֿון קאָפּ ביז פֿוס מיט בערנפֿעל.

זיץ איך איבער איר געבויגן, קוש איר קלייד,
מורמלען מײַנע ליפּן עפּעס וואָס אין שטילער פֿרייד;
איז די בײַטש אַראָפּגעפֿאַלן צו דער ערד,
אָפּגעלאָזט אין גאַנצן גייט אַליין דאָס פֿערד...

עפֿנט זי אַן אויג און מאַכט אים צו צוריק,
עפּעס ווי ניט אירער וואָלט געווען דער בליק,
קריך איך שטיל אַראָפּ פֿון שליטן און איך גיי,
קוק זיך אויף ווײַסע פֿעלדער, אויפֿן שניי...

## מײַן קאָפּ צו אירע פֿיס

שעה נאָך שעה. עס ווערט איר קאַלט,
כאַפּט פֿון שלאָף זיך אויף.
טו איך אויס מײַן פּעלץ פֿון זיך,
לייג אויף איר אַרויף.

שלאָפֿט זי ווידער וואַרעם אײַן.
איך — צו פֿוסן איר,
זיץ אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ
שעה נאָך שעה און פֿריר.

גיט זיך ווען פֿון שלאָף איר האַנט
צו מײַן באַק אַ ריר...
נידעריקער פֿאַלט מײַן קאָפּ
צו די פֿיס צו איר.

## אַזוי פֿיל פֿרייד

איך האָב זי צוגעדריקט צו זיך
און אָפּגעלאָזט;
פֿאַרדרייט האָט מיר דעם קאָפּ דער ווײַן
פֿון שטאַרקן פֿראָסט.

איך האָב אַ ריס געטאָן דעם פּעלץ,
זי אָפּגעדעקט,
זיך צוגעדריקט צו איר —
און אויפֿגעוועקט.
איר לײַב אַ ציטער האָט געטאָן:
אַזוי פֿיל פֿרייד...
מײַן קאָפּ האָט זיך פֿון קאַלטן ווײַן
געדרייט, געדרייט...

## זי זאָגט צו מיר אַזוי

קומען ערגעץ וועלן מיר צו פֿאָרן,
ערגעץ אין אַ זומערדיקן לאַנד;
וועלן מיר פֿאַרקויפֿן פֿערד־און־שליטן
און צו פֿוס זיך לאָזן גיין בײַנאַנד —
ערגעץ אין אַ זומערדיקן לאַנד.
וועלן מיר די נאַכט די ערשטע שלאָפֿן
אין אַ וואַלד אין זומערדיקן לאַנד;
טאָג וועט ווערן — וועלן מיר זיך לאָזן
ווײַטער גיין געאָרעמט האַנט בײַ האַנט,
ערגעץ ווײַט אין זומערדיקן לאַנד.
נײַע קליידער וועלן מיר זיך קויפֿן
פֿאַרן געלט אין זומערדיקן לאַנד;
דו — אַ ברייטע הוט, אַ העלן מאַנטל,
איך — אַ ווײַסע קלייד מיט זײַדן־באַנד. —
דאָרטן ווײַט אין זומערדיקן לאַנד.

## זי וועט זײַן מײַן פֿרוי

שיט אַ שניי אַ וואַרעמער,
גלאָט דער וועג און ווייך,

פֿון דער ווײַטן זעען זיך
דינע זײַלן רויך.

פֿאָרן מיר און זי דערציילט
מעשׂיות נאָך אַנאַנד,
אַלץ פֿון יענעם וואַרעמען
זומערדיקן לאַנד.

ווער איך מיד פֿון צוהערן,
קוק איך אין דער הויך:
ווײַסע זײַלן ציִען זיך,
שטראַלנדיקער רויך.

זילבער וואָלקנס שפּרייטן זיך
ווינטערדיקער טוי...
רוימט זי שטיל אַ סוד מיר אײַן:
— איך וועל זײַן דײַן פֿרוי...

## אַנטשוויגן געוואָרן

די ליפּן פֿאַרטריקנט, די אויגן פֿאַרמאַכט,
מיר פֿאָרן און שווײַגן ווי פֿרעמדע די נאַכט.
עס זאָגט ווער אַרויס ווען אַ וואָרט דורך די ציין,
ווי יעדער אין שליטן וואָלט פֿאָרן אַליין.

זי זעצט זיך, פֿלעכט־איבער די האָר אויפֿן קאָפּ.
אַ סטענגע אַ ווײַסע — זי וואַרפֿט עס אַראָפּ,
און מורמלט צו זיך מיט פֿאַרבאָרגענעם ווײ
פֿון עפּעס אַ שמוציק געוואָרענעם שניי.

און ווידער זי לייגט זיך אַוועק און זי ליגט,
די הענט אויפֿן האַרצן, די ליפּן פֿאַרדריקט:
מיר פֿאָרן און שווײַגן ווי פֿרעמדע די נאַכט,
עס גיט ווער אַן עפּן אַ ברעם און פֿאַרמאַכט...

## נאָר וואָס איך בין

האָב איך זיך אַליין ניט אָפּגענאַרט
אין מיטן נאַכט ?
גלעקלעך, מיידלעך, קאַלטן ווײַן
זיך אויסגעטראַכט.

ווען וועט עס אײַנפֿאַלן
בײַ נאַכט אַליין
מיך אין וועג באַגעגענען
זיך לאָזן גיין ?

גלעקלעך קלינגען ? יאָ, איך זע
אַ בויד ניט ווײַט —
מיר אַנטקעגן קומען־אָן
ציגײַנער־לײַט . . .

## היי, ציגײַנער !

היי, ציגײַנער, היי, ציגײַנער
לאָמיר בײַטן פֿערד ;
טײַער, ביליק — נאָך אַ רובל
האָט בײַ מיר אַ ווערט.

זעט, איך בין אויף פֿערד קיין מבֿין,
נאַרט נאָר מיך נישט אָפּ ;
נאָ׳ט אײַך נאָך אַ גאַנצן לעבל
ווײַסן ברויט צוגאָב.

איר האָט פֿערד טאַבונען גאַנצע,
איך — האָב איינעם נאָר —
איז ער מיד, שוין צוגעשטאַנען ;
אַזאַ צײַט איך פֿאָר.

היי ציגײַנער, שאָטנס קומען,
שטאַרקער ווערט די קעלט. —
טײַער, ביליק — נאָך אַ רובל
איז בײַ מיר קיין געלט...

## אָפּגענאַרט

עס האָבן אָפּגענאַרט מיך די ציגײַנער,
אַ פֿערד אַ קראַנקן מיר געגעבן,
אַ פֿערד אַ בלינדן, — זאָגט דאָס האַרץ מיר:
ער וועט ביז מאָרגן ניט דערלעבן.

איך שלאָג אים מיט אַ גרויסן שטעקן,
און ער ווי גאָרנישט, — שטייט געבויגן.
גיט וועגן ניט ווען דעם קאָפּ אַ טרייסל,
אַ פּינטל מיט די בלינדע אויגן.

בין מיד פֿון שלאָגן, שטיי איך, וואַרט איך,
אַזוי ווי ער דעם קאָפּ געבויגן...
און ער — מיר דוכט, ער קרימט די ליפּן
און גלאָצט אויף מיר מיט זײַנע אויגן...

## אין בלוט מײַנע הענט

שטיל. האַלבע נאַכט. אויפֿן הימל קיין שטערן.
איך שטיי אויפֿן וועג שוין פֿון שטונדן.
איך האָב אויפֿן פֿערד שוין דעם שטעקן צעבראָכן,
צעשניטן די פֿעל אים אויף וווּנדן.

אויף יעטוועדן קלאַפּ אויף די מאָגערע ביינער
דערטראָגט זיך אַן אָפּקלאַנג פֿון ווײַטן...
און פּלוצלינג האָט עמעץ דאָס פֿערד אומגעוואָרפֿן,
אויף אים אויפֿגעזעצט זיך צום רײַטן...

אַ שטאַנג אויסגעריסן האָב איך פֿון דעם שליטן,
געשלאָגן דעם פֿערד אין די זײַטן —
ביז וואַנען אַ טויטער געבליבן איז יענער,
וואָס האָט זיך געזעצט אויף אים רײַטן...

## טאָג וועט זײַן

מען יאָגט דיך? — ניין,
מעגסט רויק גיין.

דו וועסט דאָך ווען
אַ סוף דערזען...

אויף זיך אַליין
פֿאַרדריקסט די ציין —

באַפֿרײַ זיך שוין
פֿון זיך אַליין...

און טאָג וועט זײַן,
און זונען־שײַן...

## אַ קוש

טרעטנדיק אין טיפֿן שניי
איז אַ שלאָף באַפֿאַלן מיך,
ווי אַ קישן האָט דער שניי
מיך אַ צי געטאָן צו זיך.

זיך אַ הייב האָב איך געטאָן
און געשטעלט זיך אויף די קני,
נאָך אַ מאָל האָט מיך דער שניי
פֿאַר די הענט געטאָן אַ צי.

זיך אַוועקגעלייגט האָב איך
מיט אַן אָפּגעדעקט געזיכט,
האָט אַ לויכט געטאָן אויף מיר
אַזאַ שטראַלנדיקע ליכט.

זיך אַ הויב האָב איך געטאָן
און געזאָגט: אַ גוטע נאַכט...
האָט אַ קוש געטאָן מיך ווער
און די אויגן מיר פֿאַרמאַכט...

נ״י 1916

# 2

**עטלעכע שרײַבערס פון „די כאַליאַסטרע״ ווערן אין די** מוסטערווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור **פֿאָרגעשטעלט דורך גאַנצע בענד:** משה בראַדערזאָן, עוזר וואַרשאַווסקי, י. י. זינגער, **און** מלך ראַוויטש **איז גאַנץ באַזונדער** שטאַרק פֿאַרטראָטן **אין זייער אַ סך בענד.**

# די כאַליאַסטרע

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פון „די כאַליאַסטרע“

פּרץ מאַרקיש

## פירוואָרט צו „כאַליאַסטרע“

אין דער שטיינערנער וואַנט פֿון אייביקייט קלאַפּט זיך און בלוטיקט זיך דער אײַזערנער און אויסגעדראָטעוועטער עלעקטרי־קאָפּ פֿונעם צוואַנציקסטן פֿײַער־געשמידטן יאָרהונדערט. זײַנע ווייגעשרייען שוידערן, ווי דער פֿאַלגעשריי פֿון אָפּרײַסנדיקע זיך בערגישע לאַווינעס, וואָס טראָגן זיך אין אָפּגרונט. זײַנע ווילדע, מטושטשע, צעקאַליעטשעטע ווערטער און קלאַנגען קלעפּן זיך אײַן און פֿאַרשטאַרן אין די לופֿטן, ווי צעבלוטיקט פֿלייש אויף לײַוונטן פֿון שנייען.

אויף די דראָטן פֿון אונדזערע ברעמען זײַנען צעהאָנגען רויטע אילומינאַציעס.

בײַ די פֿענצטער פֿון אונדזער הימלאָזיקייט קלאָגן אָנמולדדיקע נעכט מיט אַראָפּגעריסענע גלעקער ווי ציגײַנערישע עקרות מיט געגנבֿעטע קינדער.

אין די טויערן פֿון אונדזערע חרובֿע שטעט — קלאַפּן און באַראַבאַנעווען מיליאָנענדיקע טריט פֿון צעבונטעוועטע טויטע דיוויזיאָנען, אויפֿגעשטאַנענע פֿון הונדערטמײַליקע שלאַכטבעטן מיט שוואַרצע קראָען אין די לײדיקע וויגעלעך פֿון טרערן און הייסן אונדז זינגען זייער אויפֿשטאַנדליד.

— זינגען מיר!

אונדזער מאָס איז — ניט שיינקייט, נאָר — שוידערלעכקייט.

די איבערקערעניש אין אונדז אינעווייניק איז דער זעלביקער לאָגישער און אַנלאָגישער רעזולטאַט און נויטווענדיקייט פֿון מענטשישער ניט־געצוימטער און לײַדנשאַפֿטלעכער שטײַגונג, ווי יעדע

מלחמה און רעוואָלוציע. אונדזערע נערוון זײַנען צעגראָבן ווי אָקאָ־פּעס.

די געדאַנקען און געפֿילן אין אונדזערע מוחות זײַנען אַרויס אײנס אַנטקעגן אַנדערן, ווי די ווילדע באַשעפֿענישן פֿונעם דור־הפּלגה, ווי בלינדע קריגערס פֿון טויזנטער קעגנזײַטיקע לאַגערן.

מיר האָבן געלאָזט אַן עקספּעדיציע פֿון עראָפּלאַנען אויף די הימאַלײַען פֿון אונדזער מוח. איז זי אומגעקומען. שיקן מיר אַרויס הונדערט אַנדערע.

די מענטשישע קולטור מאַכט טויזנטער געפֿערלעכע עקספּערי־מענטן אין דער אויסערלעכער וועלט. דער גײַסט ווייסט פֿון מערער און געפֿערלעכערע עקספּערימענטן אינעווייניק, אין דער אינערלעכער נאַטור פֿונעם טראַגישן רעטעניש־מענטש.

מיר האָבן אויפֿגעריסן דעם צוויי־הונדערט־אַכט־און־פֿערציק־שטאָקיקן מגדל פֿון די גרינע טאָלנדיקע פּלעצער, אים אײַנגעטונקען אינעם עטנאַ־קראַטער פֿון דער מענטשישער נשמה און אויסגע־קריצט מיט אים אויף הימלען פֿון אויגן:

— אומרו!

אויף אונדזערע הערצער איז ניט אויסגעברענט קיין שטעמפּלען פֿון אַנקערס, נאָר — צעבראָכענע זיגזאַגן פֿון בליצן.

און אַזוי גייען מיר — צעוואָרפֿן, אײנציקווײַז און אין אײנעם — אין אַנאַרכיסטישע כאַליאַסטרעס, באַנדעס און פֿעדעראַציעס.

מיר האָבן צעפּראַלט אונדזערע אָנגעלאָדענע שאַרבנס און קריכן אַרום אויף די בערג פֿון געהירן, ווי בלינדע פּילגרימען — משוגע צו ווערן פֿון אַן אינעווייניקסטן זונאויפֿגאַנג צי פֿון אַן אינעווייניק־סטער שקיעה. מיר קוקן דאָרטן אויס נײַע קאָנטינענטן און מאַטע־ריקן פֿון אינעווייניקסטע נאָך־ניט־זעענדיק־געוואָרענע וועלטן. און אונדזערע שיפֿן ווערן אויפֿגעפֿרעסן פֿון שטורעם און אָפּגרונט.

מיר האָבן אויסגעדרייט די אויגן, ווי טעלעסקאָפּן פֿון אָבסער־וואַטאָריעס, זיי אָנגעשטעלט אויף אינעווייניק און זויגן דאָס געזאַנג פֿון אינעווייניקסטער פּלאַנעטן־סיסטעם, און בלאָנדזשען אויף די פֿאַר־זאַוויערוכעטע און פֿאַרשנייטע מילכוועגן פֿון אונדזערע אינעווייניק־סטע הימלען.

און וואָס שטאַמלען מיר פֿון דאָרטן אויס?

שוידערלעכע וויגעשרייען פֿון אָפּגעריסענע בערגישע לאַווינעס, וואָס טראָגן זיך אין אָפּגרונט. צעבלוטיקט לײַב פֿון שגעון אויף לײַוונטן פֿון שנייען. אָפּגעריסענע אַקאָרדן פֿון וואַנזין — —

ווי שגעונדיק און וואַנזיניק איז דער שווידערלעכער גאַנג, דער מענטשישער, אַליין.
דאָס איז די הפֿלגהשע שפּראַך אין דעם אויפֿגעריסענעם מגדל פֿון אונדזער מוח.
דאָס איז אונדזער געזאַנג.
— זינגען מיר!

אורי־צבי גרינבערג

## פּראָקלאַמירונג

אַ בריק, פֿיר ווענט און אַ באַלקן פֿאַר די הימלאָזע, דיכטער־יחידים, אין זייער פֿרעמדלענדערישער אומוואָגלונג אין די פֿאַרשיידענע צענטערס פֿון ייִדיש־פֿאָלקישער עקסטעריטאָריאַלישקייט. ליטעראַרישע צעשוומענקייט.

איך מיין נישט: טאַלאַנטן. דיכטערס — אויף־להבא, און נישט זייערע „דרוקפּעיִקע“ זאַכן. ס'איז נישט די צײַט פֿון ליטעראַרישע פּרוּוון. אַ גאַנצער דור בלוטיקט פֿונעם האַלדז אַרויס. גאַליקט פֿונעם געמיט. אַ גאַנצער דור שטייט צעווונדיקט, לויפֿט אָדער ליגט אין קאָנווולס (געווינער־ אָדער: גוסס־ווייען). דערשיטערונג אין די טיפֿן. רויכערונג אויף די פֿלאַכן. און טאַלאַנטן זײַנען פֿונקען. בשעת בראַנדונג — נישט־זעבאַרע. זיי זײַנען ד'־אַמותדיקע יחידים. נישט אָבער: די יחידים, וועלכע זײַנען אין שטורעם־און־דראַנג גײַסטיק אויסגעוואַקסן און אידעיִש צוגעוואַקסן צום אוניווערסאַל: מענטש־דו־ביסט־פֿאַראַן־מיליאָנענדיק — —

דאָ פּראָקלאַמירט זיך דער מיליאָנען־קעפּ־ און הערצערדיקער אינדיווידואַליזם: דער העראָיִשער וווּנדנמענטש, וואָס שטייט אַ רמ״ח־אבֿרימדיקער, גרויס ווי די וועלט, צעאויגט און צעאויערט און אַ צעלעפּצטער, אַרײַנפּולסירנדיק אין שטראָמיקן לעבן מיטן בלוט פֿון די דרײַ הונדערט־פֿינף־און־זעכציק אָדער טיפֿער, טיפֿער — —

יחידים פֿון דעם מין זײַנען דער בולטסטער אויסדרוק פֿונעם קאָנווולס. זייערע גופֿים קאָנווולסירן און טראָגן אויף די באַקעטע זייערע פּלייצעס טונקלען גלאָבוסווײַ. גליִענדיקע וועלט־אָנשויונג.

אידייען־קנויל: מענטש, וועלט — אין אַלע יאָרהונדערט־התגלותן — —

און אַזעלכע זײַנען דאָך דאָ בײַ אונדז. דיכטערס, גאַנצע, פֿולקאָמענע, מיט שווערע, צעגליטע קעפּ און דורכגעשוידערטע מרחקים־געמיטער. מענטשן דיכטערס, וואָס קנאָכיקן־אויס פֿון די אייגענע עצמות דעם פֿעלדזאויסדרוק פֿאַר דעם אינעווייניק טיף־טיף אָנגעהויפּטן אוצר טעג־און נעכט־איבערלעבענישן, אויף אַלע וועלטוועגן.

— — טיר־און־טויער זײַנען צו אַרבע־רוחות־עולם געעפֿנט, ווו ס׳ציִען די אייביקע עולי־רגלניקעס, זין פֿון אומרו, פֿון לויטערער אַלוועלט — אַלמענטש־דערקענטעניש. אַלבאַטראָסן פֿון דער יונג־יידישער דיכטונג. גײַסטיקע שפּײַז: אייגן פֿלייש; אָדערן; נערוון. געטראַנק אין די אייגענע קנאָכן־בעכערס: פּולסירנדיק בלוט. און שוואַרץ־שבת־ברויט — אונדזער לחם הפּנים: לייד. — וואָס נאָך פֿעלט אין מלכות פֿון הייליקער אָרעמקייט? מיר, די צעזונגענע שיירה גאָטס אָרעמע לײַט. אַלבאַטראָסן. דיכטערס — —

אַ ברכה אונדזערע טרויעריקע מאַמעס, וואָס האָבן אונדז אויסגעטראָגן פֿאַר דער וועלט און פֿאַר דעם דור! כאָטש ווײ־און־ווינד דער וועלט און דעם דור אין דער מויל געעפֿנטער אומענדלעכקייט, וואָס איר צונג גליט אויף דעם סאַהאַרישן צלם־וועג: עלדאָראַדאָ — נירוואַנאַ.

*

באַנײַערונג. אויפֿבראָך. רעוואָלוציע פֿונעם גײַסט. דערהייבונג — און נאָך. געוויס. אַזוי איז עס. אַזוי בײַ זיי, אַזוי בײַ אונדז. ס׳זײַנען דורכגעגרוילט געוואָרן אַלע ליטעראַטורן אין זייער קלאַסישער אָפּגעשטאַנענקייט. דורך דער אידילישער פֿאַרחלומטקייט און עלעגישער דיכטונג־שלווה איז אַרײַן אַ וויכער: בראָ! ס׳האָט דער צעלעפּצנטער קאָלאָס: מענטש, אַ מיליאָנען־קעפּעדיקער, אויפֿגעברילט (לויט גראָש: ווי אַ מאַשין. טעכניקצײַט!). איז דער גורל פֿון די אַלטע ביכער — דער גורל פֿון די גאָטישע קלויסטערס און רוימישע טורעמס: פֿאַרגליווערטע אַמאָליקייטן. אַ שרעק אַ קוק צו טאָן. די שליאַכן לויפֿן זיי פֿאַרבײַ. וועלט און רויטער יאָרהונדערט שטייען באַרגאַראָפּ. אָפּטימיסטן פֿאַרלייגן שפּאַקטיוון איבער די אויגן, פּרוּוון אַרויסכּישופֿן אינטויִטיוו (לעת־עתּה) אַ צעגליט שטיקל מולד אין אַן עק האָריזאָנט ערגעץ. באַרגאַראָפּ, מיט די פֿוילנדיקע קנוילן: דורות־פֿאַרבלײַבונג — —

אַזוי איז עס. צי מיר ווילן יאָ, צי מיר ווילן נישט. מיר שטייען אַזוי ווי מיר זײַנען: מיט צעלעפּצנטע ווונדן, מיט אויפֿגעוויקלטע אָדערן און צעשרויפֿטע קנאָכנס, נאָך הויביצן און „הוראַ“, נאָך גאַזאַנגריפֿן; נאָך שאָלן גאַל, אָפּיום און טאָגוואַסער: עקל. און שקיעהשערשוים ליגט אויף די ליפּן.

דערפֿאַר דאָס גרויזאַמע אינעם ליד.
דערפֿאַר דאָס כאַאָטישע אינעם בילד.
דערפֿאַר דער אויפֿגעשריי פֿונעם בלוט.

גרויזאַם. כאַאָטיש. בלוטנדיק. דערווײַל איז שקיעה. אין אונדזערע וועלטישע טורעמס איז אויפֿגעטיטש די גײַסטיקע שפּײַז פֿאַרן פֿאַרלוירן־גייער־דור, און שוואַרץ־שבת־ברויט — אונדזער לחם־הפּנים. אַ דור פּראַווועט אַ רויטן שלוש־סעודות פֿון שוואַרץ־שבת בין־השמשות צופֿוסנס דער עבֿר־וועלט. פֿון הינטער די רוקנס — שוואַרצע צלם־סלופּעס. אַזעלכע געזאַנגען מוזן געזונגען ווערן. גרויזאַם. כאַאָטיש. בלוטנדיק — —

אפֿשר וועט אַנדערש זײַן דאָס ליד נאָכן געבוירן־ווערן פֿונעם מולד און ס׳וועלן רוען גלאָריעס איבער די אַלבאַטראָסישע קעפּ פֿון די דיכטער־בריונים. דערווײַל אָבער זײַנען מיר נאַקעטע. צעשויבערטע. אויפֿגעוויקלטע. אַ שוידער־ און שאַנד־עוואַנגעליום פֿון סאַמע אָדערן און עצמות פֿונעם תּוהו־ובֿוהודיקן אומרועער־דור, וואָס שטייט בײַם צלם־וועג עלדאָראַדאָ — נירוואַנאַ.

איז געוואָרן אויסגערופֿן אין זיבעציק לשונות: אַוועק מיט שאַבלאָן און — דער עיקר — באַגרענעצטקייט אין דער שאַפֿונג. אינטראָספּעקטיוויסטיש משׂיג־זײַן. פֿאַרטיפֿונג.. פֿאַרן פֿרײַען, נאַקעטן מענטשאויסדרוק — זײַנען אַרויסגעקראָכן אומעטום — אויך בײַ אונדז — די וועלכע זוכן תּמיד אַ שעת־חירום און האָבן אונטערגעכאַפּט די שטריק פֿון עבֿודה־זרה־גלאָקן, קלינגט אין חלל די בשׂורה פֿון אַלאַ־וואַנזין־דיכטונג — —

אַזעלכע ברואים זײַנען כיטרע, זריפֿותדיקע: „אַזוי שרײַבן הייסט: מאָדערן“? „טאָ שרײַבן מיר מאָדערן“: אַרויף אויף די גלײַכע ווענט! אַראָפּ מיטן דאַך! אַוועק צו פֿוס אויפֿן ים איבער שפּינוועבס־בריקן! פֿאַר וואָס דען נישט? אַדרבה! עס קומט אויס מבֿולבלדיק? ס׳דאַרף זײַן אַזוי! דער מוענטש!... אַזוי זע איך עס... ווערט גערעדט צום קאָפּ: קאָפּ, קלער־אויס אומגעלומפּערטקייטן. וואָס מער אַבסורדן. אוממעגלעכקייטן. טראַכט, קאָפּ: כ׳האָב פּאָדקאָוועס אויף די פֿיס. בין איך

(לאָגיש) אַ מענטש־פערד. שלעפּ איך (לאָגיש) — ווּעמען שלעפּ איך? קלער עפּעס אויס, קאָפּ אײנער! קלערט קאָפּ: אַ וואָגן מיט אײַזן — — פאַר וואָס דען נישט? אַדרבה!

און אַזוי ווײַטער, ווײַטער. אימיטאַציע. פּסיידאָ־עקספּרעסיאָ־ניזם. ביליקסטע אימיטאַציע, חילול־הקודשדיקע פאַר אונדזער אײ־נעם אונדזער אײנעם טוט עס אוממענדלעך ווײ. און דער פּועל־יוצא: כּמעט דער גאַנצער דור יוגנט פון שטעט און שטעטלעך „קרענקט" אויף ליטעראַרישקײט. קרענקט אויף מאָדערניזם. און וועלכער ליי־טישער יונגער מאַן האָט דיר נישט אַ פּעקל עקספּרעסיאָניסטישע לידער אָדער מחשבֿותן?

עס געניגט אַ פרעג צו טאָן בײַ אַ בחורל:
— וואָס איז אַזוינס עקספּרעסיע?
ענטפערט דאָס בחורל אַ לאַכנדיקס:

— עקספּרעסיע, פרעגט איר? עקספּרעסיע, פאַרשטײט איר, איז... ממ... מע שרײַבט וועגן ווילדקײטן, פאַרשטײט איר... מע מעג אַלץ זאָגן... נאָר נישט ווי געוויינלעך... ס'קומט־אויס מאָדנע... מ'דאַרף פאַרשטײן... ס'איז רע־וו־אָ־לוציע, פאַרשטײט איר... און פאַרשטײן פאַרשטײט איר גאָר נישט. איר פאַרשטײט נאָר, פון הײַנט אָן הײסט עס: אַ טיש איז אַ בעט. אַ האַנט איז אַ נאָז. אַ שוך איז אַ זײ־גער און אַ בויך איז אַ יאַטקעקלאָץ — — פאַר וואָס נישט? אַדרבה!

אַקעגן דעם מין הפקרות וויל איך אַוועקשטעלן סטאָפּ. אַקעגן דער פאַראומווערדיקונג פון דעם מיט בלוט־און־מאַרך אויסגעטראָ־גענעם עקספּרעסיאָניזם פון זיבעציק לשונות וועל איך מיט אַלע פיבערן פון מײַן גלידער־געבײַ אַרויסטרעטן צום קאַמף.

אַקעגן דער שונד אימיטאַציע: פּסיידאָ־עקספּרעסיאָניזם אַקעגן דעם באַהאַלטענעם שקר פון טאַלאַנטלאָזיקײט, וואָס דעקט זיך אונ־טער דעם הײליקן שטערן־מאַנטל מאָדערנע דיכטונג. אַקעגן דער גאַנ־צער פלעיאַדע אומגערופענע מבֿינות־זאָגערס מיט זײער השכּלהש־אַפּיקורסישער ווילקענעוודיקײט: וואָס יאָ נײַ און וואָס נישט נײַ איז.

און פאַר דעם פרײַען, נאַקעטן בלוט־אויפכוואַליעדיקן מענטש־אויסדרוק.

# מאַניפעסט

## צו די קעגנערס פֿון דער נײַער ריכטונג

איר האָט אָנגערירט די זוימען פֿון אַ סך אמתן. און אונדז טוט ווײ. דורך אונדזערע טעג און נעכט ווײ...

אין דער נײַער יידישער דיכטונג זײַנען דאָ אַ סך אומקרויטן, סם־גראָזן.

אין דער נײַער יידישער דיכטונג זײַנען דאָ באַנאַליטעטן, אַבסורדן, נישט־אייגנס, אויפֿגעכאַפּטס, באמת: טאַלאַנטלאָזיקייטן, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן זייער קיום נאָר אַ דאַנק דער אויפֿגעפֿליגלטער נײַ־קלאַנגען־פֿאָרעם פֿון אַן איזם און פֿראַזאָלאָגישער פֿרעמדווערטערדיקער אויגן־ און אויערן־פֿאַרבלענדעניש.

אין דער נײַער יידישער דיכטונג זײַנען פֿאַראַן גראַפֿאָמאַנען־נאָכשלעפּערס, פֿאַכמענעריש: שאַנטאַזשיסטן. יחידי־סגולה „דערגיור־כען" זייער אומערלעכקייט. זאָגט איר, דערזעען זייער ערווהקייט. בקיצור: אין דער יונגער יידישער דיכטונג איז דאָ אַזוינס, וואָס גייט שוין איבער אַלע גרענעצן פֿון ליצענציאַ פּאָעטיקאַ — —

מעגלעך! נישט ווייניקער אָבער מוזן לײַדן דערפֿון אַנדערע גרויסע ליטעראַטורן פֿון געזונטע איין־היים־האָבנדיקע קולטור־פֿעלקער — איז מה רעש בײַ אונדז דווקא אין אַן אויף־הינער־פֿיסלעך־שטייענדיקער ליטעראַטור פֿון אַ נישט־צום־אָריענט־ און נישט־צו אייראָפּעגעהעריקן פֿאָלק, וואָס בלוטיקט אין איין זײַט, חלומט אין אַ צווייטער זײַט און האַנדל־וואַנדלט אין אַ דריטער זײַט?

אויב דאָס גופֿא, דאָס אויבן דערמאַנטע, אײַער חוש פֿון ערלעכקייט, איז די סיבה, וואָס שטויסט אײַך אָפּ פֿון אונדז — קאָנען מיר אײַך די האַנט געבן! אונדז אַרט דאָס מערער. אונדז טרעפֿט דאָס טיפֿער. ווײַל אונדזער איז די דיכטונג: פֿרוכט פֿון באַקענונג און אָנגעווייטיקטקייט, וועלכע מיר טראָגן־אויס מיט די צוויי־הונדערט־אַכט־און פֿערציק זידנדיקע גלידער אין אונדזער יידיש־מענטשישער היימלאָזיקייט. וואַרפֿט איר אָבער בלאָטע־גרודעס אין די נײַע, מיט מיאון־גוואַלט־אויפֿגעבראָכענע פֿעלדזן־קוואַלן אין דעם מדבר פֿון טרוקנקייט, און איר רעדט ביבל־שפּראַכיק: „און ס׳איז געווען אָוונטצײַט. איר זײַט געקומען מיט די קרוגן וואַסער שעפּן, האָט איר דערזען, אַז פֿאַרסמט זײַנען די וואַסערן — —" אַדאָ הילכן מיר אײַך איבער מיט

אונדזער נישט־ביבלישן בראָדיאַגישן: אַוועק! קומט נישט מיט אײַערע ערדענע קרוגן צו די קוואַלן צו גיין. לאָזט!

ס׳איז אמת. אמת (און דער אמת טוט אונדז וויי, דורך טעג און נעכט — וויי). עס איז אונדז פֿאַרלוירן געגאַנגען דער באַראָמעטער פֿון זעלישער שלווה, דער קאָדעקס פֿון טראַדיציאָנעלע סאַלאָן־געזעצן: „אַזויריידן דיכטערס אַצילותדיקע...״ ווי אַזוי אָבער זאָלן ריידן (לויטן אמת ריידן! אויב דיכטונג איז וואָרהייט) די וואָס דער שטורעם האָט אויפֿגעריסן אין וועלטישן גייערײַ, אין וועלטישן גדערעם־געשריי? ווי אַזוי זאָלן שפּילן די שוואַרצע אַלטע גלות־בבֿל־באַנדורעס אויף די ייִדן־בלוטיקע ווייבערגעס פֿונעם דניעפּער ביז צום קוימען־רויכערנדיקן האָדסאָן־לאַנד?

נישט מיר זײַנען שולדיק, וואָס ס׳האָט זיך אויסגעשיילט פֿון אַלע הויטן — דורות — דער טיטאַן: אַל־וועלט־אומעט, וואָס איז אַזוי גרויס אין פֿאַרנעם ווי דער כּדור־העולם און איז אויסגעוואַקסן אַ מרחקימדיק אָפּשרעק־געשפּענסט — אַ פּחדים־קרייץ פֿאַר די אויגן פֿונעם יחיד, איז ווער שולדיק, וואָס מען אָטעמט אים אײַן מיט אַלע גלי־חושים טיפֿער, טיפֿער. פֿון זון און לבֿנה; פֿון יעדן איינצל־שטערן; פֿון שטיקער יאַדישליווע כמאַרעס און פֿון שטיינהײַזערס געזימסן; און — סוף־כּל־סוף — פֿון מענטשלעכע פּנימער?

נישט מיר זײַנען שולדיק, וואָס די אַנטהילונג — אַרונטעררײַסונג — פֿון פּרוכתן און די אַנטפּלעקונג פֿון ליידיקע אָרון־קודשן, דורות־אָפּגעהיטע, איז אַזאַ גרויענהאַפֿטע, ווערטער־צום־אויסדרוק־פֿעלנדיקע?

איר גרוילט פֿאַר דעם „מען זעט אַלץ״, וואָס טאָגע און טלית, שלייער און שבת־קלייד האָבן צוגעדעקט, וואָלט איר בעסער וועלן: פֿאַרשווײַגן עס: אַ „זאָל־דיך־דאַכטן, מען זעט עס נישט...״ און דאָך — — זײַנען מיר ניט שולדיק, וואָס פּולסירנדיק בלוט שרײַט. צעשווידערטע עצמות און אָדערן־געדריי ליגן אויפֿגעדעקט; און ווינט האָט אַ יעדן צודעק אַוועקגעטראָגן, צו די זיבן ימים ערגעץ — —

גרוילט און ווייסט: נישט מיר זײַנען שולדיק, וואָס ס׳געהייל פֿון מיליאָנען אויפֿגעוועקטע האָט די השתּפּכות־הנפֿשן פֿון אַצילותדיקע שבת־פּרינצן איבערגעהילכט:

מיר ווילן נישט טראָגן דעם פֿינצטערן גלאָבוס אויף אונדזערע פּלייצעס נאָך ווײַטערדיקע זעקס טויזנט יאָר!

נישט מיר זײַנען שולדיק, וואָס טויזנט הפֿקרות־ווײַבער האָבן אין

די שקאַרלאַט־רויטע נעכט ביז וואַנזין פֿאַרשיכּורט וואַנזין־צעזונגען, אַנטפּלעקט דאָס, וואָס זײַדענע שבת־קלײדער האָבן אַמאָל צוגעדעקט!

נישט מיר זײַנען שולדיק, וואָס דאָס שטעטל האָט אונדז מיטן בלוט פֿונעם האַלדז אויסגעשפּיגן און אונדז פֿאַרציטערטע אַ וואָרף געטאָן אין גומען פֿון אומרו. — עלעקטער — בריקן — הויכגאָרנדיקייט — קאַפֿעען — שאַנטאַן — שאַנד — און אַפּיומשטעט! זאָל זײַן: אַז ס׳איז שולדיק דער, וואָס דרייט דעם גלגל פֿון דער וועלט. איר גלייבט דאָך! אָבער אַזוי איז עס. ס׳איז אַ ווײַטער אומגעלומפּערטער מהלך. ס׳האָט געפּלאַקערט און געברויזט בשעתן גאַנג. דער ריטמוס איז דאָ אין אונדזערע לידער, אין אונדזערע בילדער. איר האָט מסתּמא געלייגט וואַטע אין די אויערן און די אויגן געהאַלטן פֿאַרמאַכט (עד יעבֿור זעם... אפֿשר). ווייסט איר נישט, גרוילט איר — אַז אַנדערש, אַנדערש, אַנדערש איז.

ס׳איז קיינער ניט שולדיק אין דעם. אָבער פֿערד, הינט, פֿייגל, אַפֿילו דער קאַלטער דומם — ווייסן, אַז אַנדערש, אַנדערש איז. זיי זײַנען מיט אונדז אין וועלטישן גייערײַ מיטגעריסן געוואָרן. זיי פֿילן, אַז אַנדערש, אַנדערש איז — — און דערפֿאַר זײַנען די אויגן בײַ די פֿערד אַזוי מין אומענדלעך ווייטיקלעך, ווי־רוביִנען גליִענדיק אַלע אָוונט.

דערפֿאַר זײַנען די הוט־השדרהס בײַ די גאַסהינט אַזוי אויסגעמאָגערט, רחמימדיק, אַז בילנדיק בײַ נאַכט זייער יתומים־און־וועלט־פֿאַרלוירן־ביל — מיינט מען: קינדערש געוויין איז עס — —

דערפֿאַר דערמאָנען זיך מיר פֿייגל, וואָס זײַנען הענגען געבליבן מיט די קעפּלעך אַראָפּ אויף די דראָט־געפֿלעכטן אויף סערביענס פֿעלדער. בײַ דער סאַוועס׳ געוואַסערן — און: נאָך אַ מאָל: יענער הונט, וואָס איז אין בין־השמשות פֿון די סאַראַיעווער הונגערטעג באַרג־אַרויף געגאַנגען און זיך אַוועקגעשטעלט בײַ די פֿעלדזן און צו זיי דעם קאָפּ געשלאָגן — —

און צי בין איך, למשל, דער זון פֿון אַן אַצילותדיקער קדושים־משפּחה (אין אַ גאָלד־געשריבענעם ירושה־בריוו, ציט דער יחוס ביז מלכות־בית־דוד) שולדיק אין דעם, וואָס כ׳געדענק נישט דעם טאַטנס הייליקן „ידיד־נפֿש״ און דעם זילבערנעם זיידנס „אודה לאל לבֿבֿ חוקר״־געזאַנג, ווײַל כ׳האָב זעקס הונדערט האַרמאַטן אין קאָפּ; בלויבליצנדיקע רעפֿלעקטערס אין ד׳אויגן, ווײַל כ׳בין אָנגעזויפּט מיט אַלקאָהאָל, מיט ניקאָטין, מיט עקזאָטיש מאַטראָסן־געזאַנג, מיט ווילד־

חיילות־געריש און באַסניאַקישע גוסלאַרן־לידער אויף דער גרעב־סטער סטרונע געברומט? — —

ס'וויל קיינער נישט טראָגן די העמדער פֿון שעטנז. די גלידער וואָלטן וועלן: זייד. נע־ונד־זיין ווילט זיך נישט. שלווה, טיפֿע שלווה ווילן די אבֿרים. עס וויל דער גוף אין היכלותן רוען. אָבער ווער איז שולדיק אין דעם, וואָס מע זעט נישט מער דעם וועג, וואָס איז עולה להיכל?

דערפֿאַר טאַקע דאָס גרויזאַמע אינעם ליד
דערפֿאַר דאָס כאַאָטישע אינעם בילד.
דערפֿאַר דער ווּיסטער, ווײ־טוענדיקער אויפֿגעשריי פֿונעם בלוט.
פֿאַר די וואָס פֿאַרשטייען אונדז נישט — זײַנען מיר נישט פֿאַראַן.
עס שרעקן זיי בלויז אונדזערע ווידער־קולות — —
פֿאַרשליסט טיר־און־פֿענצטער: עס זאָל פֿאַר שרעק אײַער האַרץ נישט אַרויס.
מיר גייען פֿאַרבײַ אײַערע שוועלן און לאָזן אײַך.
דער מהלך איז ווײַט, ווײַט.
צו דער שוועל פֿון דער וועלט.

ווארשע 1922, אין 1טן נומער אַלבאַטראָס

מלך ראַוויטש

## קעגן דעם גראַם

איך בין נישט קיין ליטעראַטור־היסטאָריקער און ווייס נישט, ווי אַזוי און ווען אָט דאָס מאָנאָטאָנע גלעקל גראַם האָט זיך אָנגע־האָנגען בלוי־זײַדן־שלײַפֿיק אויף דעם מעכטיקסטן אויסדרוק פֿון מענטש, אויף דעם פּאָעטישן וואָרט, דעם וואָרט וואָס איז נישט מער און קיין מאָל נישט ווייניקער, אויב ס'איז עכט, ווי דאָס גע־שריי פֿון דעם טיפֿסטן מענטשנס טיף. על־פּי שׂכל און על־פּי אינ־טויציע פֿאַרשטיי איך, אַז דער גראַם שטאַמט פֿון אַ צופֿאַל (אַזוי ווי זײַן אויפֿגאַבע אויף דער וועלט איז צו באַשאַפֿן אייביקע גע־דאַנקען און געפֿיל־צופֿאַלן), און אַז ערגעץ ווען אין דער טונקע־לער געשיכטע פֿונעם וואָרט האָט אַ פּרעהיסטאָרישער גראַפֿאָמאַן און

באַצאָלטער (!) הויפּזינגער בײַם שטאַמפּירשט, נישט קענענדיק שווער נאָכטרעטן אָדער שוועבנדיק נאָכטאַנצן נאָך זײַן קאָלעגע ליטעראַט, אָבער אמתדיקער שעפּער פֿון פּאָעטישן וואָרט, דעם גראַם אויסגע־חכמעט פֿון זײַן מוחל. אַחוץ דעם בין איך זיכער, אַז דער זעלביקער גראַם־דערפֿינדער האָט געקענט אַ ביסל שפּילן אויף אַן אורפֿײַפֿל, ווײַל דער גראַם האָט אַ בפֿירושע שײַכות מיט דער דילעטאַנטישער מוזיק.

איך ווייס נישט, פֿאַר וואָס מען האָט אָנגערופֿן די מינים פֿון די גראַמען: זכרים און נקבֿות. אַ גראַם זכר מוז פּאַסן צו אַ גראַם זכר אאַז״וו. מאָדנע, אָבער דערוועקט אַ ביסל דאָס ווידערגעפֿיל פֿון האָמאָסעקסועלער און פֿון לעסבישער ליבע.

יעדעס וואָרט האָט אַ שטאַם, האָט שווערע און לײַכטע צווײַגן, האָט קאָרעניעס און אַ ריזנדיק געפֿלעכט פֿון בלעטער, וואָס שרײַען אין שטורעם און יאָמערן אין רעגן און זינגען אין פֿאַרנאַכט. און יעדעס וואָרט פֿאַר זיך בייגט זיך אויף אַלע אַכט זײַטן פֿון דער וועלט, ציט־צו און שטופּט־אָפּ אַנדערע ווערטער.

אָבער דער גראַם נעמט דאָס וואָרט אין דער פֿויסט אַרײַן (אַז אים פֿאַרגלוסט זיך) און קוועטשט עס צוזאַמען ווי אַ פּאָמעראַנץ, אַזש עס פּגרט. אַן אַנדערשט מאָל ציט ער עס אויס, אַזש עס קרעכצט פֿון דעם — דאַן פֿלעכט ער ערשט אויג־אײַן, אויג־אויס:

באַנג ?        לאַנג ;
קלאַנג !        שלאַנג —
זי' —        ווי' ?
מי',        פלי' ! !

מאַנופֿאַקטור, ווי דער וועבער וועבט. איך ווייס נישט, וואָס פֿאַר אָט די פֿרײַער אויסגערעכנטע ווערטער שטייט אָדער קאָן שטיין. בײַ אַ ביסל אָנשטרענגונג אָבער וואָלט איך אײַך, נישט נאָר צו די גראַמען צוגעמאַכט פֿערזן, נאָר אויך צו די שריפֿטצייכנס, וועלכע איך האָב געשטעלט גלאַט אַזוי. וואָרעם דער גוטער סטאָליער קאָן דאָך צומאַכן אַ טיר צו יעדן לאָך אין דער וואַנט. אַ פּשיטא שוין אין אַ וואַנט פֿון אַ נשמה — —

לייענענדיק געגראַמטע פּאָעזיע (און אין אַזאַ זעלטענעם פֿאַל, ווער איך כמעט היסטעריש), דאַכט זיך מיר שטענדיק, בײַם צווייטן טייל פֿון פֿערז, דעם וואָס געגענט זיך שוין צום גראַם, אַז זײַנע פֿערז־פֿיס הייבן־אָן ציטערן קאָנווולסיוו, ווי דער צאַרטער פֿוס פֿון אַ

פֿרוי אײדער מען שפּאַרט אים אין אַ צו־ענגען, דערפֿאַר אָבער מאָדערנעם „עסטעטישן" שׂכל.

דאָס פּאָעטישע וואָרט שרײַבט זײַן יחוס־בריוו פֿון אָדמס ערשטן יאַ — האַ — ווע־אויסגעשריי. דעריבער קומט עס פֿון גאַנצן האַרץ. ווי ס׳קומט אַן עכאָ אין בערג, פֿון גאַנצן חלל. דעריבער קומט עס נאָר דעמאָלט, ווען ס׳איז רײַף אין גאַנצן, ווי די ליבע פֿון חיות, ווי די פּירות אין אָסיען.

דער גראַם צעהאַקט אויך דאָס עכטע פּאָעטישע וואָרט (און אין דער רגע קלער איך פֿול מיט פּחד וועגן אַדאַם מיצקעוויטש און זײַנע חבֿרים אין צײַטן און בײַ פֿעלקער), וואָס ציט זיך אין ציִענדיקן אָטעם, און שיעור אָן סוף, אויף פֿערטל, זעקסטל זיבעטל־מינוט, און אין יעדן אַזאַ פֿערטל פֿון שוואַרצן געזונטן ברויט — וואָרט — ליגט אַ ראָזשינקע פֿון אומניצלעכן און צווייפֿלהאַפֿטיקן „קלאַנג". דערפֿאַר האָב איך פֿײַנט דעם גראַם בתכלית השׂינאה. ווײַל ער באַשאַפֿט אויף אַ געמיינעם, פֿרעכן אופֿן פּאָעטישע ליגנס. ווײַל ער איז דורך־און־דורך קאָנוועניאַנס, ווי די מאַניקיר פֿון גנבֿישע הענט. ווײַל ער קאַסטרירט די פֿרוכטבאַרקייט פֿון איבערשוימענדיקע פּאָעטן. אַפֿילו דעם שטאַרקסטן קאָפּ וועט אָנהייבן שווינדלען אין געהירן, ווען ער וועט פֿאָרן אין קאַרוזעל צען שעה נאָך אַנאַנד. די שוואַכע קעפּ ווערן באַלד פֿון גראַם צו־עובֿר־בטלט. די וועלט הייבט זיך אָן צו דרייען אַרום זיי. זיי דרייען זיך אַרום דער וועלט. די קאַרוזעל דרייט מיט זיי ביידן. די אַקס איז דער גראַם, דער גראַם איז די אַקס, און פֿאַרקערט — אַ גאַנצע אײַנשטיין־אידעע.

אַז דער גראַמען־פּאָעט האָט דערפֿילט די ערלעכע שורה: „איך בין אַ טענצער און טאַנץ אויף שטריק" (ראַוויטש: רואינענגראַז) גיט אים דער הויפּנאַר גראַם, שוין נאָר אַ באַגרענעצטע מעגלעכקייט צו שפּינען ווײַטער זײַן ערלעכן געדאַנק. ער דיקטירט: גליק, שטיק, בריק — דאַכט זיך, אַז פֿאַרטיק — אָדער נישט, משה בראָדערזאָן? איז ער שוין פֿאַרשפּאַרט אין ד׳ אמות, דער פּאָעט, און וועט אַוודאי עפּעס צוטראַכטן. אָבער פֿון די ד׳ אַמות וועט ער נישט מער אַרויס. און וויי אים, וויי, אויב ער איז אַ טריאָלעטן־דיכטער אָדער גאָר אַ סאָנעטיסט, וואָס דאָס וואָלט אים געצווונגען אין דער לעצטער שורה פֿון זײַן געדיכט צו זײַן נישט נאָך פֿאַרשפּאַרט אין פּירעק, נאָר צוגעשפּאַרט צום איינאיינציקן טרוקענעם סלופּ, און דער סלופּ הייסט: (כאָטש וואַרף זיך אין וואַסער אַרײַן, ווײַל דו שטייסט דערבײַ) בריק!? טאָמער אָבער וועט עמעצער זאָגן, אַז מ׳קלײַבט די ערשטע

שורה פֿון געדיכט אַזוי, אַז מ׳באַרעכנט צו גלײַך איר אור־אײניקל אין דער פֿערטער שורה; דעם וועל איך אויסלאָכן, ווײַל ער וואָגט פֿון מיר צו לאַכן מיט אַזאַ ליגנט.

הערט און שטוינט: איך האָב באַזוכט מײַן פֿרײַנד, אַ סאָנעטן־דיכטער. ער איז געזעסן און געשריבן. מיר זיצן און ריידן. ער הייבט זיך אויף און גייט־אַוועק אויף אַ רגע, לאָזט איבער זײַן העפֿט. נײַ־געריק ווי איך בין, אויף פֿרעמדע סודות, קוק איך אַרײַן און — ס׳האָט מיר געגעבן אַ שלאָג דאָס בלוט אין פּנים אַרײַן. ווי מ׳דער־קענט בײַ אַ פֿרײַנד אַ גנבֿה פֿון עפּעס, וואָס איז שוין לאַנג פֿאַרלוירן. אויף דעם העפֿט איז געווען אויסגעשריבן אַ גאַנצער סאָנעט, ד״ה, נישט חלילה דער סאָנעט נאָר די 14 גראַמען זײַנע, און אָנגעהויבן האָט דער דיכטער אויסצופֿולן די שורות פֿון אונטן־אַרויף. מאַ — מע!! דאָס זעלביקע האָט מיר פּאַסירט מיטן טריאָלעטן־דיכטער. (און איך האַלט דווקא פֿון ביידע). אָדער — איך ציטיר:

געקרייצטער פֿון רעכטס:

היי, חברה שפּילערס, מפסיק זײַט אין שפּיל<br>
און גיט אַ שליק דעם גומען צו באַנעצן!<br>
אין לאַנד עס פֿליסן קוואַלן אַזוי פֿיל!<br>
אונדז קומט אַ טרונק לויט רוימישע געזעצן!

צי קענט איר דען גלייבן אויף אַ רעכטן אמת, אַז דער אויטאָר פֿון דער שלעכטער שורה: „היי, חבֿרה שפּילערס, מפסיק זײַט אין שפּיל“ (היסטאָרישע באַנדיטן — אמת, אפֿשר די זיידעס פֿון די הײַנטיקע חסידים — ניצן דאָס קלויזוואָרט: מפּסיק!) אָדער פֿון דעם אַ ביסל צעדער־האַלצערנעם פֿערז „אין לאַנד עס פֿליסן קוואַלן אַזוי פֿיל“ — וועט זיך קענען פֿאַרגינען אַזאַ פּרעכטיק־שטאָלצן זאַג פֿון אַ געקרייצטן: „אונדז קומט אַ טרונק לויט רוימישע געזעצן!“?

דאָ האָט דער גראַם געהאָלפֿן! אַמאָל העלפֿט ער אויך. אָבער אויך דאָס איז אַ ליגן.

צי ווייסט דען די מאַלערײַ פֿון אַ גראַם? זי איז דאָך נענטער צום לעבן. צי ווייסט דען די מוזיק פֿון אַ גראַם? זי איז דאָך אַזוי ווײַט פֿון לעבן. אָבער די קונסט־געוועבע־מאַלערײַ קען דעם גראַם!

קען דען די נאַטור דעם גראַם? אָבער וואָרט איז עלעמענט־אויסבראַך. עס דאַרף גיין פֿלוצלינגדיק און ווי עס וויל אַליין.

די איינציקע צוים, וואָס דאָס וואָרט פֿאַרטראָגט, אָבער די צוים

איז אַ אינערע, זי איז אַזוי צו זאָגן דער סקעלעט פֿונעם וואָרט, איז ריטמוס. ריטמוס איז שריט. פֿרייד איז ריטמוס, טאַנץ. אויך טרויער קאָן ווערן טאַנץ. אויך אין דעם אומזיכערן שריט פֿון בוהייעס מיט פֿאַרבונדענע אויגן איז ריטמוס. און אַנדערש טרעט זייער שריט, ווען זיי שנאַפּן קי און ווען זיי שנאַפּן בלוט.

דער ריטמוס פֿאַרטראָגט עס נאָך, דאָס וואָרט, און קאָן נאָך בלייבן אמת, און קאָן נאָך בלייבן הייליק, נאַקעט. אָבער דער באַוווסטער ריטמוס, דער צופֿיל און צו־גלייכמעסיק איבערגעחזרטער (איבערגעחזרטער!) איז אויך שוין אַ ליגן, אַ שאַבלאָנע, אַ שטיק בערגטייך אין אַ קאָנדענס־פּושקע.

דער גראַם אָבער איז אַ באַוווסטער ליגנערישער אויפֿפּוץ!

אין מיינע אויגן העלפֿט ער אַזוי פֿיל אונטערהאַלטן דעם כּוח פֿון יוגנט און לעבן אין וואָרט, ווי דער געשטיקטער פּאַס, וואָס האַלט־אונטער וועלקנדיקע פֿרויענברוסט. ווייל די פּראָ־גראַם־אַטיקערס פֿון פּאָעטן־ליטעראַטן־צעך דערוועגן זיך צו זאָגן, אַז דער גראַם איז עלעמענט אין דער דיכטונג.

שאַפֿט־אָפּ דעם גראַם אין דער דיכטונג. אַזיסט שאַפֿט־אָפּ די דיכטונג, ווייל אַזאַ דיכטונג וועט די צייט סיי ווי אָפּווישן. עס וועט אונדז אמתדיקער זיין צו לעבן.

דער פּראָקוראָר האָט געזאָגט. דער גראַם איז געמשפּט. איצט זאָלן זינגען די פֿאַרטיידיקערס.

„די וואָג", וואַרשע 1922

## אורי צבי גרינבערג

### פון דער פּאָעמע „וועלט־באַרג־אַראָפּ"

מאַמע, מיר קומען צו גיין פֿון אַ לאַנד, ווו ס'איז ליבע נישטאָ
און ס'איז גאָר נישט פֿאַראַן.
ס'איז מבול אין קאָפּ און ס'איז שקיעה אין בלוט.
די פֿינצטערע ערד איז אַ בלינדער פּלאַנעט,
און וויי איז צו איר, וואָס זי ליגט אַזוי שוואַרץ
אונטער הייזער און פֿיס!

זי וואָלט אויגן געעפֿנט און ליפּן צום ברום:
ווײ איז צו מיר פֿון בראשית ביז הײַנט!
און דער הימל איז שלעכט,
אַזוי כמאַריק און שלעכט!
ער גיט נישט צום זייגן דער ליפּ פֿון אַ בוים
פֿון זײַן כמאַריקער ברוסט —

בײַם צעבראָכענעם באָק זינגט ווי אַ בעל־מום
ביזן אָוונט אַרײַן,
פֿאַר די טויזנטער פֿיס,
אין די פּלאָנטערן: טאָג...

מאַמע, די נעכט אין דעם גרויזאַמען לאַנד
זײַנען שאַרלאַכיק־רויט.
די פּנימער ווערן פֿאַרענדערט בײַ נאַכט.
מוטער דערקענט נישט איר איין־איינציק קינד.
טאַטע דערקענט נישט זײַן חופּהדיק ווײַב.
ז־ז־זנות איז דער זשום אין דער לופֿט פֿון די נעכט.

מאַמע, דײַן זון איז דער לײַדנשאַפֿט־שרײַ אין די זונהשע נעכט.
מאַמע, דײַן זון איז דער נאַקעטער סנה אין די בראַנדיקע נעכט.
און אַ טאָכטער פֿון יענעם צעזונהטן לאַנד,
וווּ ס׳אָטעמט מיט סם,
איז דאָס ווײַב פֿון דײַן זון —

ס׳האָט קיין רבֿ נישט געבענטשט,
ס׳האָט קיין גלח געקניט
פֿאַר די הייליקע דרײַ — —

*

אַבוי [1] צו די צאַרטע לבֿנה־ליד־זינגערס,

---

[1] אוי, ווײ!

וואָס גייען ביחידות אין טאָגעס פֿון טרויער
און האָבן די בכורה פֿון תּכלת־געזאַנגען!

אַבוי צו די קלאָגערס אויף חילול־הקודש
אין זייערע אָפֿענע געגנט אינעם ישובֿ!
אַבוי — ווען זיי קומען אויף אַלטע בית־עלמינס
דערציילן די מתים דעם חורבן העולם — — —
און ווי, ווען זיי קומען אין עלנטן גאָטהויז
פֿאַרצערעוועון ריסן אין סאַמעט־פּרוכת
און לעקן דעם שטויב פֿונעם שטיינערנעם ישו.

מיר זײַנען אַ חבֿרה פֿון הפֿקר־בראָדיאַגעס.
מיר האָבן די טאָגעס די ווינטן געגעבן.
אויף אונדזערע שטערנס איז בולט געוואָרן.
דער צייכן פֿון קין. ס'איז הבֿל באַגראָבן.
און וועלט־באַרג־אַראָפּ איז צעשוידערט און וווּנדיק,
און וועלט־באַרג־אַראָפּ איז צו שקיעה געקומען,
די תּורות געלעסטערט.
נישטאָ קיין קדושים.
די ליבע איז תּאווה און ווײַבער — פּילגשים!

און מיר זײַנען הפֿקר־בראָדיאַגעס. געווירבל.
און מיר זײַנען זין פֿון צעטורעמטע קרוינשטעט,
וואָס שטייען פֿאַרטויבט פֿונעם גלאָקנקלאַנג: דרײַצן,

און מיר זײַנען פֿלאַקער פֿון וועלטישע זונטעג,
און מיר זײַנען סם פֿון צעזונהטע טאַנצנעכט.
און וועלט־באַרג־אַראָפּ — איז צעשוידערט און וווּנדיק,
מיר זינגען פֿון טויזנטער ווונדן געזאַנג איר:
אַ שוידער,
אַווירבל,

אַ גרויל פֿון עצמות,
מיט זון און לבֿנה און שטערן אין וועלטראַד.

*

יאָ, יאָ, עס איז אמת, מיר זײַנען בריונים [2],
מיר ווילן נישט טראָגן דעם כדור־העולם
אויף אונדזערע מאַט שוין געוואָרענע פּלייצעס.
אַראָפּ מיט די קליידער פֿון שבת און זונטיק!
איז וואָס, אַז עס זעען די ווײַבער אונדז נאַקעט?
סײַ ווי האָבן זיי אונדז געקושט אַלע גלידער.

יאָ, יאָ, עס איז אמת: מיר זײַנען צעווינדטע
בריונים, וואָס האָבן נישט וואָס צו פֿאַרלירן!
און דאָס, וואָס מיר האָבן — דאָס שטייט צום פֿאַרקויפֿן.
פֿון אונטערן רוקן — פֿאַר איין מאָל פֿאַרגעסן
די וועלט־באַרג־אַראָפּ, ווי אַ נדה אין בלוטן.
פֿאַר איין מאָל באַטויבן דאָס יתושל [3]: עלנט
אין אונדזער ירושה: זכרונות, געפֿילן,
געטלעכע זעונג אין שפּיגלען צעבראָכן,
השתפּכות־הנפֿש, געזעצן און ליבע —
מיט דעם זײַנען מיר מיט די ווינטן געגאַנגען
תשליך צו טײַכן... און דאָרט האָבן מיר אויך
געשריגן אין בלוט אַרײַן ס'גאַליקע סם־וואָרט
פֿון מענטש־באַרג־אַראָפּ:
להד״ם [4]!
ס'איז צעלאָפֿן
אַזוי ווי אַ סאַזשלקע גאַל אין די נערוון...

*

---

[2] כוח־גייערס, טעראָריסטן. — [3] מאָסקיט. — [4] (ראשי־תיבות) לא היו דברים מעולם, ד״ה, קיין איין וואָרט אמת איז אין דעם נישטאָ.

מיר רויכערן, ברודער, נאָך אַלץ פּאַפּיראָסן —
טויזנטער, טויזנטער, טויזנטער טויזנט
און שפּײַען מיט שיכּורע רויכעס די נערוון
און פֿילן שוין מער נישט דעם צוק אין די שלייפֿן.

אונדז רופֿן נישט קולות פֿון תּפֿילה צום מקדש.
אונדז רודערן נישט אויף פֿון דער רויכער־באַטויבונג
די גלאָקן פֿון ווײַסע פֿאַרנאַכטיקע קלויסטערס
און אָרגלענס השתּפּכות־הנפֿש בײַם אויפֿגלאַנץ
פֿון שטערן אין פֿענצטער...

מיר בוקן זיך נישט קיין בית־לחם, קיין מעקאַ,
געדענקען נישט משהן, מחמדן און ישון.
בײַ נאַכט ציִען אונדזערע ליפּן צו בריסטן
פֿון שיכּורע ווײַבער — שלא במתּכּון [5] — —

איין אויג איז אין קאָפּ, אָבער דאָ, אונטער שטערן,
עס קוקט דאָרט אַרײַן אין די ווײַטעסטע ווײַטן,
עס קוקט אין יאָרטויזנטס נישט־דאַיִקן לעבן — —

אָ, קאָפּ, פֿאַר וואָס זעסטו אין גלאַנץ הר־גריזים,
ווי ווײַנשטאָקן זײַנען מיט ברכה געוואַקסן
און ס'האָבן די לאַכיקע קוואַלן געשפּרודלט?

אָ, קאָפּ, פֿאַר וואָס הערסטו פֿון ווײַטנס, פֿון ווײַטנס
די ציטער־גיטאַרעס נאָקטורן דיר שפּילן
און יונגפֿרויען זינגען זיי נאָך מיט מתיקות — —
דו זעסט, ווי עס ווערן געפֿלאָכטן דאָרט קראַנצן,
פֿאַר וועלכן בן־מלך, וואָס פֿײַערט נצחון? — —

---

[5] נישט אויף אַ רפֿואה.

אַ, קאַפּ, ווענד דײַן אויג אַפּ און קוק צום הר־עיבל,
דאָרט ווײנען די שלאַנגען און עקדישן דײַנע,
וואָס נאָגן דאָס בלוט אויס פֿון אַלע באַגינענס
און פֿרוכפּערן זיך אין די נעכט פֿון דײַן גרוילן!

*

גייען די לעסטער־כאַליאַסטרעס אויף הפקר
אַרום אויפֿן גוסטן כדור־העולם,
אָן טלית־און־תּפֿילין, אָן קרייצן אויף ברוסטן.
פֿון הינטן איז שטורעם, און פֿאָרנט — איז שקיעה:
אַ בלוטיק צעפֿלאַמונג פֿאַר טויזנטער אויגן,
און סאַזשלקעס גאַל לויפֿן־נאָך אויף די וועגן,
אַזוי ווי משוגע־געוואָרענע שלאַנגען —

גייען זיי, גייען פֿון צלם צו צלם —
(צווי טויזנט יאָר הענגט אַ מענטש אויפֿן צלם...)
און אַלע אין איינעם: אַראָפּ פֿונעם צלם,
דו, מענטש, אין דער זעלבער געשטאַלט ווי מיר זײַנען!
אַראָפּ! קום מיט אונדז צו דער לעסטערונג־סעודה!
וואָס הענגסטו אָט דאָ? ס'זײַנען אַלע מאַמינים
מיט אונדז אין דער חבֿרה — צו דיר קאָן נאָר קומען
אַ הונט, אַ בעל־מום און אַ סיפֿיליס־קראַנקער —

און ס'ענטפֿערט דער מענטש אויפֿן צלם: איך קאָן נישט
אַ טריט אויף דער ערד טאָן... איך ווייס נישט, ס'איז שקיעה,
איך קען נישט דעם וועג, וועלכער פֿירט קיין בית־לחם...
כ'בין צווי טויזנט יאָר נישט געוועזן אין גליל...
און כ'האָב אַזוי לאַנג נישט געדאַווענט אין מקדש...

צעלאָזט זיך די לעסטער־כאַליאַסטרע און חוזקט:
הענג, הייליקער, הענג און האָב יחוד מיט ווראָנעס,
כּל־זמן ס'האָבן ווראָנעס דײַן גוף נישט צעפֿרעסן...

מיר לאָזן דיך. הענג דאָ! פֿאַרגלייז דײַנע אויגן
און בעט טל־ומטר בײַם טאַטן אין הימל —

גייען זיי, גייען — אין וועג קומט אַקעגן
אַ מחנה פֿון זונות, בראש — אַ מאַדאָנע:
אַ קרוין אויפֿן קאָפּ און ס'איז נאַקעט די ערווה,
וואָס איז פֿונעם רוח־הקודש באַפֿרוכפּערט...

אָ, ווו איז מײַן איינציקער ישו? ווו איז ער?
צי גייט ער נישט אויך מיט דער לעסטער־כּאַליאַסטרע?

נאָר ס'הילכן־איבער די וואַקסנדע קולות:
— הושענא דער נאַקעטער מרים פֿון מגדל,
צום טאַנץ פֿון עקסטאַז און צום טיש פֿון דער תּאווה!

און עלנט אַזוי זײַנען אַלע מקדשים.
עס ברענט פֿיאָלעטישער ווײ אין די שויבן.
די לעסטערערס ציִען די שטריק בײַ די אײַנגעגנג
פֿון קלויסטערשע טורעמס. עס קלינגען די גלאָקן:
ס'איז ערבֿ שוואַרץ־חגא!
ס'איז ערבֿ שוואַרץ־חגא!

און משה רבינו געפֿינט מען אין גאַס נישט...
(אין ידישער גאָט איז אויף סלופּעס געצלמט)
מען וואָלט אים געררופֿן פֿון סלופּ אַראָפּ: טאַנצן!
גייען זיי, גייען די לעסטער־כּאַליאַסטרעס
אין אַלע פֿאַרלאָזענע בתּי־מדרשים
און רײַסן־אַראָפּ דאָס פּרוכת פֿון אָרון,
און שלעפּן־אַרויס פֿונעם אָרון די תּורות,
און נעמען פֿון תּורות אַראָפּ די כּלי־קודש.
אין גאַס ווערן ספֿרים געשפּרייט אין די בלאָטעס.
עס ווייקן עשׂרת־הדיברות אין בלאָטעס

און איבער זיי גייען די לעסטערערס אַלע,
זיי טראָגן די כּתרס... די גלעקעלעך קלינגען:
ס'איז ערבֿ שוואַרץ־שבת!
ס'איז ערבֿ שוואַרץ־שבת!

*

בײַ זיי איז שוואַרץ־חגא, בײַ אונדז איז שוואַרץ־שבת.
האָ, שטרײַמלעך און ספּאָדקעס און קרוינען אויף קוימענס.
טליתים און טאָגעס אויף טעלעגראַף־סלופּעס —
מיר גייען די וועלט אַל די רוחות פֿאַרטיילן.

מיר גייען־אַריבער די דאָרניקע פּלאַכן,
אַריבער דעם גוססן כּדור־העולם,
וואָס מיר האָבן לאַנג אויף די אַקסלען געטראָגן.
און ווער וועט זיך וואָגן אונדז זאָגן: זיך זעצן
אין מיטן די וועגן און זען, ווי די נאַכט קומט
אין אַלע מרחקים — אַ פֿינצטערער עקדיש,
אַריבער די נאַקעטע אונדזערע פּלייצעס,
און ס'עפֿנט אַ תּהום זיך צופּוסנס — נאָר אײדער
עס עפֿנט דער תּהום זיך — זיצט שבֿעה דער וועלט אָפּ.

מיר ווייסן, מיר ווייסן! דער אָפּגרונט ליגט אָפֿן.
מיר ווייסן און גייען מיט וועלט אונטער פֿיס אונדז
אַהינצו, אַהינצו — — איז וואָס, אַז מיר גייען
און ס'ברענט בין־השמשות רוביניש אין ד'אויגן?!
מיט אונדז גייען ווײַבער־מאַדאָנעס צום אָפּגרונט.
מיט אונדז גייט דער גלגל פֿון אַלע מזלות.
מיט אונדז גייט די דורות־פֿאַרבלײַבונג צום אָפּגרונט.

*

אָ, גלייבערס פֿון משהן און קריסטוס, וואָס ווײנט איר
אין אײַערע נעכט אויף די פֿיבער־געלעגערס
אויף חילול־הקודש — געוויין פֿאַר די דורות?

צי זײַנען די הימלען נישט אַלע געלעסטערט
אַזוי ווי די גווילים [6] פֿון גאָטס ספֿר־תּורות?
צי זײַנען זיי דען נישט צעשטראָכן געוואָרן
פֿון אונדזערע בליקן אין וועלטס באַרג־אַראָפּ־גאַנג?
צי זײַנען זיי נישט ווי פּרוכתן אַלטע
צעריסן געוואָרן פֿון וועלטישן אויפֿשרײַ
אין גרויסער פֿאַרצווייפֿלונג פֿון לעסטערונג־קולות?
זיי זײַנען פֿאַרסמטע, פֿאַרגאַלטע געוואָרן
פֿון אונדזערע אָטעמס און בלינדע מעת־לעתן
אין גאַנג צו דער שקיעה, ווי פֿלאַקערער־ביימער,
דורך אַלע מ״ט שערי־טומאה־האַלב־בויגנס —
מיר זײַנען צעקלונגען פֿון טויזנטער גלאָקן.
מיר זײַנען צעשפּילטע פֿון אַלע כּלי־ניגונס.
מיר זײַנען צעאויגטע פֿון אייביקן זען,
מיר זײַנען צעאויערט פֿון אייביקן הערן,
און ס׳בליִען די רויזן פֿון שאַנד אויפֿן לײַב אונדז:
מיר זײַנען רשעים, וואָס גייען פֿאַרלוירן.
מיר זײַנען די גילגולס פֿון טיטוס הרשע,
וואָס שיקן אַ שפּײַ צו די הימלען: יעהאָוואַ!
און מיר זײַנען אַלע ווי אַחר — — עס וועלן
די רויכעס אַרויפֿגיין פֿון אונדזערע קבֿרים
און רייכערן וועלן זיך ערדישע וועגן
אַווּ אונדזער פֿוס האָט אַ טריט נאָר געגעבן...

*

קראַנק איז דאָס בלוט אין די גלידער פֿון איראָפּעס ווײַבער.
זיי טרײַבן שוין מער נישט קיין קינד אָפּ פֿון זייערע בײַכער.
זיי זײַנען עקרות, זיי ווערן נישט פּרוכפּער, נישט שוואַנגער,

---

[6] פּאַרמעטן.

און ס'איז די באַמאַנונג: איין־נאַכטיק צעגליִונג אין שיכּרות,
און ס'איז די באַוויַבונג: איין־נאַכטיק צעהוליעטע תּאווה.

און די וואָס געבערן אין איראָפּעס גיפּטנעכט אַן ערשטלינג —
זיי זעען די גליִיקע שאַנדרויז אין לײַב פּונעם ערשטלינג
און ס'פּיצעלע זייגט זייער גיפּטמילך מיט היהשער תּאווה
און קוועטשט מיט די יאַסלעס צוזאַמען דעם ברוסטיקן פּיטום,
אַזוי ווי אַ גרויסער בעל־תּאווה און נישט ווי אַ זויגקינד — —

ווײַל איך קיין חופּהדיק ווײַב נישט. איך פּיר מיר אַ זונה
אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט, און די נאַקעטע גאַסערד מײַן בעט איז.
דאָרט פּאָרן זיך הינט אין פּאַרבײַלויף. ס'איז אַ הינטעכע מפּיל.
און ס'קאָן דאָך נישט זײַן, אַז איך זאָל נישט געבערן אַ נפש —
געשטאַלטיק ווי איך: אַ האָמונקולוס. פּרוכט פּון צעראָיונג.

*

אָ, פליכעוואַטע קריסטוס־פּריסטערס, נישט־באַווײַבטע לײַט!
ביז צו מײַנע אויערן פּון מײַנע טויבע נעכט
קומט אַזאַ מין וויי־און־ווינד־געוויין פּון אײַך — — איך וואַך
וועלט צופּוסנס באַרג־אַראָפּ, כ'בין איוב אַן אַ דאַך
און אַן אַ חלום, אַן אַ פּונק, נאָר שימלגרין אין בלוט.
איך האַלט מיט ביידע אָרעמס שטאַר דעם גלאָבוס מײַנעם — בראַ! —
מײַן צאָרנדיקן קאָפּ, מיט שורות קריצנדיקע ציין,
און כ'רײַס בדמיון שטיקער פּלייש פּון אייגן לײַב פּאַר כּעס — —

... ס'האָט קיינער אײַך נישט אויפגעשניטן ד'אָדערן פּון הענט.
און קיינער האָט אַרײַנגעשטעקט די נעגל אײַך אין האַלדז.
ס'האָט קיינער אײַערס איינעם קיין גולגלתּא [1] נישט געבראַכט
און אויפגעהאָנגען נאַקעט אויף אַ בליִענדיקן בוים — —

---

[1] שאַרבן

אַז אַלע קלויסטערס זײַנען מײַנע — וואָס זשע איז אײַך ווײ ?
אַז ס׳הענגען דאָרטן מײַנע ברידער מיט פֿאַרגליוועטע בלוט
און מיט הוילע טרויערקעפּ — — טאָ וועמעס זשע די קלאָג ? !

מיר רײַסן גלאָריעס גאָלדיק־שײַנענדיקע פֿון די קעפּ
און לאָזן אונדזער ברודער־גאָט אַנטהייליקט אויפֿן סלופּ,
אַ נאַקעט לײַב, אַ וווּנדנדיקס, מיט קאַלט בן־אָדם־בלוט,
און זײַנע אַפּאָסטאָלן גייען קײַען שטרוי אין שטאַל — —

נישט אײַער קלאָג ! ס׳איז אונדזער ווײ, די יודאַ־קריסטוס־ווײ !
נישט אײַער פּײַן ! ס׳איז אונדזער וווּנד און אײַערס — אין היפּנאָז.
און איצט — זײַט וואַך און קוקט אײַך צו : עס ווערט גערעסטערט מײַנס :
דאָס יודאַ־קריסטי־הייליקטום און — איר זײַט קנעכט געווען !

די שויבן גלײַען רויט אין שטעט און דערפֿער — וועלטס פֿאַרנאַכט.
ס׳איז אָוונט פֿון שוואַרץ־שבת — — זעט : עס ברענט, עס פֿאַלן־אָפּ
די זײַלן פֿײַן מיט זײַלן גאָט, די זײַלן עקלטום,
און מיר — מיר קלינגען שוין אַפֿילו נישט אויף גלאָקן : ס׳ברענט !
ווײַל אַלע גלאָקן ליגן שוין אין שטויב ווי טעפּ פֿון בלײַ — —

און אונדזערע מאַדאָנעס גייען הפֿקר אין די שטעט
און טראָגן צו פֿאַרקויפֿן די נישט־מוטערלעכע ברוסט,
ווײַל ס׳פֿוילן די בן־פּורת־יוספֿלעך [2] אויף יעדן סלופּ.

1922 וואַרשע

## באַקענונג

אַ גרויסע ציטערדיקע טרער און רעגנבויגן־פֿאַרבן
אין דער טרער —

---

[2] (בראשית מט, כ״ב) די גערעכטסטע פּרוכטן (קינדער).

דאָס איז מײַן נעכטיק לעבן און מײַן הײַנט,
און דאָך — — — אַזוי ווי ס'איז דער וועלטבאַל — שווער.
און אויסגעוואַקסן איז די זילבערפּרוכט
באַקענונג.
אַ שטילע, אויף אַ זײַטנוועג אין מײַן נשמה־גאַנג;
געשפּײַזט האָט זי מײַן דורכגעקלאָרט געזאַנג,
געלײַטערט — מײַן התבודדותדיקע טרער:
אָט דאָס בין איך,
דער מענטש,
דער תּמיד אומרויִקער גײַסט — —
אַן אימס אָטעמט־אויף פֿון דער באַקענונג־זילבערפּרוכט,
זי בלענדט און בלענדט
אין מײַנע קרום־געלייגטע הענט;
און כ'בייג מײַן קאָפּ
אין טיפֿן דאַזײַנס טאָל אַראָפּ,
און זאָג אין דמיון מיט מײַן מויל:
איך בין דער מענטש פֿון טאָג און נאַכט — —
און כ'שווײַג און טראַכט:
אָט דאָס איז אַלץ;
אַזוי מוז זײַן;
דער גורל איז אַזוי — —
און כ'לאָז אין חוש־השדרה גיין דעם גרויל — —
און כ'זע, ווי ס'שטייט אין פֿעלד אַ סנה און ברענט
דורך טעג און נעכט...
אין רויטן ליכט
זוך איך און האַלט־אַרום מיט מײַנע הענט
די פּחדימדיקע זילבערפּרוכט: דערקענט...
און איבער מיר פֿליט־אום דער פֿויגל־שרעק,
און וואַרפֿט אויף מיר דעם שאָטן פֿון אַ האַק...

## איך ווייס...

### פון בוך „פאַרנאַכטנגאָלד"

איך ווייס: עס וועט קומען אַ העקער צו גיין און האַקן דאָס יונגע געצווײַג,
פאַרדאַרבן אין גאָרטן די הייליקע בייט, וואָס איך האָב געפלאַנצט מיט געזאַנג.
איך ווייס: עס וועט קומען אַ פרעמדער הייסווילד פרעסן די פרוכט פון דײַן שטאַם
און איך וועל זײַן גלײַך צו אַ קרענקלעכער בלום, וואָס ט'פעלט איר דער טויען־געטראַנק.

איך ווייס: וועסט באַווײַזן אַ שטילע זיך גיין אויף אַ זילבערנעם שטעג אין מײַן טרוים
און איבער דײַן לאָקיקן גאָלדענעם קאָפּ וועט גלאַנצן אַ פערל'נע ציר —
דאָך באַלד, ווי אַ פלאַטערדיק שטערנדל גלײַך, וועסטו ווערן פאַרריסן פון מיר
און וויינען וועל איך מיט געוויין אין דער נאַכט און רופן דעם נאָמען פון דיר.

איך ווייס, אַז אויף אייביק פאַרבלײַבסטו אַזוי דער סוד פון דעם ציט'ריקן קלאַנג,
וואָס רײַסט זיך אַרויס פונעם בלוטיקן האַרץ, ווען הייליק דער טרערנקוואַל זידט.
איך ווייס, אַז אויף אייביק פאַרבלײַבסטו אַזוי דער גלאַנץ אין פאַרכמאַרעטן סוף,
נאָך וועלכן מײַן פלאַקערדיק אויג און די זעל מיט גיריקן גלוסטן עס ציט.

איך ווייס, אַז פאַראײַנזאַמט מיט שאָטנס און קראַנק איך וועל אין אַ באַנגן פאַרנאַכט,

ווען ס׳רעגט זיך דער נאָגנדער ליבע־באַגער, שטיל פֿאַלן אַן אָבֿל צו דר׳ערד
און שעפּטשען פֿאַרחלשט אַ ווידוי פֿאַר מיר און בעטן די אָרעמס געשפּרייט,
דער לעבנס־מחבל זאָל קומען פֿון ווײַט און קרייצן מײַן גוף מיט זײַן שווערד — —

וואַרשע 1921

## פון בוך „מעפּיסטאָ"

געטער שטאַרבן, פֿעלקער גייען־אויס.
ס׳פֿאַלן־אָפּ אין תהום די העכסטע בערג
פּרוכפּערדיקע גערטנער ווערן סטעפּעס.
אָבער מעפּיסטאָפֿל לעבט און לאַכט פֿון אַלע דאָזײַנס!
און אין יעדן קלענסטן שטיק פֿון וועלט איז ער בגלגול
און אין וויסטע זקנים וועלדערס האַרצן הענגט ער אויף
דעם פּישופֿדיקן שטערן פֿון פֿאַרפֿירונג:
פֿרויען־ליבע.

גלאַנצט דער שטערן, ציט דאָס אויג צו זײַנע אומגליק־וועלטן.
איז אַ ים פֿאַראַן — — (ס׳קאָן שאַטן: עמעץ קאָן נאָך צוריקגיין!)
לייגט מעפּיסטאָ שפּינוועבס־בריקן איבער ים און אָפּגרונט:

גייען יונגע,
גייען אַלטע,
און די בריקן פֿאַלן — —

און דעם אוי פֿון פֿאַלנדיקע הערט נישט מער דער הימל,
ווײַל מעפּיסטאָס כאַכאַ־כאַכאַ קלינגט אין אַלע וועלטן!

(אַזוי האָב איך אָפּגעפּאַסט די תורה און איך לערן...)

און רוים, די גרויסע מלכות־שטאָט פֿון ליבשאַפֿט, שטייט אין פֿײַער
און אין סאַמע רויטקייט שטייט מעפֿיסטאָ טויזנט־אויגיק,
זינגט זײַן טויזנט־קולותדיקן הערצער־פֿאַנגער־ניגון,
און ס׳רײַסן זיך פֿון אַלע עקן וועלט מיליאָנען טויבן —
חלומדיקע, ניגון־אָנגעהייליקטע נשמות,
וואָס האָבן אַלע ווערטער און באַגריפֿן שוין פֿאַרגעסן
און האָבן בלויז אין זיך דאָס איינע ברומענדיקע וואָרט נאָך:
פֿרויען־ליבע — —
פֿליִען זיי אַרום דאָרט, ווי פֿאַרווירטע שמעטערלינגען,
קײַלעכדיק אַרום דעם פֿלאַם און סמאַליען־אָפּ די פֿליגלען —
פֿאַלן זיי,
מעפֿיסטאָ זינגט דער ליבשאַפֿטס שיר־השירים
און אין פֿלאַקער־פֿײַער שטייט אַ טויזנט־אויגיק גלישטיק.

*

רופֿן אים די נאָכגעלאָזטע וועלט־פֿאַרלוירן־גייערס:
ס׳גורל פֿונעם מענטשן... און זיי ברומען: מילא, מילא,
ס׳אַ באַשערטע זאַך אַזוי שוין: תמיד קאָפּ־אַראָפּ־נאָר!

און זיי גייען ווײַטער, ווײַטער,
תמיד קאָפּ־אַראָפּ־נאָר — —

אָבער מיר, די וואָגלדיקע וועלטנס־לידער־געבערס,
רופֿן יענעם פּיסל־אונטערשטעלער: מעפֿיסטאָפֿל!
און מיר זאָגן סתּם: אַהאַ... ווו צוויי — איז ער דער דריטער:
ווילן זיך צוזאַמענגיסן הערצער צוויי אין ליבשאַפֿט,
קומט ער אָן בגלגול אין אַ ווערעמל און זעצט זיך
סאַמע מיט אין הערצער־טיפֿקייט, טאָטשעט, נאָגט און צייכנט
פֿאַר אַ יעדן גליקגעדאַנק אַ קאַלטן פֿראַגע־צייכן —
און גובֿר איז מעפֿיסטאָ תמיד! צווייפֿלסט, צווייפֿלסט אייביק!
לאָזט די ווײַנשטעקס טרויבן פּלאַצן, ס׳רינט דער ווײַן אין גראָז אָפּ,
און דו גייסט זוכן וואַסער־קוואַלן אין סאַהאַראַס זאַמדן...

גלייבסט אַפּילו נישט דער ווײַסער פּלהס הייליק צאַפּלען.
שנײַדט זי אויף די אָדערן בײַ נאַכט און בלוט רינט, בלוט רינט —

דו ווו ביסט?
בײַ זונות ביסטו!
יונגער הפקר־גייער — —

ס'הייסט אַזוי מעפּיסטאָ דײַנע יונגע נעכט פֿאַרלירן.

*

בײַ מיר, למשל, האָט מעפּיסטאָ אויסגענאָגט דאָס תּמצית
פֿון אַ יעדן פֿרויען־כּישוף און פֿון גאָר דער ליבשאַפֿט,
ר'האָט צו מיר מיט קדוש־ציטערניש גערעדט: הבֿלים!
קער די שענסטע באַק איבער — זעסטו ס'פֿלייש דאָס רויע...
בלויע אויגן? — האַ, דער הימל איז דאָך בלויער, טיפֿער!
האָר ווי גאָלד און האָר ווי סאַמעט... וואָס איז גאָלד און סאַמעט?!
דו ביסט דיכטער, גרויס דײַן ים־זעל, וואָס איז פֿרוי? אַן אינדזל,
אין דעם גרויסן בלויען ים פֿון דײַן פֿאַרחלומט לעבן.
און געשמאַק איז דאָך פֿאַראַן אין ווינטל פֿון פֿאַרפֿרילינג!
און דער בלומענדופֿט איז שיכּורדיקער פֿון דער ליבע!
און דאָס שיר־השירים־ליד איז זיסער פֿון שולמית

ליבע,
פֿרויען —
הכּל הבֿל...
יחוד איז דער עיקר!

בין איך געוואָרן אַ מתבודד, אַזאַ שווײַגער,
זיץ איך צווישן ספֿרים־הויפֿנס, לערן שבֿע חכמות,
און באַוווּנדער מאָרגן־רויטקייט און פֿאַרנאַכטן־גינגאָלד,
זיץ איך האַלבע נעכט צעכראַסטעט, רייכער ציגאַרעטן
און מעפּיסטאָ זיצט אין מויל און ציט אין זיך דעם רויך אײַן.

וואַרשע 1922

י. י. זינגער

# אין דער פינצטער

— 1 —

— הירשל, די דאַמע מיטן הינטל זײַנען גוט אַרויסגעקומען?...
— כ׳ווייס נאָך נישט קיין רעזולטאַט...
— הירשל, די קינדער אַלע אַרויס?...
— ניין, איינס האָט זיך באַוועגט...
— הירשל, כאַפּסט אַ ציטער, הערשל?...
— קאָפּ אין וואַנט...

הירשל פֿאַרקייטלט גוט די טיר פֿון דער פֿינצטערער לאַבאָראַטאָריע. ער פֿאַרמאַכט פֿעסט די אינעווייניקסטע פֿאַרלאַטעטע לאָדנס. ער דערגיסט אַ ביסל כליופּענדיקן נאַטרום אין די פֿלאַכע פּאָרצעלײַענע וואַנעס און ציט אַרײַן האַרבן ריח און עסעדיקע זאַלצזויערן אין זײַן ביינערדיקער ברוסט.

אין לאַבאָראַטאָריע איז פֿײַכט, קאַלט. דאָרט שמעקט תּמיד מיט שימלדיקן פּאַס, מיט טריבע טריפֿנדיקע טראָפּנס און חלשותדיקן מײַזן־ריח. נאָך מער פֿון אַלץ איז פֿינצטער, אַזוי פֿינצטער, אַז די לופֿט פֿילט זיך דאָ פֿעט, ממשותדיק, און צוזאַמען מיט דער פֿײַכט־קייט מישט זיך אַ מאָדנע וואַרעמקייט אַרײַן, אַ וואַרעמקייט, וואָס דערמאָנט אין אַ פֿעטן מיסטקאַסטן פֿון אַ געדיכט באַוווינטן הויף אָדער אין נאַסע פֿאַרפֿוילטע פֿעדערן.

הירשל שטייט אָנגעבויגן איבער דער ריי פּאָרצעלײַענע וואַנעס און לייגט צו זײַנע קורצזיכטיקע אויגן צו די בלאַסע נעגאַטיוון, וואָס שווימען אין שפּיגלדיקן נאַטרום. קעגנאיבער אים שטייט אַ שווערע לאַמטערנע מיט אַ קליין רויט געלאַטעט שײַבעלע. דאָס שײַבעלע איז טריב, טונקל. גרויס ווי אַ קײַלעכיקער צענער און געשפּאָלטן אין דער העלפֿט, שטייט עס אין סאַמע מיט פֿון פֿינצטערן חלל און גלאָצט, ווי אַ פֿאַרווונדעט בלוטיק אויג, אויפֿן חושך אַרום זיך.

הירשל בייגט־צו זײַן דאַר מוסקלדיק פּנים צום טריבן שײַבל. ער דערטרינקט אַ פּאָר הייסע בליקן אין קאַלט שפּיגלדיקן זויערשטאָף און זעט זיך אין מאָדנער באַלויכטונג: אַ העלפֿט פּנים, פֿון די אויגן ביז דעם קין, זײַנען אין טריבברויטער שײַן און מיט שאַרפֿע קאָנטורן ווי בײַ אַן אינדיאַנער; די אַנדערע העלפֿט, פֿון שטערן אָן, איז האַלבשאָטנדיק, צערונען, און צעגיסט זיך מיט אַלגעמיינער פֿינצטערניש, גלײַך ער און שוואַרצקייט וואָלטן איין זאַך געווען. ער באַטראַכט גוט זײַן פּנים, הירשל. ער קוקט אין שפּיגלדיקן וואַסער מיט אַ קריטיש אויג, ווי אַ מאָלער אויף אַ קאָפּ פֿון אַ מאָדעל. אים געפֿעלט די בראָנדזענע פֿאַרב און געשניצטע שטריכן פֿון קאָפּ אין וואַסער. נאָר צוזאַמען מיט דעם ווײַזט זיך אים אַ שאָטן פֿון עפּעס נאָך אַ קאָפּ, אַ פֿרויענקאָפּ פֿון בלענדנדיקער העלפֿאַנטביינערישער הויט אין קופּערנע האָר געראַמט — און ער רוקט־אָפּ זײַן קאָפּ אין אַ זײַט, פֿאַרלירט אַ העלפֿט פֿון אים אין פֿינצטערניש, גלײַך ער וואָלט וועלן אָפּרייניקן אַ פּלאַץ פֿאַר יענעם, מאַכן אַ באַקוועם אָרט פֿאַר דעם מיט די קופּערנע האָר און העלפֿאַנטביינישער פֿאַרב.

הירשל אַרבעט הײַנט רויִק, לאַנגזאַם. ער לייגט־צו דעם בליק צו יעדער גרויער קלישע באַזונדער, ער באַטראַכט ערנסט, ווי די גלעזער נעמען אויף זיך אָן לײַכטע פֿאָרמען, ווי זיי צייכענען זיך אַרום מיט שאַרפֿע קאָנטורן, הילן זיך אײַן אין קליידער און דראַפּעריעס — און דאַן נעמט ער זיי אויפֿמערקזאַם אַרויס פֿון איין וואַנע, לייגט זיי איבער אין אַ צווייטער און וואַשט זיי לאַנג מיט די שפּיצן אָפּגעגעסענע לאַבאָראַטאָרישע פֿאַרפֿוילטע נעגל. ניט אַלע מאָל אַרבעט הירשל אַזוי רויִק און לאַנגזאַם. עס טרעפֿט טעג, ווען די זון צעוואַרעמט זיך אַזוי, אַז אַפֿילו דורך פֿאַרלאַטעטע לאָדנס פֿון לאַבאָראַטאָריע גנבֿענען זיך דין־גילדענע שפּיזן אַרײַן און ווילן הירשלען פּטרן די קלישעס. הירשל פֿאַרשטעלט דאַן זײַנע גלעזער, ווי אַ פֿויגל־מוטער אירע קינדער. נאָר פֿון אַלע זײַטן לאָזט מען אים אַלץ קיין מנוחה נישט. פֿון איין זײַט הויף פּײַניקן אים קלינגענדיקע קינדערישע קולעכלעך; דער גאַנצער הויף קוקט מיט אָפֿענע פֿענצ־

טער צו זון און לופט. פֿאַרבלאָנדזשעטע פֿייגל ציטערן אויף שפּיץ אָפּגעבראָכענע רינעס; און דאָ קוקן מיט אַ מאָל פֿאַרשפּאַרטע, גע־לאַטעטע לאָדן מיט חושכדיקן בליק. דראַפּען זיי זיך דעריבער גאַנצע שעהען הינטער פֿענצטער, קלאַפּן מיט ווייך־פּוכיקע הענטלעך אין די פֿאַרמאַכטע לאָדנס און הערן אים נישט אויף מאַכן אַ מורא:

— אַ בואואואו... פֿאָטאָגראַפֿטשיק...

— אַ בואו...

פֿון דער צווייטער זייט, פֿון אַטעליע, וואָס איז הינטער אַ דין אָפּגעצוימטער וואַנט, האַלט אין איין טומלען. מיידלערישע געלעכ־טערס, קלינגענדיקע, פֿאַרשײַטע און דינע, ווערן דורך געדיכט־מע־נערישע שטימען אָפּט איבערגעהאַקט, ווי אין אַ דינעם פֿויגל־סוויפּ־טשערײַ וואָלטן זיך לייבישע ברומען אַרײַנגעריסן, און צו דעם אַלעם גיט אַלע מאָל טרײַנין דער באַלעבאָס אַ קלאַפּ מיט זײַנע דאַרע ביי־ניקע פֿינקער אין דער פֿאַרמאַכטער טיר און פֿרעגט מיט פֿאַרדומ־פּענעם קול:

— הירשל, פֿון דער גרופּע קיינער זיך נישט באַוועגט, הירשל?...

— הירשל, חתן־כּלה גוט אַרויס, הירשל?...

הירשל גיט האַסטיק אַ רוק דאָס טירל פֿון רויטן לאַמטערן, פֿירט־דורך גיך הין־און־צריק אַ בלאָס גלאָז, פֿאַררוקט האַסטיק און גיט אַזאַ וואָרף די גלעזער אין וואַנע פֿליסיקייט, אַז קאַלטע שנײַדנ־דיקע טראָפּנס באַשפּריצן אים זײַן פֿינצטער פּנים און קילן אים זײַן אָפּגעקאָכט צערייצט בלוט. פֿאַר אים גייען־דורך בילדער כּלערליי און מישן זיך צוזאַמען, ווי אַ מבול וואָלט זיי פֿאַרפֿלייצט. פֿאַר זײַנע אויגן גייען־דורך חתן־כּלות מיט גרויע האָר און שוואַרצע בוקעטן צוזאַמען מיט אויסגעצוואָגענע צוגעגלעטע מתים אין תּכריכים, וואָס ליגן רויִק און אומבאַהאָלפֿן, גלײַך זיי וואָלטן זאָגן:

— צוואָגט, וואַשט, איר זעט דאָך, אַז מיר זײַנען בײַ אײַך אין די הענט...

פֿאַר אים מישן זיך שלאַנקע דאַמעס, וואָס טוליען מיט גרויס ערנסט האָריקע הינטלעך צו ווייכער ברוסט, צוזאַמען מיט פֿאַריאַ־

מערטע עגונה־פנימער, וואָס ווילן מיט פֿאַרצערט בילד וויכער מאַכן דאָס האַרץ פֿון אַ מאַן איבערן ווײַטן ים. פֿאַרשיידן גייען זיי דורך דורך זײַן האַנט, נאָר ער באַמערקט זיי מיט גלײַכן לאַבאָראַטאָרישן אינ־טערעס. ער שענקט יעדן גלײַך זײַן קורצזיכטיקן בליק, גיט אַ שווענק מיט די ברוינע לאַבאָראַטאָרישע פֿאַרפֿוילטע נעגל און טופּעט מיט די פֿיס:

— אַוועק, ממזרים, פֿון פֿענצטער!...

— הערט־אויף, טרײַניק, קלאַפּן אין טיר, איר וועט מיר אַלע קלישעס פּטרן!...

נאָר דאָס איז אַלץ אין די זומער־חדשים. הירשל איז דעמאָלט אַזוי פֿאַרטאָן גאַנצע טעג אין דער פֿינצטערער לאַבאָראַטאָריע, אַז אים דוכט זיך אויס, די לאַבאָראַטאָריע איז עפּעס אַ מין באַזונדערע מלוכה, אַז דאָס רויט געפֿלאַצט שײַבעלע איז אַ ליכטיקער פּלאַנעט אין דער שוואַרצער הערשאַפֿט, אַז די גרויע נעגאַטיוון זײַנען די באַשעפֿענישן, וואָס די פֿינצטערע מלוכה דאַרף שאַפֿן, און ער, הירשל, איז דער שעפֿער, אַ הערשער, איינער אַליין אין שוואַרצער ממשלה, און מוז אָפּהיטן זײַנע גרויע נעגאַטיווע ברואים פֿון אַ ליכטיקן שטראַל, וואָס גנבֿעט זיך ערגעץ פֿון אַ פֿרעמדער ווײַטער וועלט...

איצט אָבער איז ווינטער. שטאָטישע גאַסן זײַנען ס׳רובֿ מעת־לעת אין קרענקלעך געלבלעכן פֿײַערשײַן געהילט. קיין ליכטיקע שטראַלן דרינגען נישט צו פֿאַרמאַכטע לאָדנס און איבער גלעזערנעם דאַך פֿון אַטעליע ליגט שוין אַ צײַט אַ דיקער שניי אַזוי פֿויל און אײַנגעפֿונ־דעוועט, גלײַך ער וואָלט בײַ פּראָסטיקער הערשאַפֿט געשווווירן, אַז ער וועט שוין קיין מאָל דעם פּלאַכן דאַך נישט פֿאַרלאָזן. און הירשל בייגט זיך רוזק איבער די וואַנעס זויערשטאָף, באַטראַכט מיט אָפֿן אויג, וויפֿל נאַטרום ס׳איז נאָך אין שוואַרצער פֿלאַש געבליבן און הערט זיך אײַן אין שטילקייט און פֿינצטערניש, גלײַך ער וואָלט דעם גאַנצן אינהאַלט פֿון רו און חושך באַנומען.

אין פֿאָטאָגראַפֿיע איז שטיל. דאָס וויך־געבעטע מעבל אין זאַל שטייט זיך אַנגעבלאָזן און אָויסגעפּוצט, גרייט אויפֿצונעמען אין ווי־

געדיקער ווייכקייט יעדן, וואָס מ׳וועט נאָר מכבד זײַן זיצן דערויף. די אויסשטעלונג־בילדער אויף ווענט קוקן פֿאַרגליווערט פֿון הינטער קאַלט־פֿאַרהויכטער שויב אַפֿויר, נאָר קיינער רירט זיך צו זיי ניט צו, קיינער באַמערקט זיי ניט. טריבע, נידעריקע הימלען פֿאַרטשעפּען זיך הינט איבער שטאָטישע דעכער. און זעלטן ווער ס׳עפֿנט די צו־געפֿרוירענע טיר פֿון פֿאָטאָגראַפֿיע. זעלטן ווער ס׳באַרירט דאָס אָנ־געבלאָזענע רעספּעקטאַרנדיקע מעבל. אין דער פֿרי טומלט זיך נאָך עפּעס. הירשל הערט שוין עטלעכע פֿרימאָרגנס כסדר, ווי טרײַנין שלעפּט־אַרום זײַנע טיפֿע קאַלאָשן איבערן קנאַקעדיקן פּאַרקעט, ער ברעכט כסדר די ביינערדיקע פֿינגער און ברומט טרוקן מיט פֿאַרדומפּענעם קול:

— נו, נו, אַ פּערסאָנאַל אָנגעזועצט...

— מער מענטשן ווי קליענטן...

דאָס קריכט ער, טרײַנין, שוין עטלעכע פֿרימאָרגנס כסדר צום פֿאַרשנייטן דאַך, ער זאָלצט אים אויס אין גאַנצן, ווי אַ פֿעל, און שרײַט־אַראָפּ צום פּאָרטרעטיסט אין אַטעליע:

— מאַקס, ער שמעלצט?...

— מאַקס...

מאַקס דער פּאָרטרעטיסט ברומט עפּעס צוריק מיט זײַן באַס־שטימע. ער ווייסט, אַז דער אַלטער וועט סײַ ווי סײַ ניט דערהערן דורכן פֿאַרלייגטן דאַך — ענטפֿערט ער אים אָפּ עטלעכע ניט־דער־זאָגטע מיאוסע ווערטער. ער קלאַפּט צו הירשלען אין דער טיר מיט ביינערדיקע פֿינגער אויף טרײַנינס אופֿן און שרײַט מיט אַ טרוקע־נער שטים:

— הירשל, די דאַמע מיטן הינטל גוט אַרויס, הירשל?...

— הירשל, כאַפּסט אַ ציטער, הירשל?...

און דערנאָך גייען־אַוועק שעהען שטילע, אַזוי שטיל, אַז שטיל־קייט אַליין הייבט־אָן שעפּטשען מיט מאָדנע אומבאַשטימטע קלאַנגען. יעדער הילך פֿון אַ געפֿרוירענער טיר ציטערט אַ צײַט אין פֿינצטער־ניש. דער ווײַטסטער אָפּגעהאַקטער קול אין פֿראָסטיקן אַוויר גייט

ניט לאיבוד. און אַקעגנאיבער הירשלען, אויף סאַמע שפּיץ לאָמטערן, באַווײַזט זיך אַ טונקעלע מויז, זעצט זיך זיכער אַוועק אויף הינטער־שטע לאַפּקעס און גלאָצט מיט שמאָלאויגיקער גײַציקייט אויף יעדער הירשלס באַוועגונג. הירשל שטייט רויִק, ערנסט. ער כאַפּט־אויף יעדן שאָרך, שפּיגלט זיך אין גלאַנציק פֿרירנדיקן נאַטרום און הערט זיך אויפֿמערקזאַם צו צום שטילן ווייך־סאַמעטענעם געמורמל, וואָס שלענגלט זיך הינטער דער וואַנט, און וואָס שלענגלט זיך, דאָ העכער, דאָ שטילער, ווי פֿון דער ווײַטנס אין טיפֿער נאַכטשטילקייט וואָלטן אײנזאַמע טראָפּנס אין עפּעס אַ הפקר־פֿאַס געפֿאַלן און פֿון איין טריף צום צווייטן אַ צײַט מיט שטילע וואַסער־בלעזלעך געבלעזלט. הירשל שטייט אָנגעשטרענגט, אומבאַוועגלעך, ווי מ׳דערוואַרט אין פֿאַרגליווערטער שטילקייט אויף אומדערוואַרטעטס, וואָס דאַרף מיט אַ מאָל געשען. ער ווייסט פֿון וואַנען דער דאָזיקער ווייכער געמורמל פֿליסטערט. הינטער דער פֿינצטערער לאַבאָראַטאָריע, פֿון יענער זײַט וואַנט, ציט זיך אַ לאַנגע, ליכטיקע אַטעליע מיט אַ סך פֿענצטער פֿון אויבן ביז אַראָפּ און מיט אַ גלעזערנעם שניי־באַדעקטן דאַך, וואָס וואַרפֿט אויף אַלץ אַ מאָדנע רויִקע באַלײַכטונג, אַ באַלײַכטונג פֿון עפּעס אַ שטילן מוזיי אָדער אַ ליכטיקן טעמפּל. דאָרט, הינטער הע־לער באַלײַכטונג, שטייט אַ קאַמין מיט פֿאַרחלומדיקע בלוי־בלעבל־דיקע פֿלעמעלעך. דערנעבן שטייען צוויי רעטושאָרן־שטענדערס. איי־נער אַ הויכער, מיט אַ שוואַרצן טוך איבערגעדעקט איבער נעגאַ־טיוון; דער אַנדערער אַ נידעריקער, מיט אַ קליין בענקעלע דערנעבן. בײַם הויכן שטענדער זיצט אַ שלאַנקע מיידלשע פֿיגור, פֿאַרהילט דאָס פּנים אין טוך. בלויז נאָר אַ הינטערשטער קאָפּ קופּערנע האָר גלאַנצן בײַ העלער באַלײַכטונג און אַ פּאָר געטאָקטע דינע פֿיס אין ברוין דורכזיכטיקע זאָקן שפּאַרן זיך אָן בײַם ברעג פֿון קליינעם בענקעלע. דערנעבן זיצט מאַקס דער פּאָרטרעטיסט בײַ אַ גרויסן פּאָרטרעט. ער זיצט נאָענט, צופֿוסנס דעם שלאַנק־מיידלערישן קער־פּער, און יעדער מאָל, וואָס זײַן געקרײַזלטער אַראָפּהענגענדיקער לאָק באַרירט דעם דורכזיכטיק מיידלשן פֿוס, גיט זיך דער שוואָרצער טוך

אַ דעק־אַפּ, אַ ווײַס געזיכט, ווי מאַטער העלפֿאַנטביין, גיט אַ בלענד אויף אַ ווײַלע און אַ יונג קולכל קלינגט זילבערדיק איבערן עכאָ־דיקן זאַל:

— ניטע, מאַקס, ניטע...

ער קומט זעלטן אַרײַן אין אַטעליע, הירשל. בסך־הכּל נאָר אַ מאָל, בעת אים ווערט שוין צו־קאַלט אין די הענט און די פֿינגער ווייטיקן אים אַזוי, ווי זיי וואָלטן ניט געהערט צום איבעריקן קער־פּער, נאָר צוגעטשעפּעט, ווי אינקוויזיטאָרישע צווענגעלעך אויף פּײַ־ניקן. און תּמיד, ווען ער קומט־אַרײַן, נעמט זי אַפּויר דעם קאָפּ פֿון שוואַרצן טוך, זי רוקט מיט אַ צניעהדיקער באַוועגונג אַראָפּ דאָס קלייד ביז די דינע שפּיצן שיך און טוליעט זיך אין זיך, ווי זי וואָלט אים וועלן מאַכן אַן אָרט נעבן קאַמין. ער זיצט ניט לאַנג בײַם קאַמין. מאַקס דער פּאָרטרעטיסט האַלט אין איין אָפּדעקן די שוואַרצע וואָנ־צעס פֿון די ווײַסע, שטאַרקע ציין און ווערטלט זיך מיט זײַן געדיכטן באַס:

— ס׳קאַלט, האַ, הירשל?...

— כאַפּסט אַ ציטער, האַ, הירשל?...

הירשל לײַדט אים ניט, מאַקסן. דאָס איז אַן אויסגעדינטער יונג מיט בלוי געפּאַסטע קאַוואַלערישע הויזן, וואָס וויגט זיך עלאַסטיש אויף פֿליישיקע געטאָקטע פֿיס. ער קאָן נאָך ביז איצט קיין פֿאַר־טרעט נישט אויסרעטושירן ווי געהעריק און דער באַלעבאָס שיקט אים אָפּט אַ גאַנג.

— אַנו, מאַקסל — מאַכט עס טרײַבין כּלומרשט אין שפּאַס — כאַפּ דיך נאָר אַרויס נאָך אַ גלעזל טיי אין צוקערניע.

— אַנו, מאַקסל, טראָג נאָר אָפּ אַ טוץ צום אײַנבינדער...

דערצו האָט ער נאָך אַ טבֿע, מאַקס, צו ריידן מיט הירשלען אין אַ באַהאַלטענעם טאָן, גלײַך ווי זיי ביידע וואָלטן זיך שוין פֿאַרשטאַ־נען, און ענדיקט אַלע מאָל מיט אַ זעלנעריש האַסטיקן „האַ״.

— האַ, הירשל, האַ...

— נישט אַזוי, הירשל, האַ!...

און הירשל גיט דערפֿאַר נאָר עטלעכע מאָל אַ רײַב אַ האַנט אין האַנט. ער פֿאַרקײַטלט גוט די טיר הינטער זיך און לייגט־צו אַ קורצזיכטיק אויג צום בלאַסן גלאָז. אין לאַבאָראַטאָריע ווערט נאָך שטילער, אַזוי אַז די מײַז דערהערן שוין נישט מער הירשלס אָטעם און גריזשען אים פֿאַרעקשנט די בענדלעך פֿון די שיך ווי בײַ אַ טויטן. נאָר הירשל רירט זיך ניט פֿון אָרט און הערט זיך צו צום ווייך־סאַמעטענעם געמורמל פֿון יענער זײַט וואַנט. ער שטייט מיט אָנגעשפּאַרטע עלנבויגנס בײַם מעטאַלענעם טיש, קוקט מיט אָפֿענע אויגן אין חושך און פֿאַר אים ציט זיך אַ לאַנגער אַטעליע מיט רויִקער בלאַסער באַלײַכטונג פֿון אַ שטילן מוזיי. איבער דער פֿאָדלאָגע זײַנען ווייכע טעפּיכער צעוואָרפֿן, נידעריקע שטעלן אויף רעדלעך וואַלגערן זיך אַרום ניט אויפֿן אָרט, אויסגעשניטענע דעקאָראַציִע־ביימער און שיפֿלעך וואַלגערן זיך צופֿוסנס הויכע פֿאָנען און דראַפּעריעס. און הינטער זיי, ווי הינטער סודותדיקע טעאַטער־קוליסן, גלאַנצט אַ קופּערנער קאָפּ פֿרויענהאָר בײַ העלער באַלײַכטונג. אַ ווײַס פּנים, ווי מאַטער העלפֿאַנטבייִן, גיט אַ בלענד אויף אַ ווײַלע פֿון שוואַרצן טוך אַרויס און אַ שטימע קלינגט זילבערדיק:

— ניטע, מאַקס, ניטע...

און אַ ווידער־קול, ווי אין פּוסטע, נישט אויפֿגערוימטע חדרים, שלאָגט זיך אָפּ אין אַלע וואַלגערנדיקע חפֿצים און ברומט אַ צײַט:

— ניטע, מאַקס, ניטע...

— 2 —

יעדן פֿרימאָרגן, ווי נאָר דער ראָטהויז־זייגער ציילט־אויס זיבן געציילטע קלאַנגען, פֿאַרלאָזט שוין הירשל זײַן בחוריש בעטל און שטעקט־אַרויס אַ צעשויבערטן פֿאַרשלאָפֿענעם קאָפּ אין גרינלעך־אויסגעוואַשענער מאָרגנלופֿט. די גאַסן זײַנען פֿײַכט, אָנגעזאַפּט, אַז אָט־אָט, דוכט זיך, זאָל נאָר אַ דינער בײַטש אַ פֿאָך טאָן אין דער לופֿט, וועט זיך אַ דינער שניט ווײַזן און אַ ווײַנלעכע זאַפֿטיקייט וועט אָנהייבן טריפֿן. און דער שטאָטזייגער קלינגט זיך רויִק און לאַנגזאַם,

לאָזט דעם גאַנצן עכאָ יעדן באַזונדערן קלונג זיך אויסזינגען, גלייך ווי דער פאַרדינסט פון וועקן די שטאָט קומט ניט זיי, די שוין לאַנג שטיל געוואָרענע פאַבריק־קוימענס, נאָר אים, דעם רויִקן זייגער, און ער צעטראָגט זיך פון צען שטאָקיקער הייך ווייט איבער דעכער און טורעמס.

הירשל גייט צו דער אַרבעט. ער קריכט באַרג־אַרויף דורך קרומע, צעדרייטע גאַסן צום שטאָטישן קוואַרטאַל. אויף ברייטע נאָר וואָס באַשפּריצטע גאַסן איז נאָך אַלץ רויִק, פאַרדרימלט. דורך קילע לויטערע שויבן קוקן ראָזע שטאָרן מיט פאַרהילטן תאווהדיקן סוד, ווי זיי וואָלטן ווינקען צו איינזאַמע דורכגייערס:

— כדאַי צו לעבן אויף דער וועלט, כדאַי...

מאַסיווע טויערן שטייען שווער געשלאָסן און פאַרהיטן זייערע אייַנוווינערס פון מינדסטן געשריי פון אַ גאַסן־הענדלער, פון לייַכטסטן פאַרב־ריח פון פרישער פרימאָרגן־צייַטונג. נאָר הירשלס אויג אינטערעסירט זיך לעצטנס ניט מיט דעם. ער לאָזט אַלץ רויִק פאַרבייַ און ציט זיך ערגעץ צו אַ שאַרפן ראָג אַלטן מויער, וואָס שנייַדט זיך צווישן פאַררויכערטע רויטע קוימענס און שוואַרץ־שיפּועדיקע דאַכאויגן. דאָרט, אין אייַנקוועטשעניש פון פוילע בוידעם־שטיבלעך, הייבט זיך אַ גלעזערנער פאַרשטויבטער אַטעליע־דאַך און קוקט אַרום זיך אויף אַלט אָפּגעקראָכענעם בלעך און פאַרלאַטעטע דאַכלקעס, און יעדער מאָל פאַרבייַגיין פאַרהאַלט דאָרט הירשל לאַנג זייַן בליק, ווי צו אַן אָרט ווו מ׳וואָלט אַ פאַרגאַנגענהייט געלאָזט אָדער אַ צוקונפט דערוואַרט.

שוין אַ צייַט, ווי הירשל לאָזט רויִק פאַרבייַ די אויסגעלאָשענע שפּעט־דרימלדיקע גאַסן און שענקט זיי זייַן בליק נישט. פריִער פלעגט ער מיט קורצזיכטיקער נייַגעריקייט אין יעדער שווייַגנדיקן פאַרהילטן פענצטער אַרייַנדרינגען, אין יעדן שמאָל געעפנטן טויער אַ בליק פאַרפאַלן לאָזן, און דערנאָך, זיצנדיק פאַרשטעקט אין פינצטערניש, פלעגן פאַר אים גרויע נעגאַטיוון אין מענטשלעכער גרייס אויסוואַקסן, שוואַרצע פּאָנעם און דראַפּעריעס האָבן זיך אין רייַד־

העלע פֿאַרבן באַמאָלט און רונדע און שלאַנקע פּרויען־קערפּערס האָבן אין פֿרירנדיקן נאַטרום מיט וואַרעמען לײַב געהויכט.

לעצטנס האָט הירשל אויך דאָרט אַ חלק, אין שאַרפֿן ראָג גאָס, צווישן פֿאַרהילטע פֿענצטער און מאַסיווע טויערן. אין אײַנקוועטשע־ניש פֿון גלאָזדאַך און שאַרף־שנײַדנדיקע מויער־ווינקלען, וואָס באָדן זיך אין גאַנצן אין זון, נעסט זיך אויך דאָרט זײַנס אַ סוד, אַ באַהאַל־טענער גליקלעכער סוד. הירשל זעט אים מיט דאָפּלטער דורכזיכ־טיקייט, ווי איינער וואָס וואָלט זײַן אוצר זען לײַכטן פֿאַר דער זון, און אַ גאַנצע וועלט אויגן גייען ווי בלינדע פֿאַרבײַ. און דער ליכטי־קער אָפּקלאַנג באַגלייט אים דערנאָך ביז פֿינצטערער לאַבאָראַטאָריע און שטייט אים פֿאַר די אויגן. אַ ליכטיקן טאָג, זעט ער, אין גאַנצן אין היילנדיקע שטראַלן געוועבט. און דאָרט דורכן אַטעליע־דאַך, וואָס אין שאַרפֿן ראָג מויער, שנײַדט זיי אַ ברייטער, קרומער זונען־פּאַס אין אַ גרויסן העלן אַטעליע און לייגט זיך לענגויס דעם זאַל, ווי אַ ליכטיק געשטיקטער טעפּיך. אין זאַל איז שטיל, רויק, גלײַך די זון וואָלט דעם גאַנצן אַרומיקן טומל אײַנגעמידט. דער אַטעליע בלענדט מיט שטילקייט פֿון אַ ליכטיקן טעמפּל אָדער מוזיי. אין זונענפּאַס שטייט אַ שטענדער מיט אַ שוואַרץ־איבערגעדעקטן טוך. פֿון טוך גלאַנצט אַ קופּערנער פּרויענקאָפּ אַפּויר און אַ רונדער האַלב־אַנטבלויזטער אַקסל בלײַבט מיט העלפֿאַנטביינערישן קאָליר. ער, הירשל, זיצט נידעריק, צופֿוסנס מיידלערישער שויס. ער פֿילט צערט־לעכע וואַרעמקייט, ווי אַ קינד נעבן אַ יונגער מוטער, און ער האָט מורא אַ האַסטיקן סקריפּ צו טאָן מיט בלײַשטיפֿט איבער פּאַפּיר, ער זאָל די העלע שטילקייט ניט צעשטערן. נאָר די זון שטאַרקט זיך אַלץ מער און מער. זי קריכט־דורך אונטער שוואַרצן גלאָז, אונטער דיקן טוך. הירשל הייבט זיך אויף, גייט פּאַמעלעך צו צו דעם שטענדער און פֿרעגט הינטערוויילעכטס:

— מ'דאַרף אפֿשר דעם דאַך פֿאַרצי׳ען?... ניין...

גיבן דאַן ביידע רונדע אַקסלען אַ לײַכטן ציטער. אַ בלענדנדיק

געזיכט ווײַזט זיך פֿון הינטערן שוואַרצן טוך אויף אַ ווײַלע און קלינגט:
— ניטע, הירשל, ניטע...

*

אין לאַבאָראַטאָריע זײַנען, ווי תּמיד, די לאָדנס נאָך אַלץ פֿאַר־מאַכט, די טיר פֿאַרקייטלט, אַלץ ווי מ׳האָט פֿאַר נאַכט איבערגעלאָזט, גלײַך ווי אויף גרויסער וועלט וואָלט ניט אַוועק אַ נאַכט, אַ נאַכט וואָס וועט זיך שוין מער קיין מאָל ניט צוריק אומקערן און אַ טאָג אַ נײַער, נאָך קיין מאָל נישט געוועזענער, איז אויף איר אָרט אָנגעקו־מען. הירשל ציט־אַרויס די אָנגעזאַפּטע פּראָפּנס פֿון שוואַרצע אומ־זעבאַרע פֿלעשער און דערגיסט זויערשטאָף אין די פֿאַרצעלײַענע וואַנעס. ער טוט אַלץ, ווי יעדן טאָג, נאָר אַ געפֿיל איז בײַ אים אַ ווײַטס, אַ פֿרעמדס, ווי אַ מענטש וואָס פֿאַלט אַרײַן אין אַן אָרט, וואָס איז ניט פֿאַר אים, ווי אַ דערוואַקסענער מענטש טוט עפּעס אַ קינ־דערישע נאַרישע אַרבעט. און לאַנגזאַם זײַנען דעריבער זײַנע באַווע־גונגען, פּויל און אָפּגעלאָזן, ווי בײַ אַן אַרבעט, וואָס מ׳גלייבט שוין סײַ ווי סײַ ניט אין איר.

פֿון יענער זײַט לאַבאָראַטאָריע טומלט זיך אַ ביסל. דאָס וואַשט די דינסט דעם האַרט־קנאַקעדיקן פּאַרקעט און קלאַפּט־אויס דאָס אָנ־געבלאָזענע מעבל. הירשל הערט יעדער שאָרך, יעדער הילך. ער הערט דאָס שוין אַזוי טאָג־אײַן, טאָג־אויס, צו דער זעלביקער שעה, צו דער זעלביקער מינוט, אַז ער זעט אין פֿינצטערניש יעדע באַווע־גונג אירע, ער פֿילט אַפֿילו יעדן בייג, וואָס זי גיט זיך ביז דער העלפֿט און דעקט־אָפּ אַ פּאָר האַלב־נאַקעדיקע מוסקולדיקע פֿיס, ווי בײַ אַ מאַנסביל.

איבערן פֿריש געוואַשענעם פּאַרקעט שלעפּט טרײַנין אַרום די טיפֿע קאַלאָשן און ברומט אין אויסגעוואַשענעם חלל:

— מאַקס, פֿאַרמאַך שוין דעם ווענטילאַטאָר!...

— מאַניע, אַ שטיקל שפּינוועבס הענגט בײַם אויוון!...

באַלד פּאָרען זיך זײַנע בייניקע פֿינגער אין טיר:

— הירשל, אַלע אויפֿנאַמעס געמאַכט, הירשל?...

— הירשל, די קלײנע װאַנע רינט נישט אַ מאָל, הירשל?...

הירשל הערט זיך צו צום פֿאַרדומפּענעם ברומען פֿון הינטער דער טיר און ענטפֿערט קײן װאָרט ניט. עפּעס אַן אינערלעכע באַהאַל־טענע עקשנות באַהערשט אים. אַן עקשנות פֿון אַ קינד, װאָס נאַרט־אָפּ טאַטע־מאַמע, זיך מאַכנדיק שלאָפֿן, און האַלט זיך קוים אײַן פֿון לאַכן, װאָס מ׳װײסט זײַן סוד ניט. אים שטיקט אַן אָפּשפּאָטנדיק געלעכטער — מאַכט ער אין פֿינצטערניש נאָך טרײַנינס צעבראָכענע פֿיגור, רוקט־אַרױס אַ פּאָר שפּיציקע קני פֿאָרױס, שאַרט מיט די פֿיס אויף אײן אָרט און קרימט־נאָך מיט פֿאַרדומפּענעם קול:

— הירשל, אַלע אויפֿנאַמעס געמאַכט, הירשל?...

— הירשל, כאַפּסט אַ ציטער, הירשל?...

ער לײַדט אים ניט, טרײַנינען, דעם אַלטן ליטװישן בחור, װאָס דרײט זיך גאַנצע טעג אַרום פּוסט־און פּאַס און האַלט נאָר אַלץ אין אײן ברומען די זעלביקע פּאָר װערטער:

— אַז אָך־און־װײ מיט פֿרעמדע הענט...

— אַז אָך־און־װײ אַ פּערסאָנאַל אָנגעזעצט...

ער לײַדט אים ניט. און ער שמײכלט מיט צופֿרידנקײט צו אַ העלן פֿרימאָרגן, װאָס װעט צו אים און טרײַנינען אַ שײַכות האָבן: אַ העלער, הײסער פֿרימאָרגן — זעט הירשל װעט עס זײַן. אַ הײסער זומער־מאָרגן, װען זון שיט אַזױ פֿיל ליכטיקן שטױב, װי זי װאָלט װעלן מענטש און בהמה טאָן אויף צו־להכעיס. די פֿאַבריק־קומענס װעלן שױן רופֿן אין הײסער לופֿט אויף מיטאָג און דאָ װעט נאָך אַלץ די לאַבאָראַטאָריע שטײן אַ פּוסטע און אַן אָפּגעלאָזענע און קײנער װעט ניט זײַן, װער ס׳זאָל די שפּאַרעס פֿון די לאָדנס פֿאַרשטופּן. די מיטאָגזון װעט נאָך הײסער זיך צעברי̇ען. דורכן לאָדן װעלן זיך שטראַלן אין פֿינצטערניש אַרײַנרײַסן. די תּמיד פֿאַרקײטלטע טיר װעט שטײן אָפּגעלאָזן און האַלב־געעפֿנט, װי נאָך אַ גנבֿה, און די שװאַרצע פֿלעשער און װאַנעס װעלן קוקן מיט פֿאַרשעמטע לאַנגע שאָטנס, גלײַך די זון װאָלט מיט אַ מאָל זײער שטענדיקן סוד אַנטפּלעקט. נאָר קײנער װעט זיך צו זײ ניט צורירן, װי צו געפֿערלעכע איזאָלירטע

באַשעפֿעניש. בלויז נאָר פֿון יענער זײַט, הינטער דער וואַנט, וועט טרײַבן זיצן מיט די אויגן צו האַלב־געעפֿנטער טיר. ער וועט באַטראַכטן דעם פּוסטן רעטושאָרן־שטענדער נעבן קאַמין און זיך אײַנהערן צו מאַקס׳ געציילטע ווערטער, וואָס וועלן זיך שטיקן אין הייסער לופֿט:

— מער ניט קומען, הירשל...

— און זי — וועט ער ווײַזן מיט אַ פֿינגער אויפֿן פּוסטן שטענדער — און זי מיטגענומען.

הירשל שטייט אין פֿינצטערניש און הערט זיך צו צום געמורמל פֿון יענער זײַט וואַנט, גלײַך דער עכאָ פֿון מאַקס׳ ווערטער וואָלטן שוין אין אויפֿגערוימטער אַטעליע געציטערט. ער איז צופֿרידן מיט זײַן אײַנזאַמקייט אין פֿאַרשלאָסענער אַטעליע, ווי ער וואָלט זיך פֿילן זיכערער מיט זײַן סוד, ער באַטראַכט רויִק און אויפֿמערקזאַם די גרויסע אויספּיקנדיקע גלעזער, וואָס גייען־פֿאַרבײַ זײַן אויג און ער געדענקט אין זײַן גליק: אין אַ פֿאַרנאַכט איז עס געווען. ער האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים און געטראָפֿן זי בײַ דער טיר. זי האָט דערהערט זײַנע טריט הינטער זיך און פֿאַרהאַלטן די טיר אַ ווײַלע, ביז ער וועט אויך אַרויס. ער איז איר דאַנקבאַר געווען. זי האָט דאָך געקאָנט מאַכן זיך ניט הערנדיק אויך און הינטער זיך די טיר פֿאַרקלאַפּן. ער האָט געזאָגט עפּעס, געזוכט בײַ זיך אין געדאַנק, וואָס ווײַטער צו ריידן. נאָר אַרויסקומענדיק פֿאַרן טויער, האָט זיי אַזאַ נאָגנדיקער פֿאַרנאַכט באַגעגנט, אַז ביידע האָבן זיי געמוזט שווײַגן. דאָס איז געווען אַ קילער, זומערדיקער פֿאַרנאַכט, ווען גאָטישע קלויסטערס הייבן זיך אויף אַלץ העכער און העכער און שטעכן מיט שאַרפֿע שפּיצן אין פֿאַרנעפּלטע הימלען. אַ פֿאַרנאַכט, בעת מויערן ווערן שמעלער און אויסגעצויגענער, ווי זיי וואָלטן זיך אין שטילער נײַגעריקייט אויף שפּיצפֿינגער אַוועקגעשטעלט און אַן אײַנזאַם עלנט פֿענצטער גלאָצט קאַלט פֿון אַ בלינדער וואַנט אַרויס, ווי אַן אָפֿן אויג פֿון אַ בר־מינן. דאָס איז געווען אַ פֿאַרנאַכט בעת גאַסן וואַקסן פּלוצלינג אויס משונה גרויס און מענטש און פֿערד האַלטן אין איין זינקען.

אַ פֿאַרנאַכט בעת גאַנצער שטאָטטומל ווערט ווי פֿון זיך דערשלונגען און ס'ווייעט מיט טויבקייט פֿון אַלע ווינקעלעך אַרויס, בעת מענטשן גייען ניט, נאָר לויפֿן־אונטער, ווי אַ שטומע געפּאַר וואָלט זיי גע־טריבן, און איבער קוימענס און דעכער ווײַזט זיך אַ רונדע לבֿנה אויף אַ געלן פּאַס הימל, אַ לבֿנה אַ גאַנצע און אַ קרענקלעך־רויטע, וואָס גלאָנצט קאַלט און דורכדרינגלעך און האַלט יעדן אויפֿן אויג.

זיי זײַנען געגאַנגען אײַלנדיק אין אַנגעשטרענגטער בין־השמ־שותדיקער לופֿט. זי האָט זיך לײַכט געטוליעט צו אים, ווי אַ קינד וואָס האָט מורא. זי האָט אייניקע מאָל פֿאַרריסן דעם קאָפּ צום געלן פּאַס הימל און, ווײַזנדיק מיט אַ דינעם פֿינגער אין דער הויך, שטיל געמורמלט:

— מאָדנע, אײַך דוכט זיך ניט, אַז באַלד דאַרף אויסברעכן אַ שׂריפֿה...

ער האָט פֿאַרריסן דעם קאָפּ און צווישן רויט־געפּאַרבטע דעכער און געלאַטעטע דאַכלקעס האָט זיך אַ גלעזערנער דאַך אין קאַלטן פֿײַער געהויבן, אין גאַנצן אין רויטע הימל־פּאַסן געשלייערט. ער האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, פֿילנדיק אַ לײַכט־ציטערנדיק מיידל־קערפּער נעבן אָרעם. ער האָט באַטראַכט איר בלאָסן פּראָפֿיל אין קופּערנעם ראַם, וואָס האָט איצט אַ ריינעם פֿײַער־קאָליר געהאַט, און בײַ אים איז אַ סודותדיק פֿאַרטיק געפֿיל געוועזן: זיצן דאָרט אין צווייען אין דער הויך, בלויז אין צווייען, אונטערן קאַלט־פֿלאַמענדיקן דאַך, אין רויטלעכע הימל־פּאַסן געהילט.

— 3 —

הירשל זיצט אַלץ מער און מער אין לאַבאָראַטאָריע, און אָפֿט מאָל, אַהיימגייענדיק, טרעפֿט ער די גאַסן פּונקט אַזעלכע שטילע און שלאָפֿנדיקע, ווי ער לאָזט זיי איבער אין דער פֿרי, גייענדיק צו דער אַרבעט. ער גייט זאַלבענאַנד מיטן אייגענעם וואַקלענדיקן שאָטן און פֿילט זײַן שמאָל אָרט אויפֿן ברייטן, פּוסטן טראָטואַר. דער ראָטהויז־זייגער ציילט ווידער זײַנע קלאַנגען רויִק און ערנסט, און לאָזט נאָך זיך

דעם גאַנצן עכאָ אויסזינגען, ווי ער וואָלט אַלץ די זעלביקע בשׂורה דערציילט:

— אַ טאָג איז פאַרביי!...

— אַ טאָג איז פאַרביי...

און הירשל ציילט יעדער באַזונדערן קלונג, שעפּט־אויס יעדער זינקענדיקן עכאָ און פילט זיך, ווי אַ מענטש וואָס מ׳וואָלט ביי אים צוגערויבט אַ זאַך, אַ זאַך וואָס ער וועט שוין קיין מאָל מער ניט אָפּקויפן, קיין מאָל מער ניט צוריקבאַקומען.

אין לאַבאָראַטאָריע ווערט ביי נאַכט נאָך שטילער, ווי תּמיד. אַלע גייען אַוועק. בלויז טרייַנין פאָרעט זיך אַ צייַט מיט ביינעריקע פינגער הינטער פאַרמאַכטע לאָדנס. ער פּרוווט דאָרט ביי די אייַזנד־לעך פון די לאָדנס, צי זיי זייַנען גוט פאַרשטעקט, און שרייַט מיט פאַרדומפּענעם קול:

— הירשל, פאַרגעסט נישט פאַרשליסן צוויי מאָל, הירשל...

— הירשל, פאַרשליסט דעם גאַזאָמעטער, הירשל...

און דערנאָך גייען־אַוועק שעהען לאַנגע און מורמלדיק שטילע. בלויז נאָר פון ערגעץ אַ ווינקל הערן זיך גאַמעס פון אַ ניט־געניטער און סבֿלנותדיקער מיידלערישער האַנט אָדער עפּעס אַ קוויטשיק גע־שריי, וואָס רייַסט זיך פון אַ פאַרדומפּענעם קעלער אין וואַרעמער נאַכטלופט אַרייַן:

— מאַניע, וויפל דער שיעור זיך שושקען אין די ווינקעלעך...

— מאַניע, כ׳פאַרקייטל די טיר...

הירשל פאַרהאַלט אַ ווייַלע דאָס גיסן דעם כליפּענדיקן זויער־שטאָף. ער וואַרט־אויס ביז דער לעצטער עכאָ גוסעט אָפּ און גיסט ווייַטער פון שוואַרצער פלאַש. ער שפּיגלט זייַן רויט־שאָטנדיק פּנים אין שוואַרצער פליסיקייט, ער באַטראַכט זייַן האַלב־צערונענע גע־שטאַלט און געדענקט אין לעצטן אָוונט, אַן ענלעכן אויף איצט.

פאַר נאַכט איז עס געווען. ער האָט דאָס דערקענט אין די די־נינקע שפּאַרעס פון די אייבערשטע לאָדנס. ער איז אויך אַזוי גע־

שטאַנען און געאַרבעט און געדענקט אין זײַן קלאָרן און קילן צימערל, וואָס ער האָלט בײַ אַן עלטערער אַלמנה אין עק שטאָט. דאָס צימערל זײַנס איז אַ ריינס, אַ שטילס, ווי ס׳רובֿ צימערלעך בײַ פֿרויען אַלמנות, וואָס באַשליסן שוין קיין מאָל מער ניט חתונה האָבן. די ווענט זײַנען דאָרט באַהאָנגען מיט אייגענע קויל־צייכענונגען, סימנים פֿון אַמאָל, בעת ער, הירשל, איז נאָך גאָר אַ ייִנגל געווען, בעת ער האָט נאָך געחלומט צו זײַן אַ מאָלער און דערנאָך, ווי ס׳רובֿ אַזעלכע, מיט פֿאָטאָגראַפֿיע אויסגעלאָזט. און אַ בעט שטייט דאָרט אַ בחורישס, און אַ ריינס, שטייט קלאָר און גרייט אויפֿצונעמען אין קילער וויכ־קייט, און שימערט מיט ווײַסע כוואַליענדיקע פֿעלדעלעך:

— אויף רו בין איך באַשאַפֿן...

— אויף ליבע בין איך באַשאַפֿן...

ער איז געשטאַנען און געאַרבעט. נאָר אָט האָבן פֿאַרזיכטיקע, לײַכטע פֿינגער געקלאַפּט אין טיר און אַ באַקאַנט מיידלערישע שטימע האָט באַשיידן געפֿרעגט:

— מ׳קאָן, הירשל?...

ער האָט אויפֿגעעפֿנט. שוין עטלעכע מאָל פֿלעגן די זעלביקע פֿינגער קלאַפּן הינטער דער טיר. און תּמיד פֿלעגט דערנאָך שמעקן מיט קילן אומבאַשטימטן ריח פֿון יונג־מיידלערישע האָר.

ער וואָרט שוין אָפּט מאָל אויפֿן באַקאַנטן קלאַפּ אין טיר, ווי נאָך אַ זאַך צו וועלכער מ׳איז צוגעוווינט. ער פֿילט דעם גאַנצן שטח, וואָס זי פֿאַרכאַפּט אין פֿינצטערן חלל און הערט זיך אײַן צו אירע רייד:

— מאָדנע — זאָגט זי אים — אײַך דאַכט זיך ניט, הירשל, אַז אײַך דאַרף מען שטענדיק זען אין דער פֿינצטער, שטענדיק אין דער פֿינצטער...

זי קוקט זיך צו ערנסט צו יעדער באַוועגונג זײַנער. זי קוקט מיט עפּעס אַ שטילער מורא און דרך־ארץ אויף יעדער לאַבאָראַ־טאָרישער באַוועגונג און בייגט זיך אַזוי נאָענט צו אים, אַז ער פֿילט אירע ברעגן האָר, ווי דינע גאָלדפֿעדעם אויף דער באַק. איר גע־

פֿעלט די טריברויִטע באַלויכטונג פֿון זײַן פּנים און זי זאָגט אים שטיל:

— אַך, ווי אינטערעסאַנט איר זײַט דאָ, אַן אמתער אינדיאַנער...

אים אימפּאָנירט איר הכנעה צו זײַן סודותדיקער לאַבאָראַטאָריי־שער אַרבעט. ער פֿילט זיך, ווי ער וואָלט זי אין זײַנער אַן אייגענער ממשלה אַרײַנגעפֿירט, און וויל בײַ איר דערגיין:

— איר האָט ניט קיין מורא דאָ, זאָגט?...

נאָר דערויף ענטפֿערט זי אים גאָר נישט. זי וויקלט נאָר אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, דערלאַנגט אים צוויי קאַלטע גלעזער אין האַנט און בעט מיט אַ האַלב־סודותדיקן און גליקלעכן קול:

— איר וועט דאָך מיר אַרויסרופֿן די צוויי קלישעס, ניט אמת, הירשל?...

ער קייטלט־אויף די טיר. ער פֿילט אין פֿינצטערניש די בלענדנ־דיקע ווײַסקייט פֿון איר האַנט אין זײַנער און כאַפּט די שטילע ווער־טער אירע:

— איר וועט דאָך טרײַנינען ניט דערציילן, אמת, הירשל?...

*

ער שטייט שפּעטער אַליין מיט אַ גרוי גלאָז נעבן רויט־געלאַ־טעטן שײַבעלע. ער באַטראַכט אויפֿמערקזאַם, ווי באַקאַנטע קאָנטורן צייכענען זיך אויס, ווי לײַכטע פֿאָרמען נעמען זיך אָן, און ער זעט מיט פֿאַרגליווערטער קאַלטקייט, ווי צוויי קעפּ, צוויי באַקאַנטע קעפּ, בייגן זיך איינס צום צווייטן, ווי צוויי צונויפֿגעוואַקסענע, צײַטיקע באַרן... ער באַטראַכט לאַנג די גלעזער בײַם פֿײַער. ער פֿלעגט זיי אָפֿט זען, די ביידע קעפּ צוזאַמען, דאָרט, אין ליכטיקן אַטעליע, אין שטילער העלער באַלויכטונג. נאָר אָט בייגן זיי זיך אַזוי נאָענט איי־נער צום צווייטן. ער פֿאַררוקט ניט דאָס טירל פֿון לאַמטערן. דער רויטער שײַן קוקט פֿײַערדיק אויף גרוי־פֿאַרבאַטענעם גלאָז. עס ווישט־אָפּ יעדע פֿאָרעם, יעדע שפּור און מישט עס אויס מיט אַלגע־מיינער שוואַרצקייט — נאָר הירשל האַלט אַלץ און קוקט, צו מאָרגנס

זעט ער זי דאָס לעצטע מאָל בײַ זיך. זי דריקט אים אויס איר באַ־
דויערן. פֿאַר אַ גאַנצע וואָגע געפּטרטע קלישעס ווערט אים טרײַנין
אַראָפּרעכענען. און זי באַדויערט אַלץ אירע צוויי גלעזער.

— ווער ווייסט, צי מיר וועלן נאָך אַזעלכע אויפֿנאַמעס האָבן...

— ווען איר ווייסט, הירשל, ווי ליב איך האָב זיי געהאַט...

*

ס'איז שוין גאָר שפּעט. דער שטאָטזייגער ציילט יעדע שעה
אויס מיט אַ קלונג מער. ער קלינגט זיך אַלץ אַזוי רויִק און ערנסט,
גלײַך עמעצער וואָלט אים טאָקע איצט, אין מיט נאַכט, געהערט.
הירשל ציילט ניט מער די קלאַנגען און קוקט פֿאַרטראַכט אויף די
עטלעכע נעגאַטיוון, וואָס ווייקן זיך שוין אַ צײַט אין קאַלטן וואַסער
און מ'האָט זיי שוין לאַנג געמעגט אַרויסנעמען טריקענען.

אַ צימערל, אַ קליין מיידלעריש צימערל, זעט ער. באַהאָנגען
מיט פֿאַרוועלקטע בלומען און רעפּראָדוקציעס. אויף אַ ווײַסן קישן
ליגט אַ בלענדנדיקער מיידלערישער קאָפּ אין קופּערנע האָר גע־
ראַמט. דאָס פּנים איז ערנסט, פֿאַרטראַכט. די האָר זײַנען הויך אַרויפֿ־
געשאַרט און דעקן־אָפּ אַ העכערן גלאַטיקן שטערן. הירשל זעט זײַן
גאַנצע בלענדיקייט. ער זעט דעם לײַכטן שאָטן, וואָס שלײַכט זיך אַ
ווײַלע איבער זײַן ווײַסקייט, ווי ער וואָלט וועגן אַן אינערלעכן צווייפֿל
דערציילן:

— ווער ווייסט, צי מיר וועלן נאָך אַזעלכע אויפֿנאַמעס האָבן?...

— ווען איר ווייסט, הירשל, ווי ליב איך האָב זיי געהאַט...

די נאַכט ציט זיך נאָך אַלץ. די לופֿט איז הייס, שטיקנדיק, און
אין נאַכטשטילקייט הייבט־אָן עפּעס שאַרכען. הירשל הערט זיך
אײַן. קאָן זײַן, אַז אַ קינד איז קראַנק געוואָרן אין מיט נאַכט און אַ
מאַמע לויפֿט וועקן אין אַפּטייק. און אפֿשר גאָר האָט אַ באַהאַלטענער
געליבטער ערגעץ בײַ אַ פֿרוי דאָ פֿאַרבראַכט און אײַלט איצט אַהיים,
נאָך אײדער דער מאַן וועט פֿון נאַכטיקער אַרבעט צוריקקומען...

ניין. דאָס זײַנען באַקאַנטע טריט, טרײַנינס שלעפּנדיקע טריט.
די נעכט זײַנען הייסע, שטיקנדיקע. טרײַנינען איז שווער צו כאַפּן

אָטעם בײַ זיך אין ווינקל הויז. און ער קריכט־אַרום אײנער אַליין איבער פֿינצטערן הויף און טאַפּט אין אײן וועגס בײַ די אײַזנדלעך פֿון די לאָדנס, צי זײ זײַנען גוט פֿאַרשטעקט.

הירשל הערט זיך צו צום קלאַפּן פֿון זײַנע לויזע שטעקשיך איבער די שטײנער און ער פֿילט באַלד זײַנע ביינעריקע פֿינגער אין לאָדן, צוזאַמען מיט זײַן פֿאַרדומפּענעם קול:

— הירשל, ס'איז שוין באַלד טאָג, הירשל...

— הירשל, גייט אַהיים, הירשל...

הירשל קוקט גלײַך אויף דער איבערגעשראָקענער טונקעלער מויז. זי שפּיצט־אויס די אויערלעך צום לאָדן און גלאָצט אויף אים מיט שמאַלאויגיקער נײַגעריקייט, ווי זי וואָלט אים פֿרעגן:

— כּדאַי אַראָפּשפּרינגען פֿון שפּיץ לאַמטערן צי ניט?...

אַ ווײַלע מאַכט ער זיך ניט וויסן, הירשל. ער פֿילט עפּעס אַ באַזונדערע הנאה פֿון טרײַנינס טאַפּן הינטער פֿאַרמאַכטע לאָדנס און ער שווײַגט. נאָר אַז טרײַנין הייבט־אָן ווערן אומרויִק פֿאַר אַ גנבֿה און צעשרײַט זיך מיט זײַן גאַנצן אָנצייניקן מויל אין נאַכטיקער שטילקייט:

— הירשל, דו ביסט עס, הירשל?... הירשל, ביסט נאָך ניט אַהיימגעגאַנגען, הירשל?...

גיט הירשל אַ מאָדנע קרומען שמייכל און ענטפֿערט פֿון פֿאַר־שטיקטן חלל אַרויס:

— כ'וועל שוין גלײַכער דאָ בלײַבן, טרײַנין... דאָ בלײַבן...

די טונקעלע מויז שטייט אײַנגעשרומפּן אויפֿן שפּיץ לאַמטערן. זי שטייט גרייט אויף יעדער סכּנה און הערט זיך אײַן צוזאַמען מיט הירשלען צום נאַכטיקן ווידער־קול, וואָס ציטערט אַ צײַט אין לופֿט:

— דאָ בלײַבן, טרײַנין...

— דאָ בלײַבן...

קיעוו 1919

פרץ מאַרקיש

## א י ך

ווייס איך נישט, צי כ׳בין אין דר׳היים,
צי אין דער פֿרעמד — —
איך לויף!...
צעשפּיליעט איז מײַן העמד,
נישטאָ ז׳אויף מיר קיין צוים,
כ׳בין קיינעמס נישט, כ׳בין הפֿקר,
אָן אָן אָנהייב, אָן אַ סוף...

מײַן גוף איז שיין
און ס׳שמעקט פֿון אים מיט ווינט;
מײַן נאָמען איז: „אַצינד״...
צעוואַרף איך מײַנע הענט,
דערלאַנגען זיי די וועלט פֿון איין עק ביזן צווייטן,
די אויגן כ׳לאָז געווענדט,
פֿאַרטרינקען זיי די וועלט פֿון אונטן ביז אַרויף!

מיט אויגן אָפֿענע, מיט אַ צעשפּיליעט העמד,
מיט הענט צעשפּרייטע — —
ווייס איך נישט, צי כ׳האָב אַ היים,
צי כ׳האָב אַ פֿרעמד,
צי כ׳בין אָן אָנהייב, צי אַ סוף...

קיעוו „רינגען״, וואַרשע 1921

## פון דער פּאָעמע „ווײַלאַנד״

אַזוי איז געגאַנגען אַ וואָגן מיט מיסט צו די שקרופּלענע פֿעלדער
און ס׳האָט אויף די וועגן דאָס מיסט מיט אַ קינד זיך געשאָטן,

און מ׳האָט עס צעטראָטן...
אַזוי איז געלעגן אין היץ אַ פֿאַרוועלקטע דאָס ווײַלאַנד פֿון טאָלן,
פֿאַרחלשט נאָך מיסט און נאָך אָפּוואַרפֿעכץ וואַרעמס,
און טאָג האָט די פֿעלדער אויף זוניקע גאָפּלען
געברענט און געבראָטן.
און ערד האָט די ציינער, די שוואַרצע, געשטשירעט
צום שעפּסענעם הימל
און דרײַ מאָל געריטשעט:
— לשם יחוד קודשא!
נאָ דיר מײַן לײַב,
און נאָ דיר מײַן ערווה,
ווו דען, ווו זאָל איך מיט דער בושה זיך קער׳ווען?...
פֿאַר פּאָקן פֿון הימלען מײַן פּלייצע אַ זאַק האָט,
דער שײַטער פֿון מולד רײַסט־אָן ווי אַ מכּה,
מ׳וועט באַלד דאָרטן פּרעגלען, מ׳וועט באַלד דאָרטן באַקן.
היי, מענטשיכעס דולע פֿון מערק
און יאַרידן!
און ווו איז דאָס קינד פֿונעם מיסטיקן וואָגן?
ווער האָט עס געקויפֿט און ווער האָט עס געקוילעט?
אַהער קומט, אַהער קומט,
איך וועל אײַך אין האַלבנאַכט נישט מאָנען קיין חלק!...
אַזוי איז געגאַנגען אַ וואָגן מיט מיסט צו די שקרופֿלענע פֿעלדער
און ס׳האָט אויף די וועגן דאָס וואַרעמע מיסט מיט אַ קינד זיך געשאָטן,
און מ׳האָט עס צעטראָטן...

*

היי, פֿרויען פֿון טיפֿוס געפֿלעקט און געפּינטלט,
מיט גראַבליעס פֿון פֿינגער אויף האַרבסטיקע ווייקעפּ!
— געמערט זיך? געפֿרוכפּערט? צו וויפֿל מאָל יעדערע?
אין שאַנדהויז? אויף פּילן?
אין שטאַל? אויף וואָקזאַלן?

אין ריוו, ווי די הינטעכעס ?
צו וויפל מאָל יעדערע ?
אַט גייט באַלד אַ צוג ווי אַ טרומנע אין דר׳ערד אַרײַן,
אַרויף אויפן דאַך ! הייבט די פּיס ווי די קוימענס !
פאַרהאַלעט די העמדער צו הימלען, צו שוימיקע,
און אַטעמט מיט האַלבנאַכט, מיט הייסער,
פון ראַגן.
און לאָז פון אײַך יעדע געבוירן אַ יויזל
צום פרעסן אויף חגא
און נישט פאַר די סלופּעס, און נישט צוליב קרייצן !...
היי, זונהס פון אונטערגעוואָרפענע קינדער —
באַזונדער !
אַרײַנלייגט די אײַטערס אין אייגענע מײַלער
און מעלקט זיי, און וואַרגט זיך,
און גריזעט זיי אָפּ פון די מאָגערע לײַבוועגט !...
... ממזרים געשוואָלענע
דרײַ עשאַלאָנען —
מען ווייסט נישט פון וואַנען,
פאַרבלאָטיקט,
פאַרנעגלט —
— היי, מענטשיכעס-מאַמעס ! איר זאָלט זיי נישט בראָטן,
איר זאָלט זיי נישט פּרעגלען ! ..

*

נישט קיין מלאך מיט קריגעלע טרייסטונג,
ווי ג׳מדבר אויף דאַרשט פון ישמעאלן ;
— אַ ביל פון פאַרנאַכטיקן קלויסטער,
אַ פור — מיט אַ פּגר פון טולע...

נישט קיין קוואַל פון וואַסערן וואַרט דיך
מיט ברכה פאַר בלאָנדזשלינגען מידע ;

און געוויינט האָט ווי הגר די שוואַרצע
אַ מאַמע — עלנט — אין מדבר...

אָ, נישט אַנטוויינטע נאָך ווילאַנד!
ווער וועט כאָוועו אַ יתום?...
אויף סלופּעס הענגט אַ נבֿלה —
דײַן טאַטע: ישו בן יוסף!...

*

פֿון די טשערעדעס געווייגען
אויף די הערנער טראָגן בהמות;
אָ, בײַ אונדז, אין גרויסן ווילאַנד,
וואַקסט דער אומעט אויף דיביימער...
כ׳וועל קיין האַק אויף זיי ניט שלײַפֿן,
זיך קיין פּלויט פֿון זיי נישט צאַמען;
פֿונעם הימלס העלער לײַוונט
נייט אַ העמדל מיר מײַן מאַמע...
אויף די איינזאַמע וואַקזאַלן
וואַרט אויף צוג מײַן בלינדער גורל;
אומעט אומעטום אַזאַ ליגט
אויף דײַן בוזעם, גרויסע גרויללאַנד!
וואָס זשע איז, אַז אויף די רעלסן
האָט שוין אויסגעשטרעקט דער האַלדז זיך;
זונטיק וועט אַ קאַרוזעל זײַן,
וועט דער אומעט אויכעט טאַנצן!...

*

און געברענט אַ באַפּעל האָט אויף ריפּן, אויף כמאַריקע,
און בײַ בלוט האָט געשווירן מיט רויטער התלהבֿות:
„— ברענג דאָס פֿלייש פֿונעם יויזל, ברענג די אויגן פֿון מאַריאַן,
גיי, צעברעך אַלע צלמער, קנעכט פּראַוואָסלאַוויער...

גיי־אַרויס אויפֿן מאַרק צו כינעזערס און טאָטערס,
און דײַן גאָט, דײַן געקרייצטן, פֿאַרקויף און פֿאַרהאַנדל ;
— דרײַסיק קאָרענע ברויט פֿאַר די הייליקע מוטער !
דרײַסיק קאָרעצן ווייץ פֿאַר די נײַע עוואַנגל !...

דרײַסיק קאָרענע ברויט פֿאַר די הייליקע מוטער,
דרײַסיק קאָרעצן ווייץ פֿאַר די נײַע עוואַנגל,
— הונדערט אַנדערע מאַמעס מיט טרערן זיך בלוטיקן,
הונדערט אַנדערע עוואַנגלס געשוואָלן זיך שוואַנגערן״ !

## צום אָרעמען מאָלצייט

ווי איז אײַך, אַקסל, וואָס טראָגן צעשפּאָלטן דעם גלאָבוס פֿון קאָפּ
אויף די מערבֿ־ און מזרחשע האַלבע,
מיט מאַרכענע ימען, מיט אָדערן־וועלדער פֿאַר דערנערשע קראַנצן ;
ווי איז אײַך, שאַרבנס פֿאַרנייטע, אָ, ביינערנע מוח־קאַטאַפֿאַלקעס
פֿון שוימיקן בלוטטוי, פֿון זודיקן וואַנזין
אויף שטענדיקע חופּות און טענץ פֿון לוויות...

אָ, וויפֿל איך זע אונטער פּלויטן אײַך וואַך זײַן אויף מיסטיקע קופּעס
אויף אָפּוואַרפֿעכץ וואַרעמס
מיט מיר און מיט קעץ מיט געקרעציקטע אָרעם־געאָרעמט...

ווער שטיל אַ פֿאַרבלאָנדזשעטן הינטביל פֿאַרגראַמט זיך
מיט בערג און מיט ימען,
ווער ס׳פֿאַסט־אָן דעם מיסט זיך אַליין פֿאַר אַ לײַבלעכן גראַם אײַן,
ווער ס׳ענדיקט דעם טאָג, ווי אַ בריוול אַהיים צו פֿאַרוואָרפֿענע
ווײַט טאַטע־מאַמע,
ווער ס׳פֿליקט זיך די דראָטענע האָר ערגעץ אויס בײַ די
טויב־טעלעגראַפֿישע סלופּעס,

נ׳ווער ס׳שלאָגט זיך מיט קאָפּ אין אַ פּלויט, ווי אויף דר׳ערד
אַ געקוילעטער האָן נאָך דער שחיטה...
נאָר ס׳דאַרשט ניט די מעשענע געמבעס פון הימלען צום בלוטיקן
ווייַן פון שגעון...

ווייַ איז אײַך, וויי, משוגעים־הויז־בויערס, מיט בתי־מקדשים,
מיט שטעט און מעטשעטן,
אין ערד־קוילן־האַלבע פון אײַערע אויגן,
אַ, יאָרצײַטן צאַנקענדע נ׳אָרונס פון לײַבער,
ווייַ איז אײַך, גייערשע וועג־קאַטאַפּאַלקעס, מיט תורה מיט חכמה
פון זיבעציק שפּראַכן —
אַט לויפט דאָרט אַ מענטש מיט אַ טאָג אינעם בליק, ווי אַ הונט
מיט אַ ביין אין די יאַטקישע ציינער,
אַט זיצט ער מיט אים אין אַ ריוו שוין פאַרבאָרגן און לעקט אים,
און בײַסט אים, און גריזעט אים גיריק,
אַט וואַרגט ער מיט אים זיך און לאָזט אים מיט שוידער
פאַר אַנדערע איבער
און ס׳פאַדען שוין נײַע, שוין נײַע ערומים
אַרום אים...

אַט יאָגן זיך שטעט נאָך אַ נאַכט מיט צעפּלאַקערטע אויגן,
ווי בראַנדיקע וועלף נאָך אַ צויג אַ פגירה
און ס׳וויגט זיך און ס׳ברעכט זיך די ערד פון שגעון און תאווה,
נאָר אומעטיק דרינדזשעט
דער גאַס־קאַטערינשטשיק
אויף קעסטל צעבראָכנס: „ראַזלוקאַ, ראַזלוקאַ״
און הויף־פאַפוגײַען פאַר יעדערן גלײַכגילטיק ציִען געהיימע
„קאָנווערטעלעך גליקן״.
און קוקן
און בוקן,

ווי ס׳קניִען און ס׳קרײַזן זיך ווי־ניט־געשלאָפֿענע נעכט
פֿאַר די צאַנקענדע אויגן,
ווי שוואַרצע פֿאַרדעקטע מאַנאַשקעס פֿאַר הייליקער שײַן
פֿון לאַמפּאַדעס...

אָ, ווי איז אײַך, אַקסל, וואָס טראָגן צעשפּאָלטן דעם גלאָבוס
פֿון קאָפּ אויף די מערבֿ־ און מזרחשע האַלבע,
מיט מאַרכענע ימען, מיט אָדערן־וועלדער פֿאַר דערנערשע קראַנצן,
און ווי איז אײַך, שאַרבנס פֿאַרנייטע, אָ, ביינערנע מוח־קאַטאַפֿאַלקעס
מיט שוימיקן בלוטטוי, מיט זודיקן וואַנזין
אויף שטענדיקע חופּות און טענץ פֿון לוויות!

*

איצט פֿאַר מיר, איצט פֿאַר מיר פֿילן הימלען זיך אָן
מיט געוויינען פֿון שקיעה,
ווי זילבערנע בעקנס מיט שוימען פֿון בלוטרויטן סם־ווײַן.
שיכּור טרינק איך דיך, טויט, און איך פֿיל מיט דיר אָן
מײַנע דולע צעשראָקענע קניִען,
עפּעס טריפֿט פֿון דיר זאַפֿטן געמישטע פֿון פּײַן און
פֿון שׂמחה צוזאַמען!...

אָ, איך נעם זיי, די שיכּורע שקיעה־געטראַנקען פֿון הענט דײַנע,
טײַוול,
אָ, איך אײַל זיך מיט ליפּן צו זילבערנע זוימען, איך זאָל ניט
פֿאַרזאַמען;
פֿאַר וואָס טרינק איך דיך, טויט, מיט אַ הפֿקר אַזאַ, מיט אַזוי פֿיל
שגעון און תּאווה?
פֿאַר וואָס שמעקט פֿון דיר, שקיעה, מיט אומעט און חדווה צוזאַמען?

גיס מיר נאָך אין די אויגן, גיס מיר נאָך אויפֿן קאָפּ,
גיס מיר נאָך אין די הויפֿנס!
כ׳וויל אַ נאַכטהעמד פֿון שקיעה אויף לײַב מײַנס
צעשראָקענעם אָנטאָן:

לאָז מײַן לײַב צו דײַן לײַב זיך באַרירן אין טרויעריק־זיגלאָזן לויפֿן
ב׳ווי אַ סאַפּעגדער הירש מיט די הערנער אין דיר זיך פֿאַרפּלאָנטערן!

*

ער טרינקט זיך, דער טאָג, ווי אַן אונטערגאַנג־שיף
מיט צעהאַנגענע פֿלאַקערן־פֿאָנען
אין קריכנדע מײַלער פֿון נאַכט מיט געפּילדערן: רחמים...
און עפּעס אַ מענטש זיצט אויף מיט טראָטואַר צו דער וואַנט מיטן פּנים
און וויינט ניט און לאַכט ניט...

ווּהין טרײַבט מען דיך, טאָג, ווהין יאָגט מען דיר נאָך,
ווהין שלעפּן דיך אַפּרונטן?
ווהין קערט מען דיך אויס מיט אַ בעזעם פֿון שאָטנס
פֿון בלײַענדע? —

כ׳האָב אַזעלכע אַ סך ערגעץ איינזאַמע טאַטעס, וואָס זיצן
אויף דר׳ערד צו דער וואַנט מיטן פּנים
און בענקען נאָך טויט, ווי עקרות נאָך קינדער...

נאָר מײַן לויף, מײַן צעכראַסטעטער, רײַסט תּקיעת־כּפּן
פֿון גאַסישע אָרעמס,
און קײַט און ברעכט זיי, די וועגן, ווי צווײַגן פֿאַרדאַרטע:
וואָס זשע זיצט ער, דער מענטש, אויפֿן מיט טראָטואַר
צו דער וואַנט מיטן פּנים
און וויינט ניט און לאַכט ניט?

*

פֿון מאַלצײַט געזעטיקטע גייען צו שקיעה די טעג
איבער בלוטיקע ברוקן,
ווי ס׳גייען הכנעהדיק־שטיל צו דעם שעכט־הויז געכאָוועטע אָקסן,
עס בלאָנדזשען געוויינען פֿון פֿרויען, וואָס שטאַרבן אין קימפּעט
אויף רוקנס
ב׳אויף שטיינערנעם ראָג ווערט פֿאַרנאַכטיק פֿאַררויכערט אַ מענטש
בײַ אַן איינזאַמער וואָגשאָל...

וואָס וואַרטסטו, דו, מענטש, מיט דײַן וואָגשאָל אויף שטיינערנע ראָגן
פֿאַררויכערטע ?
מײַן אמתע וואָג ווילסטו מיר זאָגן ? מײַן ריכטיקע מאָס
ווילסטו מיר טרעפֿן ?
האָ־האָ, איך בין לײַכט ! איך בין טויזנט מאָל לײַכט !
כ׳האָב די שטאָל פֿון מײַן האַרצן געעפֿנט !
כ׳האָב ניט וואָס, כ׳האָב ניט ווען — מײַנע וואָגלטעג וואַנדלען,
ווי אָפֿענע בריוו צו פֿאַרזעסענע הויכן
איך טרײַב זיי אַליין — אַ ציגײַנער — ווי אָקסן אין שעכטהויז
צו גאַנצע טאַבונען,
האָ־האָ, איך בין לײַכט, איך בין טויזנט מאָל לײַכט,
כ׳האָב די שטאָל פֿון מײַן האַרצן צעעפֿנט
און אויף נאַכט כ׳האָב די זילבערנע שיף פֿון מײַן חלום באַהאַנגען
מיט קראָ־שוואַרצע פֿאָנען ? . . .

וועג איבער די טרויער־געשוואָלענע טעג פֿון מײַן דאָ־זײַן, דעם קורצן,
זיי האָבן אויף לײַב מײַנס זיך גראָזן געגריזעט פֿון פֿרייד
און פֿון טרויער ;
אָ, זיי מעלה־גרהן נאָך ערגעץ דעם ווי פֿון מײַן ערשטן געבורט־צער,
און ערגעץ שוין הוילן זיי בײַכער, ווי בעכער פֿאַר פֿײַן
פֿון מײַן טויטלעצטן שוידער . . .

אין שעכטהויז פֿון שקיעה — געקוילעטע טעג מײַנע ליגן און כראָפּען,
און ס׳פֿליִען פֿאַרנאַכטיקע שעהען זיך אָן, ווי אַ קראָ נאָך אַ קאַרשון :
— „אַ גראָשן די וואָג און אַ גראָשן די מאָס״ ! און פֿאַרבײַגייערס
שטילע אַרויף־און־אַראָפּ־גיי׳ן,
און ס׳קלינגען אויף ווײַטן די טויבשטומע קושן פֿון בלעכענע פּושקעס
מיט קופּערנע גראָשנס ! . . .

*

מײַן שטאַרבן גייט־אויף ווי די זון פֿון די פֿעלדזן און ימען,
און פֿריילינגט דעם הימל, די ווײַט און דעם אָרעמען מאָלצײַט,

געזאַלצענע ווינטעלעך בלאָנדזשען־אַרום, ווי פֿאַרלוירענע זעגלען;
— אָ, ווייסט ניט, ווו זײַנען מיר, שיף, אין דער וועלט דאָ
פֿאַרבלאָנדזשעט?...

וואָס זאָל איך דיר געבן, פֿרימאָרגיקע זון פֿון מײַן שטאַרבן?
דער בעטלערשער זאַק פֿון מײַן ביינערבראָך שטויביק און דין איז,
דער ביל פֿון מײַן האַרץ איז צעווייעט ווי זאַנגען אין ווינטדראָש
פֿון האַרבסטיקע גאַרבן:
— כ׳בין אַליין מלך־אביון פֿון דאָרשטיקע צוויי הונדערט עטלעכע
נ׳פֿערציק מדינות?...

עס שלאָפֿט זיך דעם וואַלד, ווי אַ קבֿרשן קראַנץ אויף מײַן חלומדיק
דאָ־זײַן,
און ס׳פֿלאַטערן טײַכן ווי אַבֿלישע לענטעס מיט אויפֿשריפֿטן ווײַסע;
אָ, זאָגט מיר, אָ, היימלאָזע ברידער פֿון ים, אַלבאַטראָסן,
איר ווייסט ניט, צי וועל איך צו ערגעץ אַ ברעג נאָך דערשווימען
באַווײַזן?...

*

איך האָב אויף אײַך, בערגיקע וועגן פֿון אויפֿגאַנגען,
ניט קיין פֿאַראיבל
וואָס וויכערט דעם ווינט פֿון מײַן אָטעם און טרינקט דאָס געזאַנג
פֿון מײַן ליפּן;
דער אָפּקלאַנג פֿון טריט מײַנע הילכיקע קלינגט
אין די איינזאַמע הימלען
און גלײַך ווי זכרונות אים שטיל מעלה־גרהן די ליידיקע מײַלער
פֿון הויפֿן...

אַרײַן זײַנען גאַסן אין טאָג ווי אַ קוואַלן־עשאָל פֿון טראָמפּייטן:
— עס האָבן זיך שוין ווי שאַמפּאַניער די טײַכן מיט פֿרילינג געעפֿנט,
די טאָלן פֿון זון ווי מיט גאָלדענע טישטעכער — טישן געגרייטע
און ליכט אומעטום, און געזאַנג אומעטום, און איך קאָן אַלץ
צום אָרעמען מאָלצײַט ניט טרעפֿן.

ס'איז שטיל, אינדערפֿרי־ק און פֿריש אויף די בערגיקע וועגן
באַגערנד און ווינטיק פֿון זונלאַנד די גאָלדענע פֿאַרשטאָט;
פֿאַר וואָס איז דאָ קיינער ניטאָ נאָך? פֿאַר וואָס גייט מיר קיינער
אַנטקעגן?
ס'איז פֿרי נאָך? און איך האָב געאײַלט, און געקומען
דער ערשטער!...

*

אַזוי אין אַ ווינטעריק־וויסטן וואָקזאַל צווישן ווענט, צווישן ווײַסע,
שטיל ווײַלט זיך בײַם פֿענצטער דער אומעט מיט מיר ווי אַ
נאַכטשוואַרצע דאַמע,
פֿאַרשפּעטיקט וואָס האָט צו אַ צוג און זי וואַרט אויף אַ צווייטן
און אײַלט ניט, און פֿרעגט ניט, און ווייסט, אַז זי וועט
ניט פֿאַרזאַמען...

די ביימער די שנייִקע פֿרייפֿלען ווי אויף ווײַסע לוויות פֿון ווינטן,
זיי טרינקען פֿון ווײַטן דעם אומעט־פֿאַרשיכורטן פֿײַף פֿון אַ צוג
אַ פֿאַרווייטן
מיט טרוקענע צווײַגן, מיט פֿראָסטיקע שטאַמען,
און טרינקען לחיים אויף אייביקע יאָר מיט דער נאַכטשוואַרצער דאַמע
מיט מיר און מיט אַלע פֿאַרשפּעטיקטע וועגלײַט צוזאַמען...

וואָס קוקסטו אין פֿענצטער, אָ, נאַכטשוואַרצע דאַמע —
פֿאַרשפּעטיקטער אומעט?
— אַ צוג וועט באַלד קומען,
אַ צוג ט'באַלד אַוועקגיין,
און דו וועסט אים ווײַט מיט די קאַלטע וואָקזאַלענע אויגן באַגלייטן
און בענטשן פֿאַרשווינען מיט עלנט אויף וואָגל, אויף וועגן...

אַזוי אויפֿן קלומיק מיט יאָרצײַטן זיצן בײַם וועג
אויף די שטאָלענע רעלסן
און קוקן אין ערגעץ, און האָפֿן, אַז פֿרײַ זאָל אַ שטויביקע שוועל זײַן,

אַזוי אויפֿן קלומיק מיט יאָרצײַטן זיצן
אויף פֿירן אים שטיל ווי אַ הויקערדיק קינד פֿון אַ שטאָט
צו אַ צווייטער
און פּלוצעם דערהערן: — אָט גייט ער, אָט גייט ער!
אָט סאַפּעט די לופֿט אין דער ווײַט, מיט אַ צוג, מיט אַ ווינט,
מיט אַ שניישיט,
אָט ברעכן די הענט זיך דערשראָקענע ביימער,
ווי ווײַנטרויבן־שנײַדערינס טראָגן־אַרום זאַווערוכעס
דאָרט שוימיקע קוישן,
אָט פֿליִען די שנייען ווי ווינטיק־צעשאָטענע גאַרבן,
זיי זעצן אין פֿענצטער,
זיי רײַסן די בלעכן:
— אָ, עפֿנט, אָ, עפֿנט אַ פֿענצטער די שנייען,
זיי ווילן צעגיין נאָר,
זיי ווילן נאָר שטאַרבן,
און קוקט פֿונעם פֿענצטער מיט הויקערדיק מיינס די נאַכטשוואַרצע
דאַמען
און אײַלט ניט, און פֿרעגט ניט, זי ווייסט, אַז זי וועט
ניט פֿאַרזאַמען...

*

וואָס גייען די בערג און די פֿעלדזן מיט ברויט און מיט פֿרייד
מיר אַנטקעגן?
וואָס טאַנצן די ימען אַנטקעגן מיט זונען אויף בײַכער צעשמאָלצן?
אָ, אומרו, אײַך, אומרו, אײַך, פֿעלדזן און ימען פֿון מענטש
און פֿון גאַנג און פֿון וועגן,
איך וויל ניט, איך וויל ניט מיט שלווה פֿאַרשטערן די שׂמחה
פֿון אָרעמען מאָלצײַט...

מיט וואָס איז אײַך, ימען און בערג, משׂמח אַ הפֿקר־בראָדיאַגע
פֿון אַנלאַנד־שגעון?

קיין רינדער אויף מערק ניט געהאַנדלט, קיין וואָל פֿון די שאָף
ניט געשוירן!
איך קאָן ווי אַ הונט אויפֿן בויך זיך צופֿוסנס אײַך לייגן
און בילן און וואָיען,
נאָר כ׳וויל ניט, איך וויל ניט די שׂמחה פֿון אָרעמען מאַלצײַט
פֿאַרשטערן!...

אַז דאַוונען כ׳קאָן ניט — זאָל זײַן ווי אַ תּפֿילה מײַן פֿײַף
פֿון די פֿינגער
און זאָל ווי אַ שיכּורער ריקוד מײַן טרויעריקע וואַנדערונג
פֿריילעך און שטאָלץ זײַן;
איך טראָג אין מײַן לײַב נאָך אַ ווינט — אַ בראָדיאַגע,
אַזוינעם ווי איך בין,
אָ, כ׳וויל ניט, איך וויל ניט פֿאַרשטערן מיט שלווה די שׂמחה
פֿון אָרעמען מאַלצײַט!

*

בײַ אונדז אין קאַיוטע איז פֿריילעך און וואַרעם,
עס טאַנצן די ים־לײַט מיט הייסע ציגאַנקעס,
די שיף אויפֿן ווינט ווי אַן אַלטע גיטאַרע
און אומעטיק־הימלאָז דער ימישער קלאַנג איז...

אין דר׳ערד מיטן קאָפּ מײַנע אַלע חלומות!
צום טײַוול דער ביל פֿון מײַן זינגענדער שאָפֿע!

ווער קאָן אים, מײַן טאַטן? ווער ווייסט וווּ מײַן היים איז?
כ׳וועל מאָרגן מיר שטעלן אַ בודקע בײַם האָפֿן,
דעם מאַנטל פֿון אויבן — אַ דאַך פֿאַרן רעגן,
אויף דר׳ערד מײַן גערשנטן זאַק נע־ונד־זײַן...

לאָז קומען אַ הימלאָזער הונט מיט אַ טענה
בײַ מיר עפּעס מאָנען מיט הינטישע אויגן:
— וואָס וועל איך אים געבן? וואָס וועל איך אים זאָגן?

לאָדט־אָן זיך, איר, אַלע, פֿאַרבײַיִקע שיפֿן,
מיט זעק נע־ונד און מיט האָפֿענונג־האָפֿן!
היי, לאָזט זיך אויף שפּינוועבס פֿון טיפֿן
און טרובעט:
—אַ מענטש האָט דערשלונגען דעם שטיין פֿון צוקאָפּנס,
אַ מענטש ערגעץ גריזשעט דעם דאַך פֿון זײַן רובעט!

אָ, גייט אין דער וועלט אַרײַן, גייט, קאָמעדיאַנטן,
און נאַרט־אָפּ מיט האָפֿ׳נונג די טרוימענדע ברעגן,
זיי וואַרטן דאָרט אַלע בײַם אומגליק געשפּאַנטע
אויף טרייסט און אויף פּדיון, אויף רו און אויף רעגן!

און איצט אין קאַיוטע איז פֿריילעך און וואַרעם
מיט שטריק קאַפּיטאַן האָט אַליין זיך דערוואָרגן;
אָ, היימלאָזער גאַסהונט, איך שפּיל אויף גיטאַרע,
איך שענק דיר דעם האַפֿן, דעם ים, מיט מײַן מאָרגן!

*

אויף דײַן גאָלדענעם שער־בלאַט, פֿאַרנאַכטיקער ים, גייען שטיל,
אָן באַגלייטערס, געלאָדענע קעמלען,
געשפּאַנטע בײַ שוואַרצע עגלות פֿון דעמערן...
עס דאַוונען איינזאַמע טריט און עס קלאָגן צעשראָקענער וועגן —
אָ, זאָגט מיר, פֿאַרנאַכטיקע ווינטן, וווהין פֿירט דער וועג דאָ?
וווהין גייען קעמלען?...

אויף דײַן ווינטיש־צעבלעטערטן פּאַרמעט בליצן שרעקעדיק זעגלען,
ווי אותיות העלע,
צעשטעלטע שקעלעטן פֿון ציפֿערן, אַלפֿן, ביתן, און גימלען;
כ׳טראָג אויך צו דיר, טויט — אומבאַגלייט, ווי אַ קעמל —
מײַן זיבן־און־צוואַנציקסטן אלול,
ס׳וועט באַלד מיט זײַן בלוט זיך פֿאַרפֿליאַסקען דאָס שנייִיקע מויל
פֿון דײַן הימל!...

וואַרשע 1922

אַלטער קאַציזנע

# אַ טערק

אַ שמאָלע, קאָכיקע גאַס. שילד אויף שילד. ווו אַ טיר, דאָרט אַ קראָם. און איין קראָם זעט משונהדיק אויס: די לאָדנס באַצויגן מיט רויטן געוואַנט, איבער דער טיר אַ גרויסער ליַיוונטענער שילד. אויף אים איז אָנגעמאָלט אַ קאַסטן אָדער אַ סוכּה, אָנגעפּולט ביז העלפט מיט היי אָדער מיט וואַסער. און אויפן היי אָדער וואַסער ליגט אַ שטיַיפע באַשעפעניש מיט קורצע הענטלעך, מיט אַ קאָפּ פון אַ מענטש, מיט אַן עק פון אַ הערינג. איבער אים שטייט אַ טערק מיט אַ שטעקעלע. אין הינטערגרונט זיַינען נאָך אָפּגעמאָלט וווּנדערלעכע זאַכן: ס׳קאָן געמאָלט זיַין — איַיזבערג און ס׳קאָן ווי־דער געמאָלט זיַין אַ שטאָט מיט היַיזער.

קינדער שטייען פאַר דער קראָם און גאַפן אויפן שילד: אַ ים־מענטש. און פון דער אָפענער טיר פליט אויף דער גאַס אַרויס דאָס געטרילעריַי פון אַ קאַטערינקע; די צעלאָפענע טענער פלאָנטערן זיך צווישן די איַיליקע פאַרביַיגייערס ווי צעשראָקענע עופות און, דוכט זיך, זיי מאַכן נאָך ענגער אין גאַס. פון ציַיט צו ציַיט ווערט די קאַ־טערינקע פאַרשטומט. ווייסן שוין די קינדער פון גאַס, אַז באַלד וועט פון הינטערן רויטן פאָרהאַנג אַרויסטויכן דער טערק אַליין און זיי רוקן זיך אָפּ ביַי ציַיטנס.

אָט איז ער. אַ קליינער און אַ דאַרער, אין אַ פּאָר ברייטע, רויטע הויזן, מיט אַ פּאָר גרויסע ברילן אויף דער גראָבער נאָז און, פאַרשטייט זיך, אין אַ טערקיש היטעלע. ער שטעלט זיך ביַי דער טיר. די קינדער רוקן זיך אָפּ נאָך וויַיטער — דער טערק קאָן אָפּ־טאָן אויף טערקיש: אָפּגיסן מיט וואַסער אָדער נאָכוואַרפן אַ שטעקן. ער איז אַ רוצח. די קינדער ציטערן פאַר אים.

ניט שטענדיק איז אָבער דער טערק געווען אַזאַ בייזער. פון אָנהייב, ווען זיַינע געשעפטן זיַינען געגאַנגען ניט שלעכט, בעלנים

אַנצוקוקן דעם ים־מענטש זײַנען געווען אַ סך, האָט דער טערק גאַנץ געמיטלעך געשפּאַסט, איבער הויפּט מיט די דינסטמיידלעך. ער האָט אַפֿילו געהאַט אַ מיידל בײַ דער קאַסע, ווײַל אַליין איז ער געווען פֿאַרנומען מיט דרייען די קאַטערינקע און דעמאָנסטרירן די חיה.

שפּעטער האָט דער עולם אויפֿגעהערט גיין. ס'האָבן זיך אויסגענומען בעלנים. דערצו האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די חיה איז גאָר קיין חיה ניט, אַז דאָס האָט דער טערק געדונגען אַ ייִנגל, אים צוגעטשעפּעט אַן עק און האַלט אים אין אַ גלעזערנעם קאַסטן מיט וואַסער. אַנדערע ווידער האָבן אײַנגעפֿונען, אַז די חיה איז יאָ אַ חיה, זי איז אָבער גאָר ניט אַזאַ פּאַרשוין, עס זאָל זיך לוינען צו פֿאַרקוקן אויף איר. אַ פּרצוף האָט זי מער אַ הינטישן איידער אַ מענטשלעכן און פֿון צײַט צו צײַט בילט זי אַפֿילו אונטער. נאָר ווי דאָרט זאָל ניט זײַן, האָט דער עולם פֿאַרלוירן דעם אינטערעס.

דער טערק האָט שוין לאַנג אָפּגעשאַפֿט זײַן קאַסירקע און אַליין האָט ער זיך אויך ניט איבערגעהאָרעוועט. ער האָט שוין, דוכט זיך, מיט זײַנע שלעכטע געשעפֿטן שלום געמאַכט. ווען ער איז אָבער געוווּיר געוואָרן, אַז מען האַלט זײַן חיה פֿאַר אַ געפֿעלשטע, איז ער אַרײַן אין גרימצאָרן. פֿאַר אַ פּאָר פֿאַרשפּעטיקטע בעלנים אָנצוקוקן זײַן חיה האָט ער געאַרבעט מעשׂים, צו דערווײַזן זיי, אַז דאָ איז קיין שום פֿעלשונג נישטאָ. ער האָט אומגעדרייט די חיה אין איר קאַסטן, געשלעפּט זי פֿאַרן עק און בכלל זיך באַמיט אַרויסצורופֿן אין איר אַ פֿונק פֿון טעמפּעראַמענט. איז אָבער פּונקט דאָס מאָל דער חיה אָנגעפֿאַלן אַ מעלאַנכאָליע. זי האָט זיך געלאָזט דרייען ווי אַ גומענע און נאָך לאַנגע שטויסענישן האָט דער טערק קוים אַרויסבאַקומען פֿון איר אַ פּיפּס.

— אַהאַ! איר הערט? — האָט ער זיך דערפֿרייט.

אָבער אַז די צוקוקערס זײַנען אַוועק, איז ער ווידער טרויעריק געוואָרן.

— וואָס איז די פּעולה? — האָט ער זיך געטראַכט — זיי וועלן דעם פּיפּס אויך אָננעמען פֿאַר אַ געמאַכטן.

געקומט האָט שוין פֿון אים פֿאַר אַ פּאָר וואָכן דירה־געלט און ער האָט זיך אויסגעלערנט דערשפּירן דעם באַלעבאָס׳ אָנקומען מיט פֿינף מינוט פֿריִער, כּדי ביַי צײַטנס נעלם צו ווערן פֿון דער געפֿאַר. זײַן אייגן בעטל איז שוין לאַנג געשטאַנען הינטער אַ פֿאָרהאַנג, נעבן קאַסטן מיט דער חיה. און זיי האָבן אָפֿט ביידע צוגעהונגערט.

דער טערק איז געוואָרן אַלץ בייזער. אָבער די קינדער, וואָס פֿלעגן זיך פֿאַרזאַמלען פֿאַר זײַן טיר, אַלץ חוצפּהדיקער.

— טערק, קיין געלט האָב איך ניט, נאָר איך האָב אַ קנעפּל. לאָז מיר אַ קוק טאָן אויף דײַן ים־מענטש.

דעם פֿאָרשלאָג האָט דער טערק באַקומען אין אַ לבֿנהדיקן אָוונט, בעת ער איז געשטאַנען ביַי דער באַלויכטענער טיר. און דאָס ייִנגל, וואָס האָט דעם פֿאָרשלאָג געמאַכט, האָט זיך פֿון דעסט וועגן גע־האַלטן אין שאָטן.

דער טערק האָט גאָר ניט געענטפֿערט. ער האָט נאָר גענומען מעטאָדיש צומאַכן די רויטע לאָדנס. פֿאַרשפּאַרט זיך אַליין מיט דער חיה, האָט דער טערק זיך אַוועקגעזעצט קעגן גלעזערנעם קאַסטן, אַריַינגענומען אין ביידע הענט זײַן שמאָלן קאָפּ און אַזוי געטראַכט:

— גוט. איך האָב פֿאַרשלאָסן די טיר און דער באַלעבאָס וועט זיך דאָס מאָל נישט אַריַינריַיסן. וואָס וועט אָבער זײַן מאָרגן?

אַזוי האָט דער טערק פֿון אָנהייב געטראַכט. שפּעטער האָט ער פֿאַר צרות אויפֿגעהערט אין גאַנצן צו טראַכטן. און מיט אַ מאָל האָט ער זיך אַליין דערשפּירט, פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס, ווי ער זיצט אַזוי אויפֿן בענקל אַן איַינגעשרומפּענער, אַ שוויַיגנדיקער. ער האָט אַפֿילו דערפֿילט די קנייטשן פֿון זײַנע ברייטע, רויטע הויזן, די לאַ־טעס אויף זײַנע שיך, די ברילן אויף דער פֿאַרשוויצטער נאָז — אַלץ ווי ער וואָלט זיך אַליין פֿון דער זײַט אָנגעקוקט.

ער האָט דערשפּירט די שטילקייט פֿון דער שפּעטער צײַט הינ־טער די פֿאַרמאַכטע לאָדנס. ער האָט אין דער רגע געצווייפֿלט, צי לעבט ער גאָר, צי איז ער אין שטאַנד זײַן קאָפּ פֿון די הענט אויפֿ־צוהייבן, צי איז ער אין שטאַנד דאָס גאָר צו וועלן. און פֿאַר שרעק

— אַליין ניט צו וויסן ווי דאָס איז געשען — האָט ער דעם קאָפּ אויפֿגעהויבן.

גלײַך קעגנאיבער אים איז אין גלעזערנעם קאַסטן געלעגן די חיה און אים שטאַר אָנגעקוקט. צי דערשראָקן פֿון זײַן פּלוצלונגער באַוועגונג, צי מאָנענדיק עפּעס פֿרעסן, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיטן עק און לײַכט אַ קוויטש געטאָן, און אַ לענגערע צײַט זײַנען זיי אַזוי פֿאַרבליבן, דער טערק מיט זײַן חיה, פֿאַרגאַפֿט איינער אויפֿן צווייטן. דעם טערק האָט לאַנגזאַם דורכגענומען אַ פּחד. ער האָט אויפֿגעהערט צו פֿאַרשטיין די שײַכות פֿון זאַכן.

— וואָס איז דאָס? ווי קום איך צו דער דאָזיקער חיה?

יאָ, ווי קומט ער צו דער דאָזיקער חיה? אַלץ דאַרף דאָך האָבן זײַן אָנהייב. מענטשן האָבן אים אָפּגענאַרט: מען האָט אים אײַנגערעדט, אַז ס'איז אַ ים־מענטש און אַז ער וועט דורך אים גיין אין גאָלד. און ער האָט געמאַכט אַ בײַט: אָפּגעגעבן זײַן געוועלבל מיט די טישן און בענק, מיטן טוץ שטיינערנע קאַווע־טעצלעך און מיטן אַלטן קאַווע־קעסל און איז געוואָרן אַן אייגנטימער פֿון אַ ים־מענטש.

אַז זײַן חיה איז קיין ים־מענטש ניט — דאָס האָט ער זיך לאַנג שוין אָנגעשטויסן. אַ שיין פּנים וואָלט גאָט געהאַט, ווען ער באַשאַפֿט אַזעלכע מענטשן. וואָס איז עס אָבער פֿאָרט? קיין פֿיש ניט, קיין הונט אויך ניט. און עס לעבט. און עס בעט עסן. און עס קוקט איצט מיט אַזאַ פּאָר אויגן, אַז בײַם טערק שטעלן זיך די האָר קאַפּויער.

— גוואַלד, וואָס איז עס? ווי קום איך צו דעם?

ווי ער קומט צו דער חיה, האָט ער זיך פֿאַר קיין אופֿן ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן. עפּעס אַ כּישוף האָט געשטעקט אין דער גאַנצער מעשׂה. און דאָ האָט זיך די חיה אַ ריר געטאָן פֿון אָרט און דער טערק איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון בענקל אַ פֿאַרצאַפּלטער.

— אַוועק פֿון מיר, פֿאַרזעעניש! איך האָב פֿאַר דיר מורא!

ערשט איצט האָט ער צוריק דערפֿילט זײַנע אייגענע גלידער און, איין מאָל פֿון אָרט זיך אָפּגעריסן, איז ער שוין געלאָפֿן ווײַטער,

ער האָט זיך באַהאַלטן הינטערן פֿאַרהאַנג און זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן געלעגער מיטן פּנים אין שטרויזאַק. ער איז געלעגן אין איין ציטערניש און זײַן אויער און זײַן פֿאַרטײַעט האַרץ איז געווען דאָרט, נעבן גלעזערנעם קאַסטן, בײַ דער חיה. זײַן שרעק איז געוואַקסן. דווקא איצט, ווען קיין צושויערס זײַנען ניט געווען, האָט זיך די חיה דאָרט צעשפּילט און גענומען מאַכן עפּעס מאָדנע קונצן אויף גאָר אַ משונהדיקן שטייגער. דער טערק האָט געפּילט, ווי דער פּחד קריכט אים אַרום איבערן רוקן מיט אַ סך קאַלטע און האַריקע פֿיס. איין דינער פֿאַרהאַנג האָט אים איצט אָפּגעטיילט פֿון אַ פֿרעמדער וועלט, פֿון אַ פֿינצטערן תּהום, ווו מען קאָן זיך לײַכט אַראָפּגליטשן און האַלטן אייביק אין פֿאַלן. ער האָט געפּילט, אַז דער פֿאַרהאַנג באַוועגט זיך, אַז דער תּהום ציט אים בײַ אַ שטריק. ער איז געלעגן און, ווי אַ קינד, אומבאַהאָלפֿן געוויינט אין שטרויזאַק אַרײַן.

— וואָס וויל זי פֿון מיר? וואָס האָט זי צו מיר? אַז איך ווייס אַפֿילו איר נאָמען ניט... ווײ, ווײ! אַלע מענטשן גייען־אַרום אָן חיות, נאָר צו מיר איינעם האָט זיך אַ חיה צוגעטשעפּעט!

דאָ האָט זיך בײַם טערק דאָס האַרץ אין גאַנצן אָפּגעשטעלט און פֿלוצלינג אָנגעהויבן וואַרפֿן זיך, ווי אַ קליינער יאָדער אין אַ צעטרייסלטן נוס. ער האָט דערהערט גאָר אַ מאָדנעם בויטש אין וואַסער, אַזוינס וואָס ער האָט נאָך קיין מאָל נישט געהערט. און דער פּחד אַליין האָט אים בײַ די שטײַפֿע האָר אָנגענומען, פֿון זײַן שטרויזאַק אָפּגעריסן און געצוווּנגען אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ הינ־טערן פֿאַרהאַנג. עס האָט אים געצויגן אַהין, צו דער חיה, ווי אַ נאָכטפֿליג צום פֿײַער.

וואָס האָט ער הינטערן פֿאַרהאַנג דערזען?

די חיה איז זיך געזעסן אויפֿן עק, האַלב פֿון וואַסער אַרויסגע־שטעקט, די קורצע הענטלעך פֿאַרשפּרייט, דעם רונדיקן ווי פֿאַר־קעמטן קאָפּ פֿאַרריסן און מיט אַ ברייטן שמייכל אַרויסגעלאָזט פֿון די נאָזלעכער אַ פֿאָנטאַנע, וואָס האָט געשפּריצט איבערן קאַסטן,

אויף דר׳ערד אַראָפּ. פֿאַר תּענוג האָט זיך בײַ איר דער בויך גע־טרייסלט און בײַם טערק זײַנען די אויגן פֿון זייערע נעסטן געקראָכן.

— גוואַלד, איך װעל דאָס נישט אויסהאַלטן! זי לאַכט פֿון מיר! זי װײס יאָ װער איך בין און איך װייס ניט װער זי איז... הײַנט װער איז דאָ דער טערק און װער איז דאָ די חיה? יאָ, ער האָט זיך די דאָזיקע פֿראַגע געשטעלט. ער האָט אָבער זיך אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ מיטביידע פֿויסטן, ניט צו טראַכטן. זײַן אייגענער געדאַנק האָט אים אויך געשלעפּט אין תּהום אַרײַן.

ער ליגט שוין װידער הינטערן פֿאָרהאַנג, אויף זײַן שטרויזאַק, צוגעדעקט איבערן קאָפּ, מיט װאָס ס׳איז נאָר צו דער האַנט געקו־מען. ער האָט נאָר איין כּוונה: זיך באַהאַלטן פֿאַר איר, זי זאָל אים נישט געפֿינען. פֿון קאַסטן מוז זי דאָך אַרויס. ס׳איז דאָך נאַריש...

איצט האָט אים געשראָקן זײַן אייגענער אָטעם, זײַן קלאַפּן מיט די ציין, דאָס גאַנצע געפּילדער, װאָס האָט אָנגעמאַכט אָדער גע־קאָנט אָנמאַכן זײַן מאָגער און צאַפּלדיק װעזן. ער װאָלט זיך גערן דערשטיקט, אַבי נישט אַרויסצורופֿן אויף זיך „איר״ אויפֿמערק־זאַמקייט. נאָך אַ לאַנגע צײַט, זינקענדיק אין הייסן אָטעם און קאַלטן שוויס, האָט ער דורך דעם ליאַרעם פֿון זײַן שרעק דערהערט אַרום זיך די טויטע שטילקייט. אויך הינטערן פֿאָרהאַנג איז שטיל גע־װען. די שרעק האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פֿינגער און הינטן־אַרום אַרײַנגעקוקט אים אין מוח. ער האָט קיין װילן ניט געהאַט מיט אַ פֿינגער אַ ריר צו טאָן. און צװיי געדאַנקען, װי צװיי קעץ, האָבן זיך געשפּילט מיט זײַן האַרץ, מיט זײַן מוח, מיט זײַן גאַנצן װעזן און אַריבערגעשלײַדערט אים, איינע צו דער צװייטער.

— זי שטייט שוין בײַ זײַן געלעגער...

— זי איז אין גאַנצן אַנטלאָפֿן...

דער פּחד אַליין האָט אים פֿון די דאָזיקע צװיי קעץ אויסגע־לייזט. ניט מיט זײַן אייגענעם װילן איז ער אויפֿגעשפּרונגען און צום צװייטן מאָל אַ שטעק געטאָן זײַן פֿאַרשיכּורטן קאָפּ הינטערן פֿאָרהאַנג, װי אין דער גילאָטין אַרײַן; אַ סוף זאָל עס נעמען!

די חיה איז זיך רויִק געשלאָפֿן, צונויפֿגעקנוילט אויפֿן דעק פֿון איר קאַסטן.

דאָ איז אים ערשט געקומען אַ קלאָרער געדאַנק:

— ראַטעווען! מען דאַרף זיך ראַטעווען!

שטיל, ווי אין אַ חלום איז ער אַפּגעטראָטן פֿון פֿאָרהאַנג און שטיל האָט ער גענומען צוזאַמענבינדן זײַנע זאַכן. די שרעק האָט אים נאָך געדרודפּט, אַז די חיה קאָן זיך אויפֿכאַפּן, ווען ער וועט פֿאַרבײַגיין. נאָר אויך דאָ האָט אים צוגעהאָלפֿן דער קלאָרער געדאַנק: ער האָט אויסגעטאָן די שיך און זיי צוגעבונדן צום פּעקל. ער האָט באַטראָטן די ערד שטיל, ווי אַ שׂטן. ער האָט זיך פֿאַרשטעלט דאָס פּנים מיט זײַן טערקיש היטעלע. ער האָט ממש פֿאַרשלאָסן דעם אָטעם אין די לונגען. און אַזוי, מיטן פּעקל אויף דער פּלייצע, האָט ער אַ שופּ געטאָן, דורך דעם פֿאָרהאַנג, פֿאַרבײַ דעם קאַסטן, ווי איינער וואָס וואַרפֿט זיך פֿון פֿײַער אין וואַסער אַרײַן. אין קאָפּ האָבן אים געקלונגען אַלע גלעקער פֿון דער וועלט און אַלע חיות האָבן זיך געדאַרפֿט פֿון זיי אויפֿכאַפּן. נאָר דאָס מזל האָט אים אָפּגעשפּילט און זײַן חיה האָט געהאַט דעם האַרטסטן שלאָף.

דאָס האָט ער אַלץ אָנגעהויבן זיך קלאָר צו מאַכן שוין אויף יענער זײַט טיר, ווען ער האָט אַראָפּגענומען דעם שלאָס פֿון די לונגען און מיט איין שלוק אײַנגעזאַפּט אין זיך די פֿרישע לופֿט, די שפּעטע שטילקייט און דעם צעפֿלאָסענעם לבֿנה־שײַן. ווי אַזוי ער האָט די טיר געעפֿנט, האָט ער אַפֿילו ניט געפּרוווט צו פֿאַרשטיין. ער האָט נאָר באַמערקט נעבן זיך דעם ליכטיקן פּאַס, וואָס איז פֿון איר געפֿאַלן, און דאָס איז גענוג געווען צו פֿאַריאָגן אים ביז עק וועלט. ער האָט זיך געלאָזט לויפֿן, פֿאַרבײַ די געשלאָסענע קראָמען, פֿאַרבײַ דעם טויער פֿון הויף. ניט ווײַט איז שוין דער ראָג פֿון גאַס. דאָרט וועט ער אין אַ זײַטיקער פֿאַרלויפֿן...

— שטיי, טערק!

— כאַ־כאַ־כאַ!...

— אַז ער האָט געוווּסט: ער וועט זיך ניט ראַטעווען, נאַרישער טערק!...

אין דער ערשטער רגע האָט ער זיך אונטערגעביק אַראָפּגע־לאָזט, פֿאַרזונקען געוואָרן אין זײַנע ברייטע הויזן, אונטערן דרוק פֿון דער פּלוצלינגער משׂא, וואָס איז אים אויפֿן קאַרק געפֿאַלן. טעמפּע ציין האָבן זיך אים אין נאַקן אײַנגעביסן און ניט אָפּגעלאָזט. קעגן די דאָזיקע ציין האָט פּראָטעסטירט זײַן גאַנץ וועזן און ער האָט זיך געפּרוּווט אַ ריס טאָן. עס האָט ניט געהאָלפֿן. אַן אײַזערנע האַנט האָט אים כּמעט צו דר׳ערד אַראָפּגעקוועטשט, לאַנגזאַם און מעכאַניש אים אויסגעדרייט מיטן פּנים אויף צוריק.

אַ פּאָר פֿיס, מאַסיווע ווי די זײַלן און ברייט צעשטעלטע. באַ־קאַנטע צוויי פֿײַנטלעכע פֿיס. העכער — אַ ברייטער, פֿירקאַנטיקער גוף, אויך אַ באַקאַנטער און פֿײַנטלעכער. אַ האַלבע לבֿנה־נאַכט האָט דער דאָזיקער גוף פֿאַרשטעלט. דער טערק האָט אין פֿאַרצווייפֿלטער דרייסטקייט דעם קאָפּ פֿאַרריסן. נאָר פֿון דער הויך, אים האָט אויס־געוויזן, ווי פֿון הימל אַראָפּ, האָט צו אים אַראָפּגעשמייכלט דאָס באַ־קאַנטע און פֿײַנטלעכע ברייטבייניקע, ברייטבערדיקע פּנים פֿון דעם פֿאַלש־גליבּיקן הויזווירט. און געלאַסן־צעצויגן האָט דער קאָפּ פֿון דער הויך אַראָפּגעטרומייטערט:

— וווּהין לויפֿט דאָס עפּעס אַ טערק מיטן פּעקל אין מיטן דער נאַכט?

דער טערק האָט זיך קיין רגע ניט פֿאַרטראַכט:

— וווּהין איך לויף? אין באָד אַרײַן לויף איך.

— אַזוי...

דער טערק האָט לאַנגזאַם דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, באַטראַכט איינעם פֿון די גרויסע פֿיס און געמאָסטן מיטן אויג דעם מרחק צווישן אים און זײַנע אייגענע הינער־אויגן. דאַן האָט דאָס איבער אים דער הימל געפּלאַצט אין אַ באַטויבנדיקן לייבן־געברום, אַז די קני האָבן זיך אים אונטערגעבראָכן.

— און דירה־געלט האָט איר שוין באַצאָלט? דירה־געלט, פֿרעג איך!

די ריזיקע האַנט האָט אים געשאָקלט, ווי אַ שטרויענעם. דער טערק האָט זיך דערפֿילט נאָענט צו אַ ים־קרענק. ער האָט זיך גע־שעמט פֿאַר דער פֿײַערלעכער לבֿנה־נאַכט, וואָס איז פּלוצלינג גע־וואָרן פֿאַרהאָגלט מיט געשרייען.

ער האָט ווידער פֿאַרצווייפֿלט און דרייסט דעם קאָפּ פֿאַרריסן און דעם הויזווירט אין פּנים אויסגעשריִען:

— בײַ אונדז איז אַזאַ מנהג.

דער ריז איז געוואָרן אויף אַ רגע איבערגעראַשט פֿון אַזאַ חוצפּה.

— וואָס מנהג? ווען מנהג? קיין דירה־געלט נישט צאָלן און מיטן פּעקל אויף די פּלייצעס אַנטלויפֿן אין באָד אַרײַן נאָך האַלבער נאַכט? און אונדז איבערלאָזן אײַער פֿאַרשטונקענע חיה, וואָס קיינער ווייס אַפֿילו ניט, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ מין! ניין, הער טערק, בײַ אונדז גילטן אַנדערע מנהגים! נעמט אײַך אײַער חיה און גייט אײַך צו אַל די שוואַרץ יאָר! אָבער אָן דער חיה וועט איר פֿון מיר ניט אַרויס, איר הערט? נו, וועגן דעם וועלן מיר נאָך מאָרגן שמועסן. דערווײַל — מאַרש!

און דער ריז האָט אויפֿגעהויבן דעם טערק בײַם קאַרק ווי אַ הינטל, וואָס מען שלעפּט עס צו דעם אָרט, ווו ער האָט זיך פֿאַר־זינדיקט. אין דרײַ שפּרײַזן איז ער געווען מיט אים נעבן דער אָפּע־נער טיר, ווו דער ליכטיקער פּאַס האָט זיך אויסגעגאָסן, אַרײַנגע־שלײַדערט אים אינעווייניק, צו דער חיה, און פֿאַרשלאָסן די טיר פֿון דרויסן.

*

אין דער פֿרי האָט דער הויזווירט, אין באַגלייטונג פֿון פּאָליציי, בײַ אַ רעדל נײַגעריקע, אויפֿגעשלאָסן די טיר. דער טערק האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון ערגעץ אַ ווינקל און אַרויס צו זיי אַקעגן, שוין גאָר אָן הויזן, נאָר מיט אַ פּאָר דינינקע, בלויזינקע פּיסעלעך. ער האָט זיך העפֿלעך פֿאַרנויגט.

— מײַנע הערן... —האָט ער אָנגעהויבן געלאַסן און סענטענצ־אַרטיק— מײַנע ליבע הערן און דאַמען! זײַט וויסן, אַז יעדער שטערב־לעכער איז מחויב צו פֿאַרבלײַבן ביזן סוף אויף דעם פּלאַץ, אויף וועלכן אַללאַ, אין זײַן גרויס קלוגשאַפֿט, האָט אים אָנגעשטעלט. און ווי איז צו דעם בוגד!

דערבײַ האָט ער אָנגענומען די חיה בײַם עק און מיט פֿאַר־שטענדעניש אַ צי געטאָן.

— קוקט, ליבע מענטשן, הערן און דאַמען, זיידעס און קינדער! דער עק איז אַן אמתער און געהערט צו דעם באַשעפֿעניש, וואָס איר זעט פֿאַר זיך. די חיה און איר עק שטעלן־פֿאַר מיט זיך איין גאַנצעס און ניט ווי אַנדערע ווילן מיינען, אַז ער איז צוגעטשעפּעט. דאָס איז אײנער פֿון אַללאַס גרויסע וואונדער, וואָס קיין שטערבלעכער האָט ניט דאָס רעכט צו צווייפֿלען אין זיי, אַפֿילו ווען ער פֿאַרשטייט ניט צוליב וואָס זיי זײַנען באַשאַפֿן געוואָרן און וואָס עס האָט דער־בײַ צו טאָן אַ טערק.

און דאָ האָט דער טערק איבערגעריסן זײַן דרשה און זײַנע קליינע אייגעלעך האָבן געפֿלאַמט און רחמנותדיק געטרערט הינטער די גרויסע ברילן און פֿון דער נאָז איז אים גערונען בלוט. און פּלוצלינג האָט ער זיך צעלאַכט, אָבער אַזוי צעלאַכט, אַז דער הויז־ווירט האָט זיך אָפּגערוקט אויף גאַנצע דרײַ טריט.

דער ריז, דער פֿאַלש־גלייביקער, האָט פֿאַרלעגן געקראַצט זײַן פֿאַרוואָקסענעם נאַקן:

— אָט וואָס עס ווערט פֿון אַ טערק, אַז מען לאָזט אים ניט צו דער צײַט גיין אין באָד אַרײַן!...

וואַרשע 1921

מלך ראַוויטש

## געזאַנג צום מענטשלעכן קערפּער *

אַ בערדיקער, פֿון רעגן און שטויב פֿאַרזשאַווערטער בעטלער
איז היינט אויף צוויי הילצערנע פֿיס געשטאַנען
פֿאַר דעם טויער פֿון מיין הויז, און פֿון מיין אַרבעטפּולט פֿרימאָרגן.
אַ בלינדער סאָלדאַט האָט מיך אָנגעקוקט היינט
מיט זיינע בלוטיקע אויגן־רינעס.
אַ קינד האָט מען איבערגעפֿאָרן אין גאַס,
און מ'האָט אים דאָס גאָלדענע קעפּל צעקוועטשט,
אַזוי ווי אַ צוגעטרעטענעם עפּל.
בין איך אַנטלאָפֿן צו מיין ווייב
און האָב זי געקושט אין די קני
אומפֿאַרשטאַנען און לאַנג,
און כ'האָב זי געקושט אין דער מוטערברוסט,
מיט וועלכער זי זייגט מיינע קינדער אין שלאָפֿלאָזע נעכט,
ווען די קינדער וואַקסן אויף איר לייב,
אַזוי ווי גראָזן אויף דער מאַמע־ערד.
האָט זי דעם קאָפּ מיינעם אויפֿגעהויבן,
און האָט מיר געקוקט אין די אויגן,
פֿאַרוווּנדערט און לאַנג.
האָב איך איר געזאָגט:
— ס'איז גאָר נישט, מיין ווייב,
נאָר אָט די הענט, וואָס דו האָלטסט איצט אין דיינע,

---

* אין זאַמלהעפֿט כאַליאַסטרע, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע 1922, האָט דער דיכטער אָנגערופֿן דעם דאָזיקן פֿראַגמענט: פּאָעטישער פּראָיעקט צו אַ בוך. די דאָזיקע פּאָעמע איז טאַקע אונטער דעם זעלביקן טיטל אַריין מיט נאָך דריי פּאָעמעס אין בוך די פֿיר זייטן פֿון מיין וועלט, ווילנע 1928.

זײַנען צוויי מענטשלעכע הענט;
און אַז מען האַקט אָזאַ האַנט אַראָפּ,
וואַקסט זי שוין קיין מאָל נישט מער צוריק;
און אַז מען הייבט־אויף אַזאַ פּניאַק פֿון אַ האַנט,
גיט זיך אַ טרייסל מאַכטלאָז דאָס קלייד
מיט דעם ליידיקן חלל,
וואָס איז אַ געשטאָרבענע האַנט.
און מיט מײַנע הענט, וואָס זײַנען נאָך גאַנץ
און זײַנען נאָך הײַנט,
וועל איך שרײַבן הײַנט נאַכט, אַ גאַנצע נאַכט,
דאָס געזאַנג צו דעם מענטשלעכן קערפּער,
כּל־זמן די אויגן פֿירן די הענט.

*

ווײַל עס זײַנען פֿאַראַנען הענט, וואָס פֿוילן אין דער ערד,
אַראָפּגעבראָכענע פֿון שווערדן אָדער פֿון מאַשינען,
און דאָס איב׳ריקע לײַב וואַנדערט מיט אָפֿענע אויגן
אויף דער גאָרער וועלט און קוקט־אַרויס פֿול תּאווה,
ווי דער פֿאַרברעכער פֿון דעם תּפֿיסה־פֿענצטער
צו די מענטשן, וואָס גייען ווײַטער ווי די ד׳ אמות פֿון זײַנע פֿיר ווענט,
און קיינער שטעלט זיי נישט אָפּ.
און הענט פֿון מאַמעס זײַנען דאָ,
וואָס זײַנען דין און דאַר און געל,
און האַלטן אייביק קינדער שרײַענדיקע אויף זיך,
ווי די באַנטעס פֿון אַ הינערשטײַג,
און הענט געליימטע מיט פֿינף צעשראָקענע אײַנגעקאָרטשעטע פֿינגער,
וואָס זיצן ווי אָבֿלים בײַנאַנד
און ווילן פֿאַרגעסן דאָס בל׳יענדיקע לעבן, וואָס איז ערשט אָדאָ געווען.
און הענט פֿון ברוינע, פֿאַרמעטנע בעטלערס אַרום די מויערן
פֿון אַלטע קלויסטערס אין פֿאַרגעסענע שטעט,

וואָס נאָר די מאַמע־זון שיט רײַך דאָס גאָלד פֿון ליכט אין זיי,
ווײַל אויך זיי זײַנען אירע געליבטע, געצערטלטע קינדער,
דער ווינט פּאַטשט אין אָסיען־רעגן אויף זייערע פֿלאַכן,
און גייען־אויס מיט ציטערדיקן הונגער נאָך אַ ביסן שוואַרצן ברויט.
און הענט באַוואַקסענע מיט האָר,

וואָס בויען די שטיינערנע הײַזער און פּאַכען מיט דעם רודער
פֿון די שיפֿן, וואָס ברענגען פֿרוכטן צו די האַפֿנס
פֿון די גרויסע שטעט.

און הענט פֿון יונגע פֿרויען, האָראָפּאַשנע אַרבעטאָרינס, וואָס
שטרעקן־אויס זיך אומפֿאַרשעמטע און געזונטע, ווי
די חיות, נאָך דעם מענערישן זאָמען און פֿירן אים צו
זיך אין לײַב, וואָס

זאַפּט אים אײַן, ווי ערד דעם רעגן, צו ווערן ענדלעך אויפֿגעשוואָלן
פֿון דער פֿרוכטבאַרקייט.

און הענט פֿון אַלטיטשקע באָבעס, וואָס גאַרן נאָך אַ ביסל וואַרעמקייט,
צו גלעטן, און שרעקן־אָן די קליינע קינדער מיט זייער
ביינערדיקן טעם, בלײַבן הענגען אין דער לופֿט און שטאַרבן.

און דער זין פֿון מײַנע פּעטע הענט איז מיר נישט פֿאַרשטענדלעך:
נישט קיין בייז און נישט קיין גוטס האָבן זיי דער וועלט געבראַנגט,
אָבער די וועלט ברענגט זיך אַליין צו זיי

און גיט זיך אַוועק צו זיי,
און אָפּט פּילט־אָן זיי ביז איבער ברעג דער זיסער טעם פֿון
צאַרטער פֿרויענברוסט.

אָ, ווען מען וואָלט זיי אָפּגעהאַקט, מײַנע הענט,
און ווען די ווערעם וואָלטן זיי געשיילט אונטער דער ערד,
וואָלט דאָך די וועלט איין רגע נישט געקלערט פֿון זיי,
אַחוץ מײַן ווײַב און מײַנע קינדער, וואָס וואָלטן דאַן געוואָרן
יונגע בעטלערס אויף די גאַסן פֿון די גרויסע שטעט,
אָ, ווי שפּאַרן זיך די געזונטע פֿויסטן מײַנע אויף דער גראָבער

ייִדענע, וואָס גייט־פֿאַרבײַ בײַ די בעטלדיקע הענטלעך
פֿון מײַנע קליינע קינדער
און קיינער וואָלט נישט מער געדענקט אין מײַנע הענט.
אָבער נאָך די וואָרעם־זאַטע מילכברוסטן פֿון דער דאָרפֿישער אַם
וואָלט דאָס קליינע, קוויטשענדיקע פּיסקל פֿונעם נגידל, וואָס וועט
אַ מאָל דער אַלטער פֿרוי אין דאָרף באַפֿעלן: אַרבעט
אויף דײַן ברויט!
פֿאַרוויאַנעט ווי אַ בלימעלע אַן אָפּגעריסנס,
ווי אַ מאַכיק, געלינק פֿייגעלע פֿון אַ נעסט אַן אָפּגעריסענער.
און וווּנדערלעך זײַנען די ברוסטן פֿון די לונגען־לײַדנדיקע פֿרויען,
און הענגען בײַ דער גסיסה (אַלע מענטשן ליגן אויף דעם רוקן,
ווען זיי שטאַרבן)
אַראָפּ פֿון זייער שטאַם,
איינע רעכטס און איינע לינקס,
ווערן אויסגעקילט און קיין מאָל נישט געקושטערהייט באַגראָבן,
און צוגעקוועטשט מיט ערד צום שטאַם אונטער דעם שניי
פֿון די תּכריכים.
און בריסטן זײַנען דאָ, וואָס הייבן קוים די גלײַכע ליניע פֿונעם לײַב,
ווי די פֿלאַנצן מיט די קעפּ געבויגענע נאָך אונטער ערד,
וואַרטן אויף דעם ערשטן רעגן און גיבן זיך אַ הייב און אַ בלי־אויף.
און ברוסטן זײַנען דאָ מיט רויזן צאַרטע, ווי די פּאָנקעס,
אַ מאָל רויזנפֿאַרביק און רויט אין מיטן, ווי אַ טראָפּן
פֿריש־געקוואָלן בלוט.
און אַ מאָל ברוין און גרויס, ווי גרויסע קופּערנע מטבעות,
און שוואַרץ אין מיטן ווי אַ טראָפּן קאַרשנבלוט.
נישט נאָר די רויז, נאָר אויך דער קרעבס וואַקסט אויף דער ברוסט.
דאַן זײַנען זיי פֿונאַנדערגעבליט, ווי אַן איבער־רײַפֿע פֿרוכט און
קרענקלעך רויט פֿון צעזעצנדיקער היץ
און צופֿאַלנדיקן בלוט, און זײַנען אָנגעשוואָלן און שטאַרן ווי דער באַרג,
אויף וועלכן דער ביינערדיקער מלאך דאַרף באַלד

אײַנפֿלאַנצן דעם צלם פֿון טויט פֿון יענעם גאַנצן לײַב.
און בריסט, וואָס זײַנען מאַמעס, און פֿאַרקויפֿן זיך פֿאַר געלט און
זײַדנהיט צו צינישע צײַטונג־זשורנאַליסטן מיט גלאַטיק
פּאָמאַדירטע, שיטערע קעפּ האָר, צו פּערוווערזע מעשׂים, און
פּראָפּאַנירן די הייליקייט פֿון דער פּערווערזיטעט,
ווי דער יונגער מעדיצינער, וואָס באַטאַפּט דעם שוואַנגערדיקן בויך
פֿון אָרעמע פֿרויען אין די אומזיסטיקע קליניקס, צוליב
וויסנשאַפֿט און שטודיום.
ווײַל דער בויך איז הייליק!
אַפֿילו דאָס קליינע געשוואָלענע בײַכעלע פֿון דעם קינד מיט דער
ענגלישער קרענק
דאַוונט צו גאָט יעדן מאָרגן מיט אַזאַ מין קראַפֿט נאָך דער געזונטקייט,
ווען עס קען נישט פֿאַרדײַען דאָס גלאָז מילך, וואָס די מאַמע גיסט
אים זאָרגפֿול אין דינליפּיקן מײַלעכל אַרײַן,
און דער עלאַסטישער, מוסקוליאַרנער בויך פֿון די
פּראָפֿעסיאָנעלע אַטלעטן,
וואָס פֿאַרקויפֿן די פּראַכט פֿון זײַנע רינגען און טרעפּ פֿאַר געלט
צו די אויגן פֿון פֿרויען פֿון אימפּאָטענטע מענער.
און דער ווייכער, רונדער בויך, פֿון דער יונגער פֿרוי,
וואָס פֿון דעם מיטן־צייכן זײַנעם אָן, בײַ וועלכן מען האָט אים
אָפּגעשניטן פֿאַר צוואַנציק יאָרן פֿון איר אייגענער
מאַמעס בויך, שורהט זיך
געשלעכט צו געשלעכט.
דור צו דור איז דאָך אין אַ גלײַכער שורה פֿאַרבונדן, נישט מיט דעם
קאָפּ און נישט מיט אַן אַנדער גליד, נאָר מיט דעם בויך.
און פֿון דעם סימן אָן, דעם יחוס־זיגל פֿון דער מענטשהייט,
ביז צו דער ווילדער, ברוינער טיגער־מוטער
חוה, מיט אירע צו יעדן נײַעם פֿרילינג לײַדנשאַפֿטלעך־באַוועגטע
נאָזלעכער, בײַ וועלכע מען שנײַדט־אָפּ דעם נײַעם דור
פֿון דעם אַלטן דור, ציט זיך דאָס שאָטנדיקע דרײַעק,

ווי געשלעכט אין געשלעכט גייט ווידער איבן און געבויערט
די וועלט.

דעריבער פיל איך לייכטן אין די נעכט פון מיינע פרילינגען,
גליִענדיק לייכטן, ווי אַ שטערן־יוווּעל איבער דעם קאָפּ פון דעם
געניוס־אַנדרוגינות פון דער מענטשהייט, וואָס איז
אפשר גאָט, דעם טויער פון דער פרוי;
דעריבער פילט אים אויך די פרוי גליִענדיק לייכטן ווי אַ מיסטישן
יוווּעל אין די נעכט פון איר פרילינג,
דעם מאַן,
וואָס גייט גלייך און שטאָלץ און אָנגעשטרענגט און קלערנדיק נאָר
איין מחשבה, אַריין אין איר טויער,
וואָס לאָקט אים מיט געזונטן ריח, צו וועלכן ער שטרעקט זיך
מיט אומבאַצווינגבאַרער חלשות, ווי דער הונגעריקער
צו דעם ריח פון פרישן ברויט, וואָס עטעמט נאָך מיט היץ —
דעריבער איז ער מקריבֿ אין דעם טויער די ערשטע און די לעצטע
מטבע פון זיין עשירות און פון זיין אָרעמקייט, פון זיין מענלעכקייט.
אָבער ווייַ איז צו דער קראַנקער פרוי, וואָס ליגט געבראָכן,
ווי אַ דאַרער, פון בליץ געקעפּטער שטאַם
אויף דער ערד, און די לעצטע קינדער וואַקסן נאָר אויף איר,
ווי די צווייַגן אויף יענעם שטאַם, וואָס האָט אָבער
נאָך נישט פאַרלוירן איר פרוכפּערדיקייט!
און ווייַ איז צו דעם מאַן, וואָס אָנאַנירט אויף אַזאַ געבראָכענעם שטאַם,
וואָס גאַרט צו שלאָף און קריגט דעם בייַשלאָף אין לייב
אַריינגעשטויסן!

ווייַל דאָס לעבן זע איך נאַקעט,
דעריבער נעם איך מיך אָן פאַר די ליידן פון די שווייַגנדיקע פרויען.
דעריבער רייד איך נאַקעט וועגן דעם ווייַ,
וואָס זיי פאַרדעקן און באַהאַלטן.
ווייס, אַז יעדע פרוי, וואָס גייט מיר אַקעגן אין גאַס, זע איך נאַקעט.
מיט דער קראַפּט פון דעם מענלעכן אויג רייַס איך אויף דאָס קלייד,

וואָס איז אַ פֿאַרשעמטער, אָבער אַ פֿרעכער ליגן, ביז הויך
איבער די קני,
און באַוווּנדער די פּראַכט פֿון אירע פֿיס,
אויך ווען איר פּנים איז אַלט און אָרעם.
דער כּוח פֿון דער גאַנצער סעקסואַליטעט אין דער וועלט
איז אין די פֿרויִשע פֿיס,
ווען דער מינדסטער פֿינגער פֿעלט פֿון דער גאַנצקייט
פֿון דעם פֿרויִשן פֿוס,
איז איר מאַן לײַדנשאַפֿטלאָז און קאַלט —
און אַזאַ דור, וואָס קומט־אַרויס דערפֿון, וואַקסט קאַלט, ווי דאָס
ווײַסע גראָז, וואָס וואַקסט אין קעלער אָן אַ זון —
מיט דעם צאַרטן בייג־אַרויף פֿון דעם פֿרויִשן פֿוס הייבט זיך
העכער די מענטשהייט פֿון געשלעכט צו געשלעכט —
און מיט דעם בייג פֿון אירע קני האַלט זי דעם מאַן, ווען זי ליגט
און וואָלט געווען מאַכטלאָז.
דערפֿאַר שוועלט־אויף דער שטראָם פֿון טרויער אין מײַן ברוסט
מיט יעדן פֿרויענפֿוס,
וואָס איז געשוואָלן פֿון דער צוקערקרענק —
און אַז איך זע אַזאַ אַלטע פֿרוי קריכן קוים איבער דער וועלט,
לויף איך אין גאַס און זוך אַ יונגע מויד, וואָס טרעט נאָך זיכער
און שטאָלץ,
צו באַרויִקן מיך, אַז די וועלט גייט נאָך נישט אונטער.
און ווײַל עס האָט געקאָנט געשען אַזוי, אַז מײַנע אויגן
זאָלן זײַן פֿאַרגאָסן, רויט און צוגעקלעפּט,
אַ יעדן אינדערפֿרי, אָדער מיט אַ בלוינער הויט באַצויגן און
געשטאָרבן אין מיטן לעבעדיקן פּנים, פֿאַרגעסן ווי אַ מת,
וואָס ליגט צו לאַנג אין מיטן פֿון דער לעבעדיקער גאַס,
עפֿן איך זיי ברייטער, ווען איך קוק מיר אָן מײַן וועלט
אַיעדן אינדערפֿרי.
ווײַל וואָס איז דען נישט מײַן אַיעדער אינדערפֿרי?

די זון קוק איך מיר לענגער אָן, ווי איעדער אַנדערער, וואָס
גייט־אַרויס אין גאַס מיט מיר איעדן אינדערפֿרי,
און דעם בלויען הימל מעסט איך אויס געטויער, ווי איעדער
אַנדערער איעדן אינדערפֿרי,
די פֿאַרבן פֿון דער גאַס
מיש איך אויס אין אויג און טרינק זיי מיט אַ הויכער ברכה.
מיט די אויגן פֿון די פֿאַרבײַגייערס פֿאַרברידערט זיך מײַן האַרץ.
שיקט אַ גרוס צום בעטלער, אַזש ער ווערט האַפֿערדיק,
אַפֿילו דעם אַלטן מידל שענק איך אויך מײַן בליק:
נאַ!
און זי באַהאַלט אים אין שקעטעלע פֿון אירע זעלטענע זכרונות.
דאָס יונגע מיידל צווינג איך צו דערזען מיך און צו קלערן
פֿון מיר נאָך גאַנצע צוואַנציק שריט צײַט.
דער באַוווסטער מענטש גייט אין גאַס רויק
און דער בליק לויפֿט פֿאַרויס און טרומייטערט זײַנע סודות אויס,
און דעם פֿאַרשטעלטן מענטשנס בליק איז אויף אים אַנגעהאַנגען,
ווי דער טאַוול אויף דעם בלינדן בעטלער:
איך בין דער און דער!
כאָטש ער אַליין זעט אים קיין מאָל נישט.
און נישט אין צאַרטן מיידלקאָפּ האָט אַ בליק געראַטעוועט
פֿון שקלאַפֿערײַ און אונטערגאַנג,
ווען פֿון דעם מויל פֿון איר חתן איז געראָנען האָניק,
אָבער פֿון זײַן בליק האָט גערונען ווילדע תּאווה, ווי די סלינע
פֿון אַ הונט,
און געוואָרנט איר אינסטינקט פֿון פֿרויִישער צאַרטקייט.
דאָך טייל מאָל ווערן פֿײַכט און גלאַנציק די אויגן פֿון דער יונגער פּאָר
און קוקן ווי די קינדער־אויגן, וואָס וואַרטן
אונטער די טויערן פֿון זייער נאָך פֿאַרשלאָסן לײַב.
פֿיר זיי צו אַ חופּה־בעט!
בוי פֿאַר זיי אַ היים!

ווײַל זיי זײַנען הייליק און זײַנען די האָפֿענונג פֿון דעם גאַנצן לעבן,
ווי אַ יעדער פּאָר פֿון נחס שווימענדיקער נײַער וועלט.
זאָל מויל צו מויל זאָגן דאָס דערלייזנדיקע וואָרט:
דו!
און ווערן איינס.
די פֿרייד, נאָר די פֿרייד, זוכט זי צו אַנטפּלעקן אין די אויגן.
דער ווי זוכט זײַן וועג צום מויל,
לייגט זיך אַרום אים, ווי אַ שלאַנג, און פּרעסט עס צו,
און דאַן קומט אָפּגעהאַקט דער רוף, וואָס רײַסט זיך
פֿון דעם גאַנצן קערפּער
און רופֿט זיך מיט דעם אויסגעהוילטן נאָמען: קרעכץ.
אָדער ציט זיך דין און לאַנג, ווי דער אינדערפֿרי, ווי דער רוף
פֿון די פֿאַבריקן, וואָס שלעפּט די מידע,
מענטשלעכע גלידער, ווי מיט שטריק פֿון די בעטן אַרויס,
אַזוי שלעפּט ער דײַן אײַנגעשלאָפֿן געוויסן פֿון זײַן געלעגער אַראָפּ,
און אין די ווינקלען פֿון דעם מויל וועסטו דערקענען די טיפֿע זאָרג
פֿון דער פֿרוי, וואָס איז פֿאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפֿט
און איז אָן אַ נעסט,
און צען יאָר נאָך דעם טויט פֿון אַ קינד וועסטו עס נאָך טויט געפֿינען
ליגן בײַ זײַן מוטערס מויל,
בײַ די טויטע ווערט דער בליק, דער טויער פֿון זייער פֿרייד,
אין גאַנצן פֿאַרגליווערט, ווי אַ טויט שטיק גלאָז,
אָבער אויף די ליפּן ווערט פֿאַרגליווערט דער שמייכל, מיט וועלכן
יעדער שטאַרבנדיקער שמייכלט פֿול איראָניע צו דעם
גרויסן גאָט אין הימל.
דעריבער האָבן מערדער, וואָס זײַנען אָן אַ האַרץ,
אַ מויל וואָס איז געשניטן ווי פֿון צוויי שטיקלעך האָלץ, ווײַל זיי פֿילן
קיין מאָל נישט קיין ווי, נאָך זייער מויל וועסטו זיי פֿון
דער ווײַט דערקענען.

*

און איצט איז פֿרי,
העל ווערט אין דער נאַכט.
איעדער טאָג איז נאָר אַ ווײַסע פּאַסמע אין דער אייביקער נאַכט,
וואָס ליגט אויף דער וועלט, און ליגט אויף דעם מענטש,
וואָס קריכט דורך דער נאַכט פֿון אייביק זוכן גאָט.
איצט, הערשער אימפּעראַטאָר,
קאַלטער מוח,
בין איך בײַ דיר.
העל ליגן פֿאַר דיר אויף ווײַסע פּאַפּיר,
געשריבן מיט דער שאַרפֿער פֿעדער פֿון פּאָעטיק,
געטונקען אין טינט פֿון מײַן אייביקער נאַכט,
דער מאַניפֿעסט
פֿון די 247 זבונטעוועטע פֿרײַע אַנאַרכישע רעפּובליקן,
דער איבער־פֿאַנטעזיסטישער מאַניפֿעסט
פֿון דער לעצטער פֿאָרעם פֿון אַנאַרכיע,
און פֿאָדערט אָנערקענונג און פֿרײַע באַשטימונג פֿאַר איעדער פֿון זיי,
ווײַל אַלע זײַנען זיי באַזונדער אַ וועלט פֿאַר זיך,
אַזוי גרויס און אַזוי געוואַלטיק
אומפֿאַרשטאַנען,
און אין יעדער איז אַזאַ געזעץ פֿאַראַנען,
וואָס בויט די וועלט פֿאָרויס,
און אָן איעדער איינער וואָלט זי זיך צעפֿאַלן,
ווי אָן דיר,
אימפּעראַטאָר
אין דער שטערן־רעזידענץ!
איך וואָרף דיך פֿון דעם טראָן,
און גיב דיר צו גלײַך פֿײַערלעך איבער
די אינסיגניען פֿון די גלײַכע רעכט
מיט די 248 פֿאַראייניקטע רעפּובליקן,
צו וועלכע איך צייל פֿון הײַנט אָן

אויכעט דיך!
און פראָקלאַמיר
די גלײַכבאַרעכטיקטע אַנאַרכיע
פֿון די 248,
פֿון רוח צעטיילטע
און אין גאָט פֿאַראייניקטע
רעפּובליקן!
און רוף זיי מיט דעם ווילדן נאָמען —
מענטש.
איך,
דו!
איצט קענען מיר ערשט גיין און זוכן איבער דער וועלט
גאָט.

ווארשע 1922

משה בראָדערזאָן

## אין אַ האַרבסטיקער נאַכט

מיר האָט זיך אויסגעדאַכט:
עס האָט די האַרבסטיקע, די מרה־שחורהדיקע נאַכט
אין אירע דאַרע, קאַלטע פֿויסטן הויך געלאַכט,
ווען זען האָט זי געזען אַרומלויפֿן — אַ ווילד געיעגערײַ —
אַ מענטשן און אַ הונט מיט שאַרף אַרויסגעשטעקטע צינגער...
(צו ערשט האָט אויך די נאַכט געבראָכן אירע אָפּגעוועלקטע פֿינגער,
דערנאָך האָט זי געטאָן אויף אַל׳ אַ ביטול־שפּײַ).

די נאַכט געווען איז ווי פֿאַרטויבט!

און כ׳האָב זיך און די אויגן מײַנע נישט געגלויבט —
דער מענטש האָט נאָכגעיאָגט דעם דאַרן הונט...

און מיט אַ שׂכלדיקן יושר, מיט אַ גרונט —
„נישט פֿריש און נישט געזונט און נישט משוגע״
עס האָבן נאָכגעפֿאָרשט די אויגן זײַנע, וואַכעדיקע, קלוגע.
דער מענטש האָט זיך אין הונט מתקנא אין דער נאַכט געווען,
און אימהדיק געוואָיעט אויף זײַן הינטיש וועזן...

עס האָט דער מענטש אים נאָכגעיאָגט —
און זאָגן האָט ער זיך געזאָגט,
פֿאַרלאָקט פֿון אַ געדאַנק אַ דולן:
— כ׳מוז זײַן און טאָן ווי ער!...

און שווער און אומגעלומפּערט האָט ער נאָכגעבולן —
אויף אַלע פֿיר געהיפּערט שווער:
בײַם גאָרגל אים, דעם הונט, בײַם גאָרגל בײַסן!
צעפּיצלט אים, אויף שטיקער אים צערײַסן —
אין האַרבסטיק מרה־שחורהדיקן גליוּוער פֿון דער נאַכט!...

צי (ווייסט איין גאָט) עס האָט זיך מיר בלויז אויסגעדאַכט!

לאָדזש 1920

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

## פֿון פֿינצטער

פֿון פֿינצטער, פֿון באַהעלטעניש
בין איך אַרויס —
און ברייט דער טראָט
פֿון קליינעם פֿוס,
און שטאַרק דער קלאַפּ
פֿון שמאָלן פֿויסט.

פֿון פֿינצטער, פֿון באַהעלטעניש
בין איך אַרויס —
און טרעט
מיט ברייטע טריט אין קאָפּ פֿון דור,
און כ'וואַש די הענט
און כ'וואַש
און הייב דאָס ערשטע מאָל
די אויגן צו דער זון,
און כ'צינד די ליכט
צום וועלטן־יום־טובֿ —
די ליכט וואָס דורות־לאַנג
האָב איך געצונדן פֿרום.
און כ'שפּאַן טריט פֿון שײַן,
און פֿאַרב אין יום־טובֿדיקע פֿאַרבן
די נצחון־פֿעדעם,
וואָס איך וועב־אויס
און וועב־אַרײַן...

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿון „אינזיך“

יעקב גלאַטשטיין — א. לעיעלעס — נ. מינקאָוו

## אינטראָספעקטיוויזם — אין זיך

### מאַניפֿעסט צו „אַ זאַמלונג אינטראָספעקטיווע לידער“

אַרויסקומענדיק מיט אָט דער זאַמלונג, האָבן מיר בדעה צו אַנטוויקלען אַ באַשטימטע ריכטונג אין דער ייִדישער פּאָעזיע, אַ ריכטונג וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן צו באַווײַזן אין די אַרבעטן פֿון אַ געוויסער גרופּע ייִדישע דיכטערס און וועלכע מיר ווען פֿון איצט אָן באַצייכענען מיט אַ באַזונדערן נאָמען. מיר רופֿן זי אינטראָספּעקטיווע דיכטונג, ווײַל אָט דער נאָמען איז אינקלוזיוו גענוג פֿאַר אַ גאַנצער ריי אינדיווידועלע שאַטירונגען און ניואַנסן.

מיר ווייסן גוט, אַז אינטראָספעקטיווע לידער שטעלן מיט זיך ניט פֿאָר קיין שום נײַס אַן און פֿאַר זיך. אַלע פּאָעטן פֿון אַלע צײַטן האָבן בײַ באַשטימטע געלעגנהייטן געשריבן אינטראָספעקטיוו, דאָס הייסט, אַרײַנקוקנדיק אין זיך, און פֿון דאָרט, פֿון דער אייגענער נשמה און פֿון דער וועלט, ווי זי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט איז דעם דיכטערס זעל, געזונגען און געדיכטעט. אויך אין דער נײַער ייִדישער פּאָעזיע זײַנען פֿאַראַן גענוג אינטראָספעקטיווע לידער, כאָטש די דיכטערס האָבן זיך מיט אָט דעם נאָמען און מיט אָט דער באַצייכענונג ניט באַנוצט. דער אונטערשייד אָבער צווישן אונדז און די אַנדערע פּאָעטן, סײַ ייִדישע און סײַ ניט־ייִדישע, סײַ מאָדערנע, סײַ אַלטע, באַשטייט אין דעם, וואָס מיר ווילן ספּעציעל זיך אָפּגעבן דער אַנטוויקלונג, דער פֿאַרטיפֿונג און דער אויסברייטערונג פֿון דעם אינטראָספעקטיוון מעטאָד.

...מיר, די אינטראָספעקטיוויסטן, ווילן אין דער ערשטער ריי געבן דאָס לעבן, דאָס אמתע, אויפֿריכטיקע און גענויע — אויף אַזוי פֿיל ווי עס שפּיגלט זיך אָפּ אין אונדז גופֿא, אויף אַזוי פֿיל ווי עס טרעט־אַרײַן אין אַ באַהעפֿטונג מיט אונדז. די מענטשלעכע פּסיכיק

איז אַ מוראדיקער לאַבירינט. אין אָט דעם לאַבירינט וווינען טויזנטער וועזנס. די אײַנוווינערס זײַנען די פֿאַרשיידענע פֿאָרמען פֿון דעם אינדיווידס קעגנוואַרטיקן איך פֿון איין זײַט און רעשטלעך פֿון דעם אינדיווידס הערעדיטערן איך — פֿון דער אַנדערער זײַט. אויב מען זאָל גלייבן, אַז יעדער אינדיוויד האָט שוין אין אַזאַ אָדער אין אַן אַנדער פֿאָרעם געלעבט ווען און ערגעץ ווו — און אָט דער גלייבן ווערט אָפֿט זייער אַקטועל עמפֿונדן פֿון יעדן איינעם — ווערט די צאָל פֿון די אײַנוווינערס אין דעם לאַבירינט פֿון דער מענטשלעכער זעל נאָך גרעסער. דאָס איז דאָס אמתע לעבן פֿון דעם מענטש און אָט דאָס לעבן, וואָס ווערט אין דער איצטיקער צײַט פֿון גרויסשטאָט און וואַריעטעס אויף אַלע געביטן טויזנטפֿאַכיק נאָך מער קאָמפּליצירט און פֿאַרפּלאָנטערט, האַלטן מיר, די אינטראָספּעקטיוויסטן, פֿאַר נייטיק איבערצוגעבן און אויסצודריקן. אין וועלכער פֿאָרעם און געשטאַלט קומט די קאָמפּליצירטקייט פֿון שטימונגען, וועגן וועלכער עס איז נאָר וואָס גערעדט געוואָרן? אין דער געשטאַלט פֿון אַסאָציאַציע און סוגעסטיע, און אָט די ביידע עלעמענטן האַלטן מיר פֿאַר די צוויי וויכטיקסטע מעטאָדן פֿון דיכטערישער עקספּרעסיע.

דאָ בעט זיך ווידער אַ באַמערקונג. מיר ווייסן גוט, אַז פּאָעטן פֿון אַלע צײַטן האָבן זיך באַנוצט מיט סוגעסטיעס און אַסאָציאַציעס. דער פּרעראַפֿאַעליט ראָסעטי און דער שפּעטערדיקער סווינבורן האָבן אין זייער אַרבעט באַדינט זיך זייער אָפֿט מיט אָט די עלעמענטן... אין פֿלוג גענומען איז דאָס אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכע זאַך און אַ מין פּרערעקוויזיט פֿון יעדער פּאָעזיע. אַזוי דאַרף עס טאַקע זײַן; אָבער עס איז ניט. אין די מערסטע לידער, ניט בלויז אין די ייִדישע, פֿעלט באמת די פֿולע אינדיווידואַליטעט פֿון דעם דיכטער און ממילא אויך פֿון דעם געדיכט. אין די מערסטע לידער פֿאַרטיפֿט זיך גאָר ניט דער פּאָעט גענוג צו זען דאָס, וואָס דערשײַנט אין זײַן אייגענער זעל. אין דעם איז אפֿשר שולדיק די שפּראַך, וועלכע ווירקט בכלל אין אונדזער לעבן ווי אַ פֿאַרפֿירנדיקע און אָפּנאַרנדיקע קאַטעגאָריע. ווי די מעשׂה זאָל אָבער ניט זײַן, אַז אין דעם גאָר גרעסטן טייל פֿון דער גאַנצער פּאָעזיע איז דער דיכטער ניט אינדיווידועל גענוג. ער באַניצט זיך צו פֿיל מיט פֿאַרטיקע, פֿאַר אים פֿון פֿריִער צוגעגרייטע בילדער און מאַטעריאַלן. ווען דער דיכטער אָדער אַפֿילו אַזוי אַ מענטש קוקט אויף אַ זונפֿאַרגאַנג, קאָן ער זען די מאָדנעסטע זאַכן, וועלכע האָבן אפֿשר לחלוטין — אוי־

בנאויף געגומען — קיין שײַכות ניט מיטן זונפֿאַרגאַנג. דאָס בילד, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין זײַן זעל, איז גאָר אַ ריי ווײַטלויפֿנדיקע אַסאָציאַציעס פֿון דעם, וואָס זײַן אויג זעט, אַ קייט סוגעסטיעס, וואָס דער זונפֿאַרגאַנג רופֿט־אַרויס. און בעת דאָס, אָט די ריי אַסאָציאַציעס און אָט די קייט סוגעסטיעס זײַנען דער אמת, זײַנען דאָס לעבן,, ווי די אילוזיע איז אָפּט מאָל דאָס אמתע לעבן.

...אָבער די אינדיווידואַליטעט פֿון דעם ליד האָט אויך אַ סך צו טאָן מיט דעם, וואָס איז אין אַלגעמיין באַקאַנט אַלס פֿאָרעם.

באמת איז פֿאָרעם און אינהאַלט איינס און דאָס זעלביקע. אַ ליד, וואָס מען קאָן איבערזינגען אין אַן אַנדער פֿאָרעם, איז קיין ליד ניט, קיין פּאָעזיע. איינס איז ניט אָפּצוטיילן פֿונעם אַנדערן. צו ריידן וועגן פֿאָרעם באַזונדער און וועגן אינהאַלט באַזונדער, הייסט אײַגנטלעך אַרונטערצופֿאַלן אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון אַ לינגוויס־טישן טעות... דער אַלגעמיין באַקאַנטער עלעמענט פֿון פֿאָרעם איז דער ריטעם. יעדעס ליד מוז זײַן ריטמיש. ריטעם איז דער סוד פֿון גאַנצן לעבן און די קונסט, וואָס איז ניט מער ווי אַן אויסדרוק פֿון לעבן, מוז זעלבפֿאַרשטענדלעך אויך זײַן ריטמיש. אָבער וואָס פֿאַר אַ ריטעם זאָל אַ ליד האָבן? ...מיר קאָנען ניט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי בײַ אַן אמתן דיכטער זאָל עס מעגלעך זײַן, אַז אַ ליד, וואָס ער שרײַבט וועגן אַ סאָבווײ, און אַ צווייטס וועגן דעם זאַמד בײַם ים זומער און אַ דריטס וועגן זײַן ליבע צו אַ מיידל, זאָלן אַלע האָבן דעם זעלביקן ריטעם, דעם זעלביקן „טאַקט“. צוויי פֿון אַזוינע דרײַ לידער זײַנען זיכער פֿאַלש. נאָר זיכערער זײַנען אַלע דרײַ פֿאַלש, ווײַל אויב דער פּאָעט קאָן דרײַ לידער שרײַבן מיט דעם זעלביקן ריטעם, באַווײַזט דאָס גופֿא, אַז ער הערט זיך ניט צו צו דער מוזיק פֿון זײַן אייגענער זעל, אַז ער זעט גאָר ניט און הערט גאָר ניט מיט זײַנע אייגענע אויגן און אויערן.

...דאָ קומען מיר צו דער פֿראַגע, וואָס האָט צערודערט אַ סך געמיטער צווישן די פּאָעטן פֿון אַלע שפּראַכן און אויך ניט ווייניק צווישן די ייִדישע פּאָעטן, צו דער פֿראַגע פֿון פֿרײַען פֿערז. דער פֿרײַער פֿערז איז ניט קיין מוז פֿאַר אינטראָספּעקטיווע לידער. עס זײַנען מעגלעך אינטראָספּעקטיווע לידער אין רעגלמעסיקן ריטעם. אמת, אָט דער רעגלמעסיקער ריטעם ווערט דאַן אָפּט ווירקן אַלס אַ שטער, אַלס אַ צוואַנגיאַקע, אָבער דער פֿרײַער פֿערז אַן און פֿאַר זיך איז נאָך גאָרנישט... צוליב דעם אַליין איז עס שוין דער גרעסטער טעות, אויב ניט צו זאָגן עם־הארצות, צו באַהויפּטן, ווי מאַנכע

טוען עס, אַז צו שרײַבן פֿרײַע פֿערזן איז לײַכטער ווי צו שרײַבן „געבונדענע" פֿערזן. אויב אַ פֿאַרגלײַך האָט דאָ בכלל אַ ווערט, איז ריכטיק גראָד דאָס פֿאַרקערטע... בלויז פֿאַר דעם אמתן פּאָעט איז דער פֿרײַער פֿערז אַ נײַ מעכטיק מיטל פֿאַר עקספּרעסיע, אַ נײַע, ברייטע וועלט פֿול מיט נאָך ניט־אַנטפּלעקטע לענדער. פֿאַר דעם ניט־פּאָעט אָבער איז דער פֿרײַער פֿערז בלויז אַ פּאַסטקע, אין וועל־כער ער פֿאַלט־אַרײַן בײַ דעם ערשטן אָדער צווייטן פֿערז... צוליב דעם זעלבן גרונט זײַנען מיר אויך ניט קעגן דעם גראַם. דער גראַם האָט זיך זײַן חן און זײַן ווערט. עס קאָן אַנדערש ניט זײַן. אויב דער גײַסט פֿון שאַפֿנדיקע פּאָעטן האָט אַזוי פֿיל טויזנטער יאָרן אים באַנוצט אַלס איינס פֿון די פּאָעטישע מיטלען — איז אין דעם גופֿא פֿאַראַן דער באַווײַז פֿון זײַן ווערט. מיר זאָגן בלויז, אַז דער גראַם איז ניט קיין מוז. אָפֿט מאָל ווירקט ער ווי אַ צוואַנג און נאָך עפּטער ווי אַ פֿאַרפֿירעריש בלאָנדזשענדיק פֿײַערל. אין אַזוינע פֿאַלן איז ער שעדלעך און עס איז דאַן בעסער ווען מען מײַדט אים אויס... די מעלאָדישקייט פֿון אַ ליד — אַן אָן צווייפֿל נייטיקע זאַך — הענגט ניט אָפּ פֿון דעם גראַם. דער גראַם איז בלויז איין עלע־מענט פֿון דער מעלאָדישקייט — און דער קנאַפּסטער. די מעלאָ־דישקייט פֿון אַ ליד דאַרף אויך זײַן אַ רייך־אינדיווידועלע. און זי קאָן דערגרייכט ווערן אָן גראַמען, וועלכע מוזן נויטווענדיקערווײַז פֿירן צו אַ סטערעאָטיפּישקייט — זײַנען דאָך די גראַמען נאָך אַלע־מען באַגרענעצט אין קוואַנטיטעט און אין קוואַליטעט. די קאָמבי־נאַציע פֿון קלאַנגען, די אינדיווידועלע קלאַנגען־קאָמבינאַציע איז ווירקלעך נייטיק און גראָד צוליב אונדזער אינטראָספּעקטיוויטעט האַלטן מיר זי פֿאַר אומגעווייגלעך וויכטיק. ניט נאָר פֿאַרניינען מיר ניט אָט דעם עלעמענט פֿון פּאָעזיע, נאָר מיר זוכן אים צו געבן אַ נײַעם שווונג — דווקא מיט דער הילף פֿון און דורך דער אינדי־ווידואַליטעט פֿון דעם ליד. דער מוזיקאַלישער און קלאַנגען־עלע־מענט פֿון דער ייִדישער שפּראַך איז בכלל פֿאַרנאַכלעסיקט געוואָרן פֿון די מערסטע פּאָעטן אונדזערע. די אַנוועזנהייט פֿון אַזוינע עלע־מענטן ווי אַליטעראַציע אַלס פּאָעטיש מיטל איז כמעט ווי ניט געאָנט געוואָרן, כאָטש זי איז שטאַרק אײגן אונדזער לשון. אויף וויפֿל עס וועט ליגן אין אונדזערע כּוחות, וועלן מיר זען אָט די פֿאַרנאַכלע־סיקונג צו פֿאַרריכטן. אינדיווידואַליטעט איז אַלץ און אינטראָספּעק־ציע איז אַלץ — דאָס ווילן מיר זוכן, דאָס ווילן מיר דערגרייכן.

...דערשײַנט שוין אויך פֿאַר זעלבפֿאַרשטענדלעך, אַז אַלץ איז

אַ קעגנשטאַנד פֿאַר פאָעזיע, אַז פֿאַר דעם פאָעט איז נישטאָ קיין מיאוס און קיין שיינס, קיין גוטס און קיין שלעכטס, קיין הויכס און קיין נידעריקס. אַלץ איז גלײַכוווערטיק פֿאַר דעם פאָעט, אויב עס איז נאָר אין אים און אַלץ איז נאָר אַ שטאָפל צו זײַן אינערלעכער באַפֿרײַונג. פֿאַר אונדז קאָן אויך ניט שטיין די אומזיניקע און אומפֿרוכטבאַרע פֿראַגע וועגן דעם, צי דער פאָעט „דאַרף" דיכטן וועגן נאַציאָנאַלע זאַכן און וועגן סאָציאַלע, צי בלויז וועגן פערזענלעכע. פֿאַר אונדז איז אַלץ „פערזענלעך". מלחמות און רעוואָלוציעס, פּאָגראָמען און די אַרבעטער־באַוועגונג, דער פראָטעסטאַנטיזם און בודאַ, די ייִדישע שול און דער צלם, די שטאָטוואַלן און אַ פֿאַרבאָט אויף אונדזער שפּראַך: די אַלע קאָנען יאָ באַרירן אונדז אָדער ניט באַרירן, פונקט ווי עס קאָן אונדז יאָ אָדער ניט באַרירן אַ פֿרוי מיט בלאָנדע האָר... צוליב דער זעלביקער אורזאַך ווייסן מיר ניט פֿון קיין אונטערשייד צווישן „האַרץ־פאָעזיע" און „קאָפּ־פאָעזיע", צוויי אומזיניקע פֿראַזעס, וועלכע באַלאַנגען צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע לינגוויסטישע טעותן, וואָס מיר האָבן שוין דערמאָנט. אויב מיט דער ערשטער פֿראַזע ווערט געמיינט אומבאַוווסטזיניק שאַפֿן און מיט דער צווייטער באַוווסטזיניק שאַפֿן, זאָגן מיר, אַז ניט מיר, ניט קיין שום אַנדערער ווייס די גרענעץ צווישן דער באַוווסטזיניקייט און אומבאַוווסטזיניקייט... דער מאָדערנער פאָעט איז ניט, קאָן ניט און דאַרף ניט זײַן יענער נאַיִווער הימל־קוקער, וואָס ווייס פֿון גאָר ניט אויסער זײַן לידל... דער הײַנטיקער פאָעט איז אַ מענטש מיט מענטשן צו גלײַך און דאַרף זײַן אַן אינטעליגענטער, באַוווסטזיניקער מענטש. אַלס פאָעט פֿאָדערט זיך פֿון אים איין זאַך: ער זאָל קאָנען זען און פֿילן, וויסן און באַגרײַפֿן און זען עס מיט זײַנע אייגענע אויגן, און זײַן אין שטאַנד דאָס געזעענע, געפֿילטע און פֿאַרשטאַנענע אַרויסצוגעבן אויף אַן אייגענעם, אינערלעך־אויפֿריכטיקן, אינטראָספעקטיוו־אויפֿריכטיקן אופֿן... בײַ אונדז איז ניט קיין אונטערשייד צווישן אינטעלעקטועלער פאָעזיע און געפֿיל־פאָעזיע, מיר ווייסן בלויז פֿון איין אונטערשייד: צווישן עכטקייט און פֿאַלשקייט, צווישן אמתער אינדיווידואַליטעט און שאַבלאָן.

...אונדזער באַציִונג צו ייִדישקייט ווערט קלאָר פֿון אונדזער אַלגעמיינעם פאָעטישן קרעדאָ. מיר זײַנען ייִדישע פאָעטן דערמיט, וואָס מיר זײַנען ייִדן און שרײַבן ייִדיש. וואָס אַ ייִדישער פאָעט זאָל ניט שרײַבן אין ייִדיש, איז עס איפּסאָ־פֿאַקטאָ, דערמיט אַליין, ייִדיש. מען דאַרף ניט קיין באַזונדערע „ייִדישע טעמעס". אַ ייִד וועט וועגן

אַן אינדישן פּרוכטבאַרקייט־טעמפּל און יאַפּאַנישע שינאָס שרײַבן ווי אַ ייִד. דער ייִדישער פּאָעט וועט זײַן ייִדיש, ווען ער וועט דיכטן וועגן „וויוו לאַ פּראַנס"... אין צוויי זאַכן זײַנען מיר יאָ אויסגעשפּראָכן ייִדיש: אין אונדזער באַציִונג צו ייִדיש אַלס שפּראַך בכלל און צו ייִדיש אַלס פּאָעטישער אינסטרומענט.

מיר לעבן אין ייִדיש. מיר האָבן ליב ייִדיש. מיר האַלטן זיך ניט אָפּ צו מאַכן די דערקלערונג, אַז דער, וואָס האָט אַ פֿאַרנײנענדיקע באַציִונג צו דער ייִדישער שפּראַך אָדער אַפֿילו בלויז אַ גרינגשאַצנדיקע, קאָן דורך דעם אַליין ניט זײַן קיין ייִדישער דיכטער. ווער עס לאַכט פֿון ייִדיש, ווער עס קלאָגט זיך, אַז ייִדיש איז אָרעם און אַ שלעכטע שפּראַך, ווער עס איז בלויז גלײַכגילטיק צו ייִדיש, געהערט ניט צו דער הויכער קאַטעגאָריע פֿון ייִדישע דיכטערס. צו זײַן אַ ייִדישער דיכטער איז אַ הויכע קאַטעגאָריע, איז אַ מדרגה, און עס קאָן ניט געמאָלט זײַן, אַז דער וואָס שאַפֿט אין ייִדיש זאָל שפּײַען אין דעם ברונעם פֿון זײַן שאַפֿונג. אַזוינער איז אַ קלײנער מענטש און ממילא נאָך אַ קלענערער דיכטער.

וואָס אָנבאַלאַנגט ייִדיש אַלס שפּראַך־אינסטרומענט, האַלטן מיר, אַז אונדזער לשון איז איצט שיין און רײַך גענוג פֿאַר דער טיפֿסטער פּאָעזיע. אַלע הויכע דעראָבערונגען פֿון דער פּאָעזיע, די העכסטע, זײַנען מעגלעך אין ייִדיש. בלויז דער, וואָס איז אַן אָרעמער דיכטער, קאָן זיך באַקלאָגן אויף דער אָרעמקייט פֿון דער ייִדישער שפּראַך. דער אמתער דיכטער ווייס אונדזער שפּראַכס רײַכקייט און אים פֿעלט גאָר ניט, קאָן גאָר ניט פֿעלן.

פּאָעזיע איז גאָר אין אַ גרויסער מאָס די קונסט פֿון שפּראַך — אַ כלל וואָס ווערט אַזוי אָפֿט פֿאַרגעסן — און די ייִדישע פּאָעזיע איז די קונסט פֿון דער ייִדישער שפּראַך, וועלכע איז פֿון איר זײַט בלויז אַ טייל פֿון דער אַלגעמיינער אייראָפּעיִש־אַמעריקאַנער קולטור. ייִדיש איז איצט רײַך גענוג, זעלבשטענדיק גענוג, צו קאָנען זיך דערלויבן איר אייגענעם אוצר צו פֿאַרגרעסערן מיט דער הילף פֿון די אוצרות פֿון אירע שוועסטער־שפּראַכן. דערפֿאַר היטן מיר זיך ניט צו באָרגן ווערטער פֿון די שוועסטער־שפּראַכן, ווערטער וועלכע זאָלן דעקן די אויסגעוואָקסענע באַגריפֿן, די פֿאַרברייטערטע געפֿילן און געדאַנקען. אַזוינע ווערטער זײַנען אויך אונדזערע ווערטער. מיר האָבן אויף זיי פּונקט אַזאַ רעכט ווי יעדע אַנדערע שפּראַך, ווי יעדע אַנדערע פּאָעזיע, ווײַל: די ייִדישע פּאָעזיע — נאָך אַ מאָל עס

ווידערהאָלן — איז בלויז אַ צווײַג, אַ באַזונדערער שטראָם פֿון דער גאַנצער איצטיקער פּאָעזיע אין דער וועלט.

מיר קוקן אויף ייִדיש ווי אויף אַ פֿולשטענדיק־אויסגעוואָקסענער, רײַפֿער, זעלבשטענדיקער, באַזונדערער און אייגנאַרטיקער שפּראַך. מיר האַלטן, אַז זי האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעטיילט ניט נאָר פֿון איר מוטער — דײַטש, נאָר אויך פֿון איר פֿאָטער — העברעיִש. אַלץ, וואָס בינדט נאָך צונויף קינסטלעך און איבער געוואַלט ייִדיש מיט העברעיִש, איז אַן אומנייטיקייט, אַן איבעריקייט, אַ באַליידיקונג פֿאַר דער שפּראַך, אין וועלכער מיר דיכטן. דאָס אויסלייגן געוויסע ווערטער אין ייִדיש אַנדערש ווי אַנדערע ווערטער, ווײַל אָט די ווערטער שטאַמען עטימאָלאָגיש פֿון העברעיִש, איז פֿאַלש, איז אַן אַנאַכראָניזם. אַלע ווערטער אין ייִדיש זײַנען גלײַך און עס איז צײַט אָפּצורייניקן די ווײַסע שטעך פֿון דעם העברעיִשן אויסלייגן פֿון געוויסע ווערטער אין ייִדיש.

מיר זײַנען ניט קיין שׂונאים און ניט קיין קעגנערס פֿון העברעיִש. די שפּראַכן־פֿראַגע עקסיסטירט פֿאַר אונדז, ייִדישע דיכטערס, אַבסאָלוט ניט. העברעיִש איז נאָר פֿאַר אונדז אַ פֿרעמדע שפּראַך, בעת ייִדיש איז אונדזער שפּראַך. מיר קאָנען אָבער ניט פֿאַרגעסן, אַז העברעיִש און העברעיִזם האָבן כּסדר געשטערט דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג פֿון דעם ייִדישן וואָרט און פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע.

...מיר קומען־אַרויס ניט צו באַקעמפֿן עמעצן און ניט צו פֿירן אַ שטרײַט קעגן עמעצן. מיר ווילן בלויז זיך אַליין אַנטוויקלען... און אויב מיר זאָגן, אַז מיר זײַנען געקומען אין דער ריכטיקער צײַט, גיבן מיר שוין אַליין צו, אַז אַלץ, וואָס איז געווען ביז אונדז און פֿאַר אונדז, איז אויך געווען אין דער ריכטיקער צײַט. מיכל גאָרדאָן, שמעון פֿרוג, מאָריס ראָזענפֿעלד, אַבֿרהם רייזען, אַ. ליעסין, ה. רויזנבלאַט — זײַנען אַלע גוט אין זייער צײַט. אָבער אַלע בלויז אין זייער צײַט. אַלץ, וואָס איז געווען נייטיק פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער דיכטונג, פֿאַר איר שטופֿנווײַזן ווײַטערגיין, האָבן זיי געגעבן און דערמיט אויך אונדז מעגלעך געמאַכט. אויף אַזוי פֿיל קעמפֿן מיר ניט קעגן זיי, זוכן מיר זיי ניט צו פֿאַרשרײַען. אַדרבה, מיר דריקן־אויס אונדזער אָנערקענונג פֿאַר דעם, וואָס זיי האָבן אונדז געהאָלפֿן קומען. בלויז איינער פֿון די עלטערע פֿאָרשטייערס פֿון די ייִדישע פּאָעטן האָט, לויט אונדזער מיינונג, איבערגעשפּרײַזט די גרענעץ פֿון זײַן צײַט און איז פֿאַר אונדז ניט בלויז אַ פֿאָרלויפֿער, נאָר אַ מיטפּאָעט. דאָס איז יהואָש — לויט אונדזער

אויפֿפֿאַסונג איז ער די באַדייַטנדסטע פֿיגור אין דער גאַנצער ייִדישער דיכטונג הייַנט צו טאָג, אַ פּאָעט וועלכער הערט ניט אויף צו זוכן... די אַנטוויקלונג פֿון דער אויסגערעכנטער גרופּע ייִדישע פּאָעטן ביז אונדז וואָלט אַבסאָלוט ניט מעגלעך געווען אָן געוויסע צווישן־שטופּעס. קונסט, ווי דאָס גאַנצע לעבן, שפּרינגט ניט, נאָר אַנטוויקלט זיך בהדרגהדיק. אויף די דאָזיקע צווישן־שטופּעס שטייען די אַזוי גערופֿענע יונגע. אייַנהאָרן, מנחם, מאַני לייב, זישע לאַנדוי, ראָלניק, סלאָנים, שוואַרץ, אײַזלאַנד, מ. ל. האַלפּערן, ב. לאַפּין — אויך די אַלע זייַנען אויך גוט און גוט אין זייער צייַט. זיי האָבן פֿאַרדינסט. און ניט נאָר ווילן מיר דאָס ניט לייקענען, נאָר מיר פֿאַרשטייען און גיבן גערן צו, אַז בלויז אַ דאַנק זייער אַרבעט איז מעגלעך געוואָרן אַ וויַיטערע אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע, פֿון וועלכער די אינטראָספּעקטיווע דיכטונג איז אַן אויסדרוק. די אַלע האָבן די ייִדישע פּאָעזיע אַרויסגעפֿירט אויף אַ ברייטערן וועג. זיי האָבן דערגענטערט די ייִדישע דיכטונג, וואָס האָט נאָך געהאַט אַ שטאַרקע מחותּנעשאַפֿט מיט בדחנות און גראַמערייַען, צו קונסט און צו אמתער פּאָעזיע... דער הויפּטפֿאַרדינסט פֿון די יונגע איז אָבער אין דער הינזיכט פֿון שפּראַך. זיי האָבן אַרייַנגעטראָגן אַ געוויסן אייראָפּעיִזם אין דער שפּראַך, אַ גרעסערע קינסטלערישע עכטקייט, אויפֿגעהויבן דעם ניוואָ פֿון אַ ייִדיש ליד. פּרצעס „אַנדערש וואָלט מייַן ליד געקלונגען, כ׳זאָל פֿון גויִים גויִיש זינגען" האָבן זיי לחלוטין אַנולירט. אָבער דערבייַ איז עס געבליבן... בלויז טיילווייַז איינער פֿון די יונגע, לייוויק, האָט פֿון דעם ערשטן מאָמענט פֿון זייַן דערשייַנען געבראַכט מיט זיך אַזוי פֿיל אייגנס, אינדיווידועלס און דערצו טיפֿס, אַז וועגן אים קאָן גאָר ניט זייַן קיין רייד וועגן אָפּשטעלן זיך, וועגן שוין האָבן דערפֿילט זייַן פּאָעטישע מיסיע. אויך אים האַלטן מיר פֿאַר נאָענט צו אונדז. די יונגע אין אַלגעמיין, אַלס גרופּע גענומען, געהערן אָבער בלויז צו זייער צייַט.

...באַטראַכטנדיק אונדזער דיכטונג אַלס אַן אויסדרוק פֿון דערנענטערן זיך צום לעבן, צו דעם לעבן ווי עס שפּיגלט זיך אָפּ אין אונדז — וואָס דאָס איז דאָס אמתע לעבן — זייַנען מיר דערפֿאַר, אַז די שפּראַך פֿון אונדזערע לידער זאָל זייַן אַזוי נאָענט צו דער גערעדטער שפּראַך — אין בוי און אין פֿליס — ווי נאָר מעגלעך. מיר שאַפֿן דעריבער אין גאַנצן אָפּ יעדע מעגלעכקייט פֿון דעם, וואָס מען רופֿט אינווערזיע, צעדרייונג פֿון דעם נאַטירלעכן זאַצבוי, צוליב ריטעם אָדער גראַם... מיר זייַנען קעגן באַניצן אויסדרוקן פֿאַר

זייער קלוימערשטער שיינקייט. עס קאָן ניט זײַן קיין שיינקייט אָן טיפֿן צוזאַמענהאַנג און אָן עכטן זין. מיר שטרעבן אויסצומײַדן באַנאַלע פֿאַרגלײַכן, עפּיטעטן און אַנדערע פֿיגוראַטיווע אויסדרוקן. צוליב זייער באַנאַליטעט זײַנען זיי ממילא אַ ליגן, און מיר זוכן הויפּטזאַכלעך אינטראָספּעקטיווע אויפֿריכטיקייט און אינדיווידואַליטעט.

...צו אַזאַ קאָלעקטיוון אַרויסטריט האָט אונדז געפֿירט דער אינערלעכער צושטאַנד פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע אין דעם איצטיקן מאָמענט, אַ צושטאַנד וואָס איז כאַאָטיש, פּנימלאָז, כאַראַקטערלאָז און וואָס ווערט אַלץ מער אַ שטער צו ווײַטערער אַנטוויקלונג.

ניו־יאָרק 1920

א. לעיעלעס

## שלעסער

שלעסער —
שלעסער פֿון אײַזן געבויט און גראַניט,
שלעסער פֿון מאַרמאָר און מאַלאַכיט,
שלעסער פֿון בראָנדז און געגאָסענעם שטאָל,
שלעסער און שלעסער, און שלעסער אָן צאָל.

שלעסער —
ביבליאָטעקן און מוזייען,
מאָנומענטן, מאַוזאָלייען,
טעמפּלען, קירכן, קאַטעדראַלן —
אַלע שלעסער
איצטער פֿאַלן, פֿאַלן, פֿאַלן.

אָבער מײַנע שלעסער —
געבויט פֿון פֿאַרלאַנגען,
טעגלעכע זוכעניש, נאַכטלעכע באַנגען,

רעגונגען, זעונגען,
שטרעבונגען, ווונטשן;
געפּלאָכטן, געשפּונען
פון ווײַטע לבֿנות און ווײַטערע זונען,
פון האַרצנס באַגערן,
וואָס הערן
ניט אויף פון דעם האַרצן צו שטראַלן:

מײַנע שלעסער קענען קיין מאָל
ניט פאַלן, ניט פאַלן, ניט פאַלן.

ניו־יאָרק 1920

## ווייס און גאָלד

טריף־טריף־טריף, טריף־טריף־טריף.
בלוט.
ייִדיש בלוט.
לעמבערג, קעלץ,
זשיטאָמיר, בערדיטשעוו, באָהוסלאַוו,
פּראָסקוראָוו,
פּראָסקוראָוו! פּראָסקוראָוו!
פאַסטאָוו, נאָוואָגראַד־וואָלינסק, כאַרקאָוו,
און נאָך,
אָן צאָל און אָן נאָמען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מחנות וואַנדערנדע בעדויִנער לאָזן זיך אַראָפּ אויף אַ לאַנד.
יעהויוואָ—הו! יעהויוואָ—הו!
עפּענען זיך נאָזלעכער ברייט און דאַרשטיק,

בליצן שווערדן שאַרף און דאַרשטיק.
פֿלאַטערן ווײַסע הילעס.
ברענען שטעט.
רויכערן זיך דערפֿער.
פֿאַלן ווענט.
ברעכן פֿעסטונגען צוזאַמען.
קיין איינער פֿון שׂונא טאָר ניט בלײַבן לעבן.
ניט קיין מאַן, ניט קיין פֿרוי, ניט קיין קינד,
אַפֿילו ניט קיין רינד אין פֿעלד,
אַפֿילו ניט קיין חיה אין נאָרע.
דאָס לאַנד מוז פֿאַרטיליקט ווערן אין גאַנצן.
האָט איינער רחמנות אויף אַ פֿײַנדלעכן פֿירשט,
ווערט ער פֿאַרשניטן.
ווערט זײַן געביין אָפּגעמעקט אין ישׂראל.
יעהויוואָ—הו! יעהויוואָ—הו!
קריגערבלוט,
זיגערבלוט.
דעראָבערער־בלוט.
(אוי, איר שטיינער פֿון בערדיטשעוו און פּראָסקוראָוו!
אוי, איר פֿליינען און שליאַכן פֿון אוקראַינע!)

*

גאָט!
דעם מדברס גזר איז: איין און איין.
דער מדבר אָטעמט: א—ח—ד...
די זון גייט אַלע טאָג אויף אין מזרח און פֿאַרגייט אין מערבֿ.
די שטערן פֿינקלען שטענדיק אויף דעם זעלבן אָרט זייער ליכטגעזאַנג.
דער ווינט אָטעמט דאָ מיט פֿאַרוויסטונג, דאָ מיט זוימען פֿון אַ
נײַ לעבן —
אַלע מאָל אין דער זעלבער צײַט, פֿון דער זעלבער זײַט.
דאָס לעבן פֿון דעם שטאַם —

אַ פֿײַערל וואָס גייט־אויף און פֿאַרגייט, גייט־אויף און פֿאַרגייט.
פֿאַראַן איין באַלעבאָס.
איין יעהויוואָ.
איין האַר.
דו ביסט מײַן פֿאָלק, איך — דײַן גאָט.
ווײַל איך — לעבסטו.
ווײַל איך — ווערסטו ווי דער הייסער זאַמד פֿון מדבר.
האָסטו אַ לאַנד דעראָבערט, איז דאָס מײַן ווילן געווען.
מײַן קאַפּריז,
מײַן אויסגעטראַכטער חלום,
דו ביסט מײַן קנעכט.
בלעזלעך פֿון מײַן אָטעם.
אָטעם־מיט — און דו ווערסט לעבן.

וואָס איז דאָס לעבן ?
ווי אַזוי קאָן מען לעבן ?
ווי אַזוי זאָל מען לעבן ?
שׂונאים פֿון אַלע זײַטן.
דונער און בליצן.
שטורעמען.

דער מדבר שטרעקט גיריק זײַן פֿאַרטריקנטע צונג אַרויס
און פֿאַרמעסט זיך מיט די זאַמדיקע, באַנעגלטע לאַפּעס.
די שכנים שלײַפֿן די שווערדן,
און שפּאַנען די קריג־וועגענער.
פֿאַרניכטונג פֿון מערבֿ,
צעשטערונג פֿון צפֿון,
סכּנות פֿון דרום,
צו מזרח — אַ וואַנט !

גערעכטיקייט !
גערעכטיקייט איז דער ווילן פֿון יעהויוואָ,

און איר דאַרפֿט זײַן די שטאָפּעטן פֿון זײַן ווילן.
אוי, איר זינדיקער!
פֿאַלש — אַנדערע וועגן.
ווער דאַרף אַנדערע אָפּער און בראַנדאָפּער —
אַש פֿאַר דעם ווינט?

אין דעם האַרץ פֿון דעם מענטש נעסט זיך אַ פֿונק,
גייט עס אויף מיט שאַרלעך־פֿלאַמען,
ווערט עס אַ שׂריפֿה, וואָס ברענט און פֿאַרברענט, צינדט און פֿאַרלענדט.
לעשט די שׂריפֿה מיט אַן אַנדער פֿײַער,
אַ ווײַסן.
יעהויווּאָ האָט עס פֿאַר אײַך באַשטימט.
פֿאַרלענדט די רויטקייט מיט שטראָמען, וואָס זײַנען געלײַטערט ווי דער אָטעם פֿון וואַסערפֿאַל,

און איר וועט לעבן.
קענען לעבן.
וויסן ווי צו לעבן.

גערעכטיקייט!
טרוימט פֿון אַ צײַט, ווען שעפּסן וועלן לעבן בשלום מיט אַ לייב,
טרוימט פֿון אַ וועלט פֿון פֿרידן און צדק.
נבֿיאים־בלוט.
דיכטערבלוט.
וועלטפֿאַרזאָרגער־בלוט.
(וויי צו דיר, וועלט).

איך, נבֿוכדנצר, קיניג פֿון בבֿל.
די פרינצן פֿון אַלע פֿיר עקן וועלט
צאָלן מיר מס.
בייגן זייערע קעפּ, אַז איך זאָל מײַן פֿוס אויף זייערע נאַקנס שטעלן.
זיי בויען מײַנע פּאַלאַצן.

זיי פֿירן מײַנע רײַטוועגענער.
זיי האַקן אויף שטיין אויס מײַנע העלדישע טאַטן.
איז אַ לאַנד ווידערשפּעניק אין מיר,
גיי איך אַרײַן אין דעם לאַנד —
און ווען איך גיי אַרויס,
בלײַבט ניט קיין פֿרײַער
אָדער עס בלײַבט ניט קיין לעבעדיקער.
ווי צו דיר, יהודה,
וואָס דו האָסט מײַן צאָרן דערצאָרנט.
איך, דער גרויסער קיניג פֿון בבֿל, גיי אויף דיר!

טאָפּען פֿון פֿערדישע פֿיס:
טריפּ־טראַפּ־טראַפּ! טריפּ־טראַפּ־טראַפּ!
שמעטערן פֿון געפּאַנצערטע אײַזן־וועגענער:
בינג־באַנג־באַרק! בינג־באַנג־באַרק!
שטויב און רויך, שטויב און רויך.
יהוה—הו!
יהוה—אַהאַ! אַהאַ, אַהאַ, אַהאַ...
דאָס לאַנד מיטן וואָרצל אויפֿגעריסן.
די פֿירשטן און פֿירשטן־קינדער אויסגעשלאָכט.
דעם קיניג — די אויגן אויסגעשטאָכן,
און אין קייטן מיט שפּאָט געפֿירט.
דאָס פֿאָלק באַשפּיגן און פֿון דעם לאַנד געטריבן:
צו בויען דעם גרויסן קיניגס פּאַלאַצן,
צו פֿירן זײַנע רײַטוועגענער,
אויסצוהאַקן אין שטיין זײַנע גרויסע העלדנטאַטן.

וועלן מיר פֿאַרגעסן אין ציון?
וועלן מיר זינגען ציונס לידער בײַ פֿרעמדע טײַכן?
זאָל אונדז דאָס ליכט אין די אויגן אויסגעלאָשן ווערן!
זאָל אונדז די קעל אײַנשרומפּן.

עקשנות!
בלײַבן לעבן!
בלײַבן לעבן!

דער שׂונא וויל דאָס ליכט פֿון די אויגן פֿאַרטונקלען
מיט פֿרעמדער מאַכט און פּראַכט:
מיט גראַניט־און־אײַזערנע פֿעסטונגען,
מיט הימל־גרייכנדע טורעמס,
מיט געשניצטע פּאָרטאַלן,
מיט אַלאַבאַסטערנע, געפֿליגלטע לייבן,
מיט מאַרמאָרנע קאָלאָנאַדן,
מיט רעגן־בויגן־פֿאַרביקע טעפּיכער,
מיט מאַנטלען פֿון פּורפּור און גאָלד,
מיט דער שיינקייט פֿון זונות.
אָבער דאָס אויג זעט בלויז די בערג פֿון יהודה,
דעם טאָל פֿון שרון,
דעם טעמפּל פֿון יהוה.

דער שׂונא וויל דאָס אויער פֿאַרהילכן,
מיט דעם לויב צום גרויסן קיניג,
מיט די שאַלן פֿון טרומפּייטן,
מיט דעם שמעטערן פֿון די פּויקן,
מיט די גלעקלעך אויף די פֿיס פֿון די טאַנצנדע זונות.
אָבער דאָס אויער הערט בלויז דעם רויש פֿון דעם ירדן,
דאָס געזאַנג פֿון לוויִם.

דער שׂונא וויל דאָס האַרץ פֿאַרפֿירן
מיט רײַכע מתּנות,
מיט קיניגלעכע פּאַלאַצן,
מיט די געצן און מיט דער זינד פֿון בבֿל,
אָבער דאָס האַרץ איז מיט אַ שטיינערנער וואַנט באַפּאַנצערט,

הינטער דער וואַנט
גליט אַ בענקשאַפֿט,
גליט און דערוואַרעמט,
גליט און שטאַרקט,
גליט און באַגײַסטערט.

פֿערציק טויזנט גייען צוריק!

היי, איר וואַלן פֿון ירדן,
היי, דו, טאָל פֿון שרון,
פֿערציק טויזנט קומען צוריק —
אויס בענקשאַפֿט צו אײַך
און אויס עקשנות.
בויען צוריק די חורבֿות —
מיט עקשנות.
שלאָגן זיך און זיגן —
מיט עקשנות.
שלאָגן זיך און פֿאַלן —
מיט עקשנות.

*

וואָס איז דאָס לעבן?
צו וואָס איז דאָס לעבן?
אַלץ, וואָס איז דאָ,
איז געווען.
און אַלץ, וואָס וועט זײַן,
איז ניט כּדאַי.
אַלץ איז אַ טעות,
אַ טעות פֿון אַ קאַפּריז.
און מיר — די בלעזלעך פֿון טעות,
דער שוים פֿון קאַפּריז.
וואָס איז דאָס לעבן?
צו וואָס איז דאָס לעבן?



שלמה ביקל

„איך פֿאַררעכן לעיעלעסן פֿאַר אײנעם פֿון די באַדײַטנדיקסטע און אין פּרט פֿון קולטור־באַוווּסט־זיניקייט טאַקע פֿאַרן ערשטן דיכ־טער, וואָס האָט געזוכט, זיך געיאָגט, געפֿונען און דערפֿירט צו ווירטואָ־זיטעט דאָס הערמעטישע אָפּשליסן פֿון געדאַנק און וואָרט“.

(פֿון אינזיך באַנד 10)

דערלייזונג!
ערגעץ הענגט זי אויף קייטן,
אויף פֿעלדזן,
איבער אָפּגרונטן.
אָבער זי וועט זײַן!
מוז זי ניט זײַן?
זי מוז!

וואָרהאַפֿטיק זאָג איך אײַך:
איך בין אין גאָט און גאָט איז אין מיר,
און איר זײַט אין מיר און איך בין אין אײַך.
און די פֿרייד איז אין מיר און די דערלייזונג — אין מיר.
איך וועל זי אײַך ברענגען.
וואָרהאַפֿטיק זאָג איך אײַך:
איר האָט געזינדיקט, אָבער איר זײַט ניט שולדיק.
קיינער איז ניט שולדיק,
קיין בן־אָדם איז קיין מאָל ניט שולדיק.
אָבער די זינד איז דאָ, ווי עס איז דאָ דאָס געשריי פֿון שאַקאַל,
און די זינד מוז מען אויסקויפֿן,
ווי ס׳מוז געזעטיקט ווערן דאָס געשריי פֿון שאַקאַל.
איך נעם אויף זיך אײַערע זינד.
איך קום־אָפּ פֿאַר אײַערע זינד.
מײַן בלוט, וואָס רינט פֿון די נעגל־לעכער,
מײַן שאַנד און מײַן לעסטערונג —
אַלץ פֿאַר אײַך.
און וואָרהאַפֿטיק זאָג איך אײַך:
עס וועט קומען דער טאָג,
און דאָס קיניגרײַך פֿון הימל וועט זײַן אויף דער ערד,
און דאָס געשריי פֿון שאַקאַל וועט געשטילט ווערן,
און דער ברום פֿון יונגן טיגער — געזענפֿטיקט,

און איר וועט דערלייזט ווערן.
וואָרהאַפּטיק זאָג איך אײַך.

טרוים פֿון טרוימען!
מענטשלעכסטער טרוים!
געטלעכסטער טרוים.
דערלייזער־בלוט.
בלוט וואָס פּליסט צו שטילן דאָרשט,
צו זענפּטיקן און ווייך צו מאַכן דאָס געשריי פֿון שאַקאַל.
(דאָס דאָזיקע בלוט איצט:
טריף — טריף — טריף).

*

שמעון בן גיורא
יוחנן מגוש חלב.
לעגיאָנען, צענטוריאָנען, טיטוס.
טראַ־טאַ־טאַ! טראַ־טאַ־טאַ!
זײַנען די שפּיזן גרייט? זײַנען שטאַרק די פּיס בײַ די פֿערד?
טראַ־טאַ־טאַ! טראַ־טאַ־טאַ!

הונגער.
מאַמעס עסן זייערע קינדער.
דורכגעלעכערט די ערשטע וואַנט!
זײַט קלוג — גיט זיך אונטער!
זײַט מוטיק — קעמפּט!
ביזן לעצטן מאַן.
ביזן לעצטן קנאי.
עקשנות!
עקשנות!

שריפֿות.
דער טעמפּל ברענט.
פֿערדגאַלאָפּ.

אַ שטעכיקער, טויטלעכער וואַלד פֿון שפּיזן.
וויקטאָריאַ! וויקטאָריאַ!
מאַכט זיך פֿריילעך, לעגיאָנערן!
צעטראָטענע קינדער.
דערשטאָכענע זקנים.
אין קייטן געשמידטע, געלעסטערטע גיבורים.
קנאים־בלוט.
עקשנות־בלוט.
בלוט וואָס האָט געשלאָסן אַ בונד מיט די פֿיר ווינטן פֿון דער וועלט.

ניט צו רוען און —
צו לעבן.

*

אינקוויזיציע.
שײַטער־הויפֿנס.
מעוברתע ווײַבער, בײַ וועלכע עס פּלאַצן די בײַכער און דאָס מפּיל פֿאַלט־אַרויס.

הייליקער פֿאָטער:
איז די פֿרוכט אויך דעם טײַוולס?
וואַרפֿט עס אַרײַן אין פֿײַער.
וואַרפֿט עס אַרײַן!
געררוך פֿון סמאַליענדן בלוט.
אויפֿגעפּראַלטע גלחשע נאָזלעכער.
בליצנדע אויגן פֿון דאָנען און דאָנאָס.
בראַוואָ־קלעפּ פֿון המון.
הירזשען פֿון המון.
אַזוי! אַזוי!
אַזוי קומט זיי, די פֿאַרפֿלוכטע!
שמע ישׂראל!
מאַרטירער־בלוט.
עקשנות־בלוט.

הייליק, בלוט, וואָס פֿאָדערט און מאָנט,
און האָט אַ חזקה אויף די פֿיר ווינטן פֿון דער ערד.
עקשנות!
קי־הו־הע! קי־הו־האָו!
לעבן!
אַ פֿלאַנץ מיט קורצע וואָרצלען איבער דער גאַנצער פֿלאַך פֿון
דער ערד —

און לעבן!
טריף — טריף — טריף —
און לעבן!

געלט.
רײַכקייט.
עקשנות דורכן קלונג פֿון דוקאַטן און גולדנס.
בייגן זיך אין דרײַען פֿאַר אַ שטורעם,
און הייבן זיך אויף.
ניקאָלײַ דאָנין.
פֿעפֿערקאָרן.
וואָרמס, מײַנץ, פּראָג.
הײַדאַמאַטשינע.
אויך: באָהוסלאָוו, דראַזשנע, זשיטאָמיר, בערדיטשעוו.

הונט!
אונטערטעניק בלוט.
הינטיש בלוט.

אָבער פֿון דעם האַרץ פֿון די קליינע, רויטע טראָפּן שטײַגן
בלישטשענדע, בלענדנדע זײַלן פֿון ליכטיקן גאָלד —
דערלייזונג!
און פֿון די ברעגן פֿון די קליינע טראָפּנס שפּרייטן זיך ווײַסע
קלאָרע שליאַכן —

גערעכטיקייט!
דערלייזונג און גערעכטיקייט!

*

פײַער פון אַלע זײַטן.
קי־הו־הע! קי־הו־האָו!
גערעכטיקייט!
אַרויס מיט דעם ים פון די ברעגן!
איבערקערן די הײַזער!
איבערדרייען אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ.
רײַסט מיר דעם גאַנצן וואַלד מיט די וואָרצלען אויס.
בערג, אַרויס פון די גרונטן!
טײַכן, פֿאַרלאָזט אײַערע בעטן!
צעשמעלצט מיר אַלע אײַזנס אין איין לאַווע.
זאָלן פליסן די שׂריפות.
זאָל ברענען.
זאָל ברענען.
דערלייזונג!

טריף — טריף — טריף.
זאָל!
וואָרעם פון אונטער די שׂריפות שטײַגט אַ בלישטשענדע זײַל
פון ליכטיקן גאָלד.
וואָרעם פון אונטער דער לאַווע
בעטן זיך קלאָרע, ברייטע שליאַכן
פון ווײַסקייט.

*

עקשנות.
אויפן שאַרף פון מײַן עקשנות — האַס.
אין אָפּגרונט פון מײַן טריף — טריף — נקמה.
געל איז דער האַס,

רויט — די נקמה,
ווײַס די גערעכטיקייט,
די דערלייזונג איז גאָלדיק.
ווײַס און גאָלדיק, קינד מײַנס,
ווײַס און גאָלדיק, קינד.
דרייען זיך רעדער פֿאַר מיר:
געל און רויט,
ווײַס און גאָלד.
געל, גאָלד, ווײַס, רויט; געל, רויט, ווײַס, גאָלד.
שלעפּן מיך די רעדער,
און איך ווייס ניט ווו אַרײַן, ווו אַרויס.

רויטקייט און געלקייט — די הינט!
מיר — גאָלד און ווײַסקייט.

*

זעט — זי גייט מיט צעפּלאָסענע גאָלדיקע לאָקן,
מיט דער הערלעכקייט אין איר לײַכטנדן בליק.
שטרעקט זי אויס די האַנט,
ווערט לײַכט אַזוי,
גליטשט זיך פֿון האַרץ דאָס בלײַ אַראָפּ,
און אָפֿן ווערט דער וועג,
און ברייט די וועלט,
און אַלץ איז קלאָר,
און אַלץ — דערגרייכבאַר.
ווילסט די זון?
נאַ!
ווילסט דאָס טעלערל פֿון הימל?
נאַ!

הינטער איר — דער ווײַסער אַלטער,
ווײַס די באָרד,

דער שטערן.
ווײַס דער ליכטיקער בליק.
קומען שטאַרקע מענער און קוקן אים אין די אויגן,
וואַרטן אויף דעם גוטן אייל וואָס פליסט פון זײַנע לעפצן.
און ער זאָגט.
ווערט אַלץ ליב.
ווערט אַלץ זעלבסטפאַרשטענדלעך.

ברידער!
ברידער!

*

אַלע בלוטן אין מיר...

בלינדע!
זעט איר ניט, ווי עס שטראָמען די צונטערנע שטראָמען
פון אומצייליקע ווונדן בײַ מיר?
אָ, פאַרבלענדטע!
אָ, אָרעמע!
איר טאָרט ניט, איר דאַרפט ניט זען,
די ווײַסע מלאכים, וועלכע שטייען מיט גאָלדענע בעכערס,

און קלײַבן אַלע שטראָמען,
ניט אַ טראָפן דורכצולאָזן,
ניט אַ צענטל טראָפן צו פאַרגיסן —
זיי טאָרן אויך ניט זען.
זיי קערן־אָפּ די קעפּ
און האָבן נאָך אַלץ מורא.
פאַרשטעלן זיי זיך די אויגן.
און קלײַבן,
און קלײַבן,
ניט אַ טראָפן דורכצולאָזן,

ניט אַ צענטל טראָפּן צו פֿאַרגיסן.
עס איז הייליק, הייליק.

און איך בין רויִק
קאַרג — מײַנע רייד.
ווײַל דאָס וואָרט וואָרט און וואָרט
אין אָפּגרונט פֿון מײַן זעל.

זאָלן אַלע שטראָמען פֿון מײַנע ווונדן זיך אויסליידיקן,
זאָלן אַלע גאָלדענע בעכערס פֿול ווערן.
דאַן — וועלן הילכיק ווערן מײַנע רייד,
דאַן ערשט וועט דאָס וואָרט פֿון זײַן נעסט זיך באַפֿרײַען.

מײַן גאָלדהאָריקע און זונאויגיקע,
מײַן ווײַסבאָרדיקער און העלבליקנדיקער,
איר דאַרפֿט ניט קיין טויבקייט פֿאַר אײַערע אויערן,
איר דאַרפֿט ניט קיין אײַזן־פּאַנצערס פֿאַר אײַערע הערצער.
רויִק הערט איר:
טריף — טריף — טריף.
געלאַסן קוקט איר פֿאָרויס,
און קאַרגריידיק זײַט איר.
איר וואַרט מיט מיר,
ביז די צײַט וועט קומען,
ביז די שעה וועט שלאָגן.

*

איך בין אַ ייִד!

ניו־יאָרק 1920

יעקב גלאַטשטיין

## HOMO

מעג די זון פֿאַרברענען דאָס ביסל גרינס אויף אונדזערע פֿעלדער.
מעגן בליצן פֿאַרלענדן דאָס געהילץ אין אונדזערע וועלדער.
מעג די צײַט צעבײַטשן ביז בלוט אונדזערע לײַבער.
מעג אַ בייזער רוח פֿאַרשעלטן די טראַכט פֿון אונדזערע ווײַבער.
פֿון אונדזער זאָמען וועט ער קומען.
ער וועט קומען,
ער וועט מוזן קומען.

און איר, ווינטן פֿון דער וועלט,
פֿאַרשפּרייט די שוואַרצע בשׂורה.
זאָגט דעם אָדלער אויפֿן פֿעלדז



א. גלאַנץ־לעיעלעס

„די שטים פון יעקב גלאַטשטיינס פּאָעזיע גיט־איבער אין אַ פולער גאַמע דעם דור און די תקופה, וואָס מיט איר איז ער צונויפגעוועבט טויזנטפעדעמדיק. איר זעט דעם נאַציאָנאַלן פרצוף־פנים פון דעם דור און זײַן סאָציאַלן פּראָפיל. איר זעט אַלע פּאַזעס און אַלע פּאָזעס פון דער תקופה“.

(פון בוך וועלט און וואָרט)

און דעם טיגער אין זײַן הייל.
אַז מיט דעם לעצטן ביסל כּוח
וועלן מיר דעם שטיין פֿון אונדזער ערד צעאַקערן,
און מעגן זיך הימלליכט פֿאַרלעשן —
בלינדע וועלן מיר קלעטערן,
און וועט באַנומען ווערן אונדזער לשון —
אונדזער ברומען וועט פֿאַרשטומען דעם ווייזלטירס און דעם לייבס.
און פֿון אונדזער זאָמען וועט ער קומען.
ער וועט קומען,
ער וועט מוזן קומען.

אונדזערע קראַנקע און שוואַכע וועלן שטאַרבן,
אָבער אויף די פּגרים וועט ער שטײַגן
און דערקלעטערן
און צעשמעטערן
דעם הימל־יסוד.

נ״י 1920

## אַרטעריאָסקלעראָזיס

און אויב, אין לויף פֿון דײַנע טעג,
האָסטו מיט גיבור־קראַפֿט געזיגט
איבער ווערעמלעך אַלערליי,
וואָס האָבן מיליאָסנווײַז
געלויערט אומעטום אויף דיר,
און אָפּגעבליאַקעוועט האָסטו דײַן הויט אין קאַמף,
און פֿאַרלוירן האָבן דײַנע האָר די קראַפֿט,
און ווי גראָז פֿאַרוויאַנעטער געגראָט זיך
נעבן דײַנע שלייפֿן —
הערסטו דען ניט,

אין דעם לויף,
אין דעם פּליס
פֿון דײַן בלוט אין דײַן מאַרך
זינגען ווי אַ גריל,
זינגען ווי אַ טיטוס־וואָרעם,
זינגען צו דעם טאַקט
פֿון אַ לאָפּאַטע־גראָב אין דער שוואַרצער ערד:
אַרטעריאָסקלעראָזיס,
אַרטעריאָסקלעראָזיס?

און האָט דיר די איבערמאַכט באַשערט
אַ לעבן ווי אַ זומפּ אַ פּרידיקס,
מיט טעג וואָס ציִען זיך
ווי אַ לאַנגער, נודנער ניגון,
מיט נעכט נעבן אַ ווײַבל אַ געטרײַס,
וואָס דערלאַנגט די שטעקשיך דיר,
ווען קומסט אין הויז,
און לאָזט הערשן איר זעל
צווישן די מאַסיווע מעבל אין דײַן הויז,
אויך דעמאָלט וועבט אַ שפּין זיך רויִק,
מיט מערדעריש געדולד, אין מוח בײַ דיר זײַן נעץ
און צום טאַקט פֿון זייגער וואָס קלאַפּט.
און צום טריל פֿון קאַנאַריק אין דער פֿרי,
און צום סקריפּ פֿון דײַן וויגשטול אַהין־צוריק,
זינגט דײַן בלוט דאָס לאַנגזאַם־צעשטערנדע ליד:
אַרטעריאָסקלעראָזיס,
אַרטעריאָסקלעראָזיס.

אַרטעריאָסקלעראָזיס.
אַ געדולדיקער גזלן, וואָס לויערט אויף די וועגן.
אַרטעריאָסקלעראָזיס.

דער מוז וואָס מוז געשען.
ערגעץ ווו איז אַ בלאַט אַ פֿאַרוויאַנעטער פֿון בוים געפֿאַלן.
האָרך דעם שאָרך.
האָרך דעם רויש.
אַרטעריאָסקלעראָזיס.
אַרטעריאָסקלעראָזיס.

ניו־יאָרק 1920

## אונדזער דור

עס ציטערט דער קנויט פֿון אונדזער דור.
האָ, מענטשן רגעדיקע.
לאָמיר, אויף גיך, אויסקריצן אויף מאַרמאָר אונדזערע מעשׂים.
אין ביכער פֿאַרשרײַבן אונדזער נאָמען.
ציגל צו ציגל לייגן פֿאַר אונדזער רום.
ווען מאַרמאָר און ביכער וועגן אויף אונדזערע קינדער
און בלאָנדזשען וועט כאָטש אונדזער האַנט אין רוים,
ווען עס וועט אָפּצאַנקען דער קנויט פֿון אונדזער דור.

## חלומות

כ׳האָב אַליין, אין רויטן דעליריום,
געצונדן מײַנע חלומות
און בלויען זיי געלאָזט גלײַען אַרום מיר.
ווען ס׳האָט דער רויטער דעליריום
געלאָשן זיך,
אין מײַנע אויגן
האָט דאָס אַש פֿון מײַנע חלומות
אין מיר קאַלט געזילבערט
אַ נײַעם חלום.

ראובן לודוויג

## שיילאָק

שײַלאָק,
ברודער מײַנער פון ווענעדיג.
אײדער איך האָב זיי דערקענט,
איז דײַן גײַסט מיר פרעמד געווען,
ווי דער גײַסט פון האַמלעטס פאָטער.
איצטער היט איך, אַז מיט דײַן נאָמען
זאָל בײַ מיר נאָר ליבע זיך באַהעפטן.

ניין, איך וואַרעם ניט קיין נקמה
אין מײַן ברוסט פאַר זיי,
שײַלאָק.

זייער לײַב
וועט סײַ ווי אין גיכן
אין אַ קבֿר פוילן.
ווערעם וועלן זייער פלייש
ביזן לעצטן שטיק אויפפרעסן.

ניין, איך וואַרעם ניט קיין נקמה
אין מײַן ברוסט פאַר זיי.
נאָר פון די בערג אַראָפ פון זייער שפּאָט צו אונדז —
הער מײַן אויסגעשריי:
אויף דײַן אָרט וואָלט איך ניט אַנדערש געווען,
שײַלאָק,
ברודער מײַנער פון ווענעדיג.

## גאָטס זון

ווען האָסטו דען דערציילט,
אַז דו וועסט אַ מאָל אַהער נאָך קומען?
איצטער וואַרטן זיי אויף דיר,
שילטנדיק מײַן נאָמען.

איך האָב הײַנט דערהערט,
ווי עס שרײַט מײַן בלוט אין מיר;
איבער דיר וועט דאָס באַלד ווערן
רויטע בלאָטע ווו אויף וועגן...

נו, זאָל זײַן,
איך האָב אויך אַמאָל געזינדיקט.

אָבער גלייב מיר:
וואָלטסטו ווען אַהער געקומען —
וואָלט איך געווען פֿון די ערשטע
צו באַוואַרפֿן דיך מיט שטיינער...

איך האָב קיין מאָל ניט געקלאָגט
אויף דעם ווייטיק פֿון מײַן פֿאָלק,
ביז איך האָב דערזען,
אַז איך בין ניט אײַערער.

איך האָב קיין מאָל ניט געבעטן
מיטלייד פֿאַר מײַן פֿאָלק.
האָב איך עס געטאָן,
האָב איך שטענדיק זיך אַליין געהאַט אין זינען.

שרײַ איך איצטער:
— יעזוס, יעזוס פֿון נצרת,
מיר איז שוין דערווידער

מײַן מאַרטירער־לעבן
איבער דיר.

יעזוס, יעזוס פֿון נצרת,
ביסט ניט מער ווי נאָמען דאָ פֿאַרבליבן.
נאָר אַ נאָמען,
וואָס הילט אײַן די וועלט אין שוועבל־דאַמפֿן
פֿון גיפֿט און פֿון נקמה.
דײַן נאָמען דרייט זיך לאַנג שוין אין די מוחות
פֿון דײַנע בעטערס —
אויס געוווינהייט בלויז.
דײַנע רייד
זײַנען שוין בײַ זיי געוואַקסן
מיט דעם גרינעם שימל
פֿון גלײַכגילטיקייט.

שרײַ איך:
יעזוס, יעזוס פֿון נצרת.
מיר האָט שוין דערעסן
מײַן מאַרטירער־לעבן
איבער דיר.
מעגסט שוין, מעגסט שוין גיין זיך
אָדער —
זיך באַווײַזן...

## איך האָב דיך באַזיגט

זי האָט מיר דערמאָנט דײַן נאָמען.
האָב איך אירע ליפּן באַלד פֿאַרשלאָסן.

היי, דו, ווערטער־וואָרפֿער,
מעגן אַלטע ווײַבער

טראָגן דײַן פֿאַרווינט געשטאַלט
בײַ די אײַנגעדאַרטע בריסט.
אונדזער בלוט,
יונג בלוט,
קאָן דיך ניט פֿאַרטראָגן.

איך האָב אויף אַ ווײַלע
פֿון איר זינען
אָפּגעווישט דײַן נאָמען —
מיט מײַן באַריר.
איך האָב דיך באַזיגט.

נ״י 1920

ב. אַלקוויט

## איינגעמויערט

עס וועט ניט העלפֿן אונדז דאָס פּאָכען מיט די הענט און שרײַען,
מיר האָבן אַליין אין וועגט זיך אײַנגעמויערט
און וועלן פֿון זיי זיך ניט באַפֿרײַען.
מיר האָבן דאָס ליים פֿאַר ציגל אין אונדזער אייגן בלוט געבריענט
און שטיין צו שטיין מיט אונדזער אייגן פֿעטס געקלעפּט
און אויפֿגעמויערט זיך הויכע ווענט.
עס האָט די פֿיבער־שנעלקייט פֿון אונדזער בויער אונדז פֿאַרבלענדט
און בויענדיק האָבן מיר אין די מויערן
אײַנגעמויערט דעם פֿיבער פֿון אונדזערע הענט.

עס וועט ניט העלפֿן דאָס פּאָכען מיט די הענט און לויפֿן,
מיר האָבן אַליין מיט פֿיבער, פֿעטס און בלוט זיך אײַנגעמויערט
און קאָנען פֿון דאַנען ניט אַנטלויפֿן.

נ״י 1920

אַל. גוריה

# אומגעבעטענע

איר, אומגעבעטענע פֿרײַנד, וואָס דרייט איר זיך ווי שלאַנגען
אַרום מיר
אין יעדער גוטער שעה
און טראַמפּלט אין מײַן בלוט מיט אײַערע האָפּערדיקע טריט,
און זוכט מיט פֿאַלשע שליסלען אויפֿצומאַכן אין מײַן האַרץ אַ טיר?
נאָר איך, איך ווער זיך ניט:
וואָס קענט איר מיר דען טאָן,
דעם גליקלעכן,
וואָס קלאָגט זיך ניט?
וואָס לאַכט פֿון אײַך און אײַערע אויפֿגערודערטע געדאַנקען,
אַפֿילו ווען איר האָט אין מיר שוין אויפֿגערייצט אַ וויטיק?

דערפֿאַר זאָל נאָר אַוועק דער שווערער טאָג.
איך זע, ס׳קומט אײַלנדיק צו מיר מיט פֿרייד
די נאַכט, דערנאָך — דאָס זײַן אַליין,
דערנאָך — די רו,
דאָס בעט, די ביכער,
די פֿרײַנד, די אמתע און טײַערע,
וואָס נעמען מיך צו זיך מיט ליבע צו,
און טרייסטן און פֿאַרגלעטן די געבליבענע שפּורן אײַערע,
און צינדן־אָן אין מיר אַ טיף־דערפֿרייטע האָפּערדיקן פֿרייד.
עס נעמט קיין רגע ניט
און איך זע: אַ גוטע צײַט נעמט שוועבן
פֿון ווײַט צו מיר.
איך פֿיל, איך טראָג נאָך גליקן מערער פֿאַר מײַן ניצלעך לעבן,
וואָס איר האָט דורכן גאַנצן טאָג פֿאַרלאַכט, פֿאַרהאַסט ביז וויטיק.

## ווינט

איך קום פֿון שטאָט, פֿון פֿרײַנד,
און גלאָט אַזוי פֿון ערגעץ־ווו.
די אַלע פֿרײַנד, וואָס כ׳האָב באַגעגנט גייענדיק אַהיים,
גליטשנדיק זיך אַדורך דורך מײַנע פֿינגער ווי אַ ווינט,
ווען כ׳וועל די שוועל פֿון הויז אַריבערטרעטן.
איצט איז פֿון אַלע פֿרײַנד נאָך ווייניקער פֿון ווינט
געבליבן, ווען איך בין אין הויז אַרײַן.

איך שטיי אַ רגע אין דער פֿינצטערניש.
אַליין — אַן איבערמענטש,
אַן אויסגעטראַכטע זאַך,
אַ טייל פֿון אָט דער פֿולער שטילקייט —
מיט פּײַקלעך אין די אויערן,
וואָס קלאַפּן טומלדיק און הויך.
פֿאַרשטיינערטע קוקן די אויגן,
אויפֿגעריסענע פֿאַר זיך,
פֿאַרביסענע,
ריידן די ליפּן צו מײַן הויז.
בלויז איך איינער הער:
אָט בין איך דאָ געקומען, איך, דער איינציקער פֿון אַלע מענטשן,
דער פֿאַרשטיינערטער פֿון שטיין און מויערן,
צו דיר.

נ״י 1920

נ. מינקאָוו

## פֿרייד

פֿרייד,
מײַן גרויסע פֿרייד,

וועלטן האָבן זיך צעשאָטן אין ראַקעטן —
זילבער,
זילבער.

פֿרייד,
מײַן גרויסע ציטערדיקע פֿרייד,
טויטע ריזיקע פֿעלדזן
אויף מײַנע שוואַרצע הימלען
רײַסן איצט זיך אויף,
און די שוואַרצע זון בליצט־אויף —
זילבער,
זילבער.

פֿרייד,
דו, גרויסע וואַלנדיקע פֿרייד,
דו, גרויסע טרויעריקע פֿרייד.

נ״י 1920

יעקב סטאָדאָלסקי

## וואָס בין איך געווען אין דײַנע הענט?

וואָס בין איך געווען אין דײַנע הענט?
איך בין געווען דאָס ליים, דאָס שטרוי אין דײַנע הענט.
דאָס ליים, וואָס איז צעשפּרייט איבער די בערג;
דאָס שטרוי — דער שפּיל פֿון ווינט.
איבער מײַנע פֿלאַכן
האָבן זיך אָדלערס צו זייערע פֿעלדזן־נעסטן געטראָגן;
ווינטן אין זייער מאַרש האָבן אויף פֿלייטן געשפּילט.
האָסטו מיך פֿון דער זון אָוועקגענומען,

פֿון די ווינטן מיך באַהאַלטן.
אונטער דעם קאַלטן שײַן פֿון דײַנע אויגן,
אונטער דעם הויך פֿון דײַן אָטעם,
אונטער דעם סטיל פֿון דײַנע הענט
בין איך אַ ליאַלקע־גולם געוואָרן.
אײן מאָל —
באַהערשט פֿון די שדים פֿון דײַן לוסט,
האָסטו מיך, ווי צעבראָכענע שטיקלעך פֿון אַ וואַזע
אונטער דײַן פֿענצטער געלאָזט ליגן...
האָב איך די לעצטע בראָכשטיקער פֿון מײַן שׂינאה
אין דעם אויוון פֿון מײַן פֿאַרצווייפֿלונג געוואָרפֿן.
די פֿלאַמען, וואָס האָבן זיך לאָכעדיקע און גיריקע
פֿון מײַן בראַנד געריסן,
האָבן אויך דיך דערגרייכט.

נ״י 1920

בערנאַרד לויס

## דער קאַלטן

איך בין ניט דאָס פֿאַרגייענדיקע,
איך בין ניט דאָס קומענדיקע.
איך בין אַ קאַלטן אויף אײַערע קעפּ,
וואָס אַן אַלטער מאַניאַק
האָט מיט שטאָלענע פרענטלעך פֿאַרפֿלאָנטערט.
דער לעסטערער פֿון טאָג,
דער ווידערשפּעניקער פֿון נאַכט,
און פּײַניקט אײַך אײַער עקשנותדיקע רוגזה
און איר זוכט שוין צווישן קאַקטוס־ביימער —

בין איך אַ זאַמדטיפֿון, וואָס פֿאַרשיט זיי.
איך בין די לאַנגווײַל,
וואָס פֿאַרצערט
דאָס אײַנגעשרומפּענע פּנים פֿון אַ בלאָנדער דאַמע,
וואָס ליגט אויף אַ פּערסישן דיוואַן און רויכערט האַשיש,
און בענקט נאָך אַ פֿאַרטיפֿשטן פֿראַנט אין אַ צילינדער־הוט.
מײַן פֿאַרשאָלטענער בליק קוקט אויף אײַך,
דורך די שפּאַרעס פֿון אײַערע חורבֿות
און רויבט פֿון אײַך די רו.

נ"י 1920

## מ. אַפּראַנעל

# אַ קראַנץ

אַ רעגנדיקער אומעט.
פֿאַרוואָגלטער פֿאַרוווּרף —
דײַנע בליקן,
זיי וויינען, זיי בעטן, זיי מאָנען:
— דו האָסט מיך קיין מאָל ניט פֿאַרשטאַנען.
פֿרעמד איז דיר מײַן האַרץ,
וואָס טרינקט זיך, אַ בעטנדע,
אין דעם אייגענעם בוזעם.
נאָר אויך דו, פֿון צײַט צו צײַט,
וואַגסט אַ גרינגע אַוואַנטיורע,
לויפֿט־אַרויס פֿון זיך אַ ווײַל,
און לאָזסט די טיר־און־פֿענצטער אָפֿן —
פֿון דײַן האַרצן,
און פֿאַרגעסט צו פֿאַרמאַכן,

און קומט צו מיר און נעמט מיך לײַכט אַרום
דײַן יעדער הויך —
אַ תהום פֿון קורצער רו.
עס שלאָגן אַרום מיר אין נאַכטבלויע שלייפֿן
די וואָגלענד־מילדע וואַלן פֿון דײַן לײַב,
און ווערן גיך צעבונדן,
אין גלוט פֿון פֿאַרוויגנדע קושן.
נאָר אומגעריכטערהייט,
אין פּלאָנטערדיקער שרעק,
דו פּליסטערסט שטיל:
— זע, דײַנע האָר זײַנען שוין גרוי,
עס וועבט זיך אויף דײַן שטערן אַ נעץ פֿון קנייטשן —
באַמערק איך, ווי עס שפּילט זיך
אַ בייזער ווינט, ביז דולער שיכּרות,
מיט דעם בלאַסן פֿײַער פֿון דײַן האַרצן.
ווייל איך, דו זאָלסט צוריק אַרײַן,
און טיר־און־פֿענצטער זיך פֿאַרמאַכן,
ווענד איך דיר אָפּ:
— דאָס, וואָס דו זעסט, איז ניט קיין גרויע האָר,
און ניט קיין נעץ פֿון קנייטשן.
דאָס האָב איך בלויז פֿון דײַנעטוועגן
זיך אַ קראַנץ געפֿלאָכטן.

נ״י 1920

מיכל ליכט

## קונסט אין גאָרקיך

...אַט ווערט לעבעדיק אַרום אַ טישל
און ווי פֿון דער ערד וואַקסט־אויס אַ טויבער קעלנער,

וואָס דערלאַנגט דיר טיי, ווען דו האָסט פֿאַרלאַנגט גאָר קאַווע.
און — „ג. ב׳ס אַרטיקל איז אַ שטיק קוואַטש״.
אַ קאַרגנס גאָב
אויף אַ מילדער מיידלס חתונה. בײַם טישל זיצט
גרונם פּ., דער פֿאַרשפּײַז־עקספּערט פֿון בלאַט „נײַעס״.
„...אַ שיינע מתנה האָט געקראָגן דער רעדאַקטאָר
פֿון זײַן פֿרוי צו זײַן געבורטסטאָג, אַ גאָלדענע פֿאָנטן־פּען.
דער פּורצע וועט מיט איר קיין אַרטיקל דאָך ניט קאָנען אָנשרײַבן...״
— די צענזור בײַ אײַך, ה׳ גרונם, איז ניט צום אויסהאַלטן!
ווער איז דער לידער־לעזער בײַ אײַך? ס׳מוז זײַן אַ יונג,
וואָס האָט דערפֿאָלגרײַך צוואַנציק יאָר פֿאַרקויפֿט הערינג
אין אַ גאַסטראָנאָמיש געשעפֿט. —

די טיי ווערט קאַלט און

מען מוז זי דאָך אויסטרינקען.

„מײַן ליד איז אַ ווונדער. איך
בין ניט זיכער, אַז אַזעלכע לידער קאָנען אָנגעשריבן ווערן
אָפּט מאָל״.

אַ יונגן דיכטערס אייגן ליד. אויך
אייגענע לויב. צום דערלײַדן.

„קינזשאַלס פּרעלוד
איז אַ מײַסטערווערק. יאָ, ווער איז קינזשאַל?״
קינזשאַלס אַליבי.
א. ב. ג. שטעלט די שטוינענדיקע פֿראַגע און עמעצער
האַקט אים אָפּ
און שמייכלט פֿויל, טענדענציעז... באַליידיקט אַ געדאַנק, און ער
טראַכט זיך: „ווי גרין די חבֿרה וואָלט פֿאַר פֿאַרדראָס געוואָרן,
ווען זיי וויסן, ווי לײַכט מיר איז די לעצטע זאַך געראָטן!״
די טיי איז קאַלט און באַלד טאַקע אויסגעטרונקען.
בײַם גרויסן דיכטער שוויצט ערגעץ אין קעשענע אַ ניקל
פֿאַר זײַן קאַווע, פֿאַר זײַן מיינונג, פֿאַר זײַן ווערק.

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פון יונג־ווילנע

אליהו שולמאַן

## פון „יונג־ווילנע 1929 — 1939“

### פאָרגייערס און אָנזאָגערס

די קינסטלער פון „יונג־ווילנע“ זײַנען דערצויגן געוואָרן אין דער ספערע פון דער וועלטלעכער ייִדישער קולטור. כמעט יעדער פון זיי איז דערצויגן געוואָרן אין וועלטלעכע ייִדישע שולן. אין זייער פריסטער יוגנט האָבן זיי אײַנגעזאַפּט אין זיך די עלטערע און די מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור. אַלע האָבן זיי געהאַט אַ באַוווסט־זיניקע באַציִונג צום ייִדישן לעבן און צו דער ייִדישער קולטור. די יונג־ווילניאַנער זײַנען געקומען פון אָרעמע ייִדישע היימען און זיי האָבן די ייִדישע נויט אי אַליין דורכגעפילט, אי אַליין דורכגעלעבט.

פון די סאַמע ערשטע יונג־ווילניאַנער, וואָס זלמן רייזען האָט אין יאָר 1929 פאָרגעשטעלט פאַר דעם ייִדישן לייענער, האָבן זיך קיין גאָר וויכטיקע שריפטשטעלערס ניט אַנטוויקלט. ערשט די וואָס זײַנען צוגעקומען שפּעטער צו דער גרופּע און ווען די ערשטע יונג־ווילניאַנער האָבן דערמוטיקט — אָט די האָבן באמת באַשאַפן „יונג־ווילנע“. צוויי פון די סאַמע ערשטע יונג־ווילניאַנער זײַנען געווען סאָלאָווייטשיק און פאַליקמאַן און דיביידע האָבן אין די דרײַסיקער יאָרן זיך באַזעצט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיי האָבן זיך ביידע צוגעפּאַסט צו די דאָרטיקע באַדינגונגען און פאָדערונגען. זייערע דערציילונגען האָבן זיך געדרוקט אין די סאָוועטיש־ייִדישע זשורנאַלן. און ווען איך האָב באַזוכט ווילנע אין 1935־1936, האָב איך זיי אין ווילנע שוין ניט געטראָפן. נאָך איינער פון דער גרופּע יונג־ווילניאַנער איז געווען י. שטערן, אַ ברודער פון דעם דיכטער שלום שטערן און י. זיפּער. ער האָט אימיגרירט קיין קאַנאַדע, וווּ ער איז אַ ייִדישער לערער. נאָך אַ דיכטער, א. לעוו — אין ארץ־ישׂראל.

שמשון קאַהאַן אָדער, ווי מיר פלעגן אים רופן, סיאָמקע קאַהאַן,

איז געבוירן געוואָרן אין 1905. ער האָט זײַן דערציִונג באַקומען אין עטלעכע פֿאַרשיידענע שפּראַכיקע שולן. ש. קאַהאַן איז געווען, וואָס מען פֿלעגט רופֿן, אַ „ווילער יונג". ער האָט ליב געהאַט זיך אָנטאָן אין רוסישע בלוזעס, מיט אַ קוטאַש, גלאַנציקע שטיוועלעך. פֿאַר אַ צײַט איז ער געווען אַ דאָרפֿלערער. טאַקע דעמאָלט האָט ער זיך באַקענט מיט אַ גרופּע ציגײַנערס. ער האָט זיך אויסגעלערנט זייער שפּראַך — און האָט זיך מיט זיי אײַנגעלעבט. שפּעטער האָט ער אויפֿגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל ציגײַנערישע לידער, האָט זיי איבערגעזעצט אויף ייִדיש און זיך געגרייט זיי אַרויסצוגעבן אין בוכפֿאָרעם. ליידער איז דאָס בוך קיין מאָל ניט דערשינען. ש. קאַהאַן איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פֿון דעם ייִדישן טעאַטער און ער איז פֿאַר אַ צײַט געווען אַ סופֿליאָר. אין ווילנע האָט מען אין די יאָרן 1934־1935 אָנגעפֿירט אַ שטאַרקן קאַמף קעגן דעם שונד אין ייִדישן טעאַטער און ש. קאַהאַן איז געווען איינער פֿון די אָנפֿירערס פֿון דעם דאָזיקן קאַמף. ער האָט דעמאָלט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סך אַרטיקלען אין „ווילנער טאָג" וועגן שונד און קונסט, און ער איז, נאַטירלעך, אַרויסגעטראָטן קעגן שונד און פֿאַרטיידיקט די קונסט.

אין 1936 איז ד"ר מיכל ווײַכערט געפֿאָרן צום טעאַטער־פֿעסטיוואַל אין מאָסקווע. ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין פּוילן, האָט ער געהאַלטן לעקציעס און געשריבן אַרטיקלען וועגן דעם מאָסקווער טעאַטער־פֿעסטיוואַל. ש. קאַהאַן האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו פֿאָרן קיין מאָסקווע. איז ער געפֿאָרן קיין וואַרשע און, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע, האָט ער געשריבן וועגן אונדזער ייִדישן טעאַטער־פֿעסטיוואַל — וועגן די וואַרשעווער ייִדישע טעאַטערס.

ש. קאַהאַן איז געווען אַקטיוו אין דער לינקער באַוועגונג, ספּעציעל אין דער באַוועגונג פֿאַר ביראָ־בידזשאַן. ער איז געווען איינער פֿון די רעדאַקטאָרן פֿון ווילנער זאַמלביכל „ביראָ־בידזשאַניש". ער איז געווען דער אָפֿיציעלער פֿאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פֿון „ווילנער טאָג". ער פֿלעגט די צײַטונג „אונטערשרײַבן". און אַזוי ווי די צײַטונג איז זייער אָפֿט קאָנפֿיסקירט געוואָרן — האָט ער געהאַט אויף זיך אַ מאַסע פּראָצעסן.

חיים גראַדע איז געבוירן געוואָרן אין 1910. זײַן פֿאָטער איז געווען פֿריִער אַ העברעיִשער לערער און שפּעטער אַ שומר פֿון ייִדישע געשעפֿטן. גראַדע איז יונגערהייט געוואָרן אַ יתום. זײַן מוטער האָט זיך שטאַרק געמוטשעט אויסצוהאַלטן חיימקען. געוווינט האָט די אַלמנה מיטן קינד אין אַן אָרעמער וווינונג אויף דער

הקדש־גאַס. זײַן מוטער פֿלעגט שטיין מיט אַ קאָשיק עפּל אויפֿן מאַרק, ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זײַן ליד „מײַן מאַמע", וואָס איז אַזוי וואַרעם באַגריסט געוואָרן פֿון די ייִדישע שריפֿטשטעלערס און לייענערס. דאָס אויטאָביאָגראַפֿיש ליד הייבט זיך אָן אַזוי:

די באַקן — אײַנגעפֿאַלן און די אויגן — האַלב נאָך אָפֿן
הערט מײַן מאַמע ווי עס זיפֿצן אירע קני:
אַ גאַנצן ווינטערדיקן אינדערפֿרי
אויף אַלע מערק אַרומגעלאָפֿן.
לאָז זשע איצטער אונדז בײַם טויערוואַנט
די נאַכט דערשלאָפֿן.

א. וואָגלער, וועמענס ריכטיקער נאָמען איז אלחנן ראָזשאַנסקי, איז געבוירן געוואָרן אין 1907. אין דער צײַט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך אויסגעוואָלגערט אין אַ הקדש אין אַ שטעטל נעבן גראָדנע. די שווערע יוגנט, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, האָט איבערגעלאָזט אַ סך טרויעריקע סימנים אויף אים. חוץ פֿאַר־שיידענע פֿיזישע צייכנס האָט עס אויך באַווירקט זײַן געמיט־צו־שטאַנד. אַ שטילער, אַ צוריקגעצויגענער, פֿלעגט ער ווייניק ריידן. א. וואָגלער פֿלעגט מערער פֿילן ווי ריידן. איינער אַליין פֿלעגט ער לאַנג שפּאַצירן אויף די פֿעלדער און אין די וועלדער אַרום ווילנע און זײַן אָרעמע חיונה האָט ער געצויגן פֿון מאָלן שילדן.

לכּבֿוד דער דערשײַנונג פֿון וואָגלערס ערשטן ביכל לידער „אַ בלעטל אין ווינט" איז אַראַנזשירט געוואָרן אַן אָוונט אין זאַל פֿון דער ווילנער קאָנסערוואַטאָריע. דער זאַל איז געווען פֿול מיט אַ יונגן עולם, וואָס איז געקומען באַגריסן דעם יונגן דיכטער. וואָגלער איז געווען גליקלעך, וואָס אַזאַ עולם איז געקומען צו דער פֿײַערונג. ער איז געזעסן אויף דער בינע און געהאַלטן אין איין שעפּטשען, אַז ער פֿאַרדינט ניט אַזאַ כּבֿוד. אין מײַן באַגריסונג אויפֿן אָוונט האָב איך גערעדט וועגן די רעגיאָנעלע ריכטונגען אין דער אַמע־ריקאַנער ליטעראַטור און האָב זיך דערהויפּט אָפּגעשטעלט אויף דער אַגראַרישער ריכטונג אין די דרום־שטאַטן, וואָס איר אידעאָ־לאָגיע איז אויסגעדריקט געוואָרן פֿון דעם דיכטער און קריטיקער אַלען טייט. אָבער בשעת די דרומדיקע ריכטונג איז געווען אַ רעאַק־ציאָנערע ריכטונג, איז אָבער די ווילנער ריכטונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור מאָדערן, וועלטלעך און פּראָגרעסיוו.

דער פֿאָבל־שרײַבער פּרץ מיראַנסקי איז געבוירן געוואָרן אין

1908. זײַן דערציִונג האָט ער געקראָגן אין אַ וועלטלעכער ייִדישער שול. ער איז געווען אַ פֿריילעכער, גוטמוטיקער און לעבעדיקער בחור. זײַנע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן שטענדיק געברענט. אויף אַ חבֿרישן צוזאַמענקום, אויף אַן אָוונט אָדער ליאַמע, איז ער שטענדיק געווען אין צענטער. מיראַנסקי האָט איבערזעצט אויף ייִדיש פּאָפּולערע סאָוועטישע לידער, וואָס זײַנען געזונגען געוואָרן פֿון דער ווילנער יוגנט.

מײַן ערשטע באַקאַנטשאַפֿט מיט לייזער וואָלפֿן האָב איך געמאַכט אין סטראַשונס ביבליאָטעק אויפֿן שולהויף. באַקענט האָט מיך מיט לייזער וואָלפֿן דער געהילף־ביבליאָטעקאַר חײַקל לונסקי. לייזער וואָלף פֿלעגט קומען אין דער סטראַשון־ביבליאָטעק יעדן פֿרײַטיק אין דער פֿרי צו לייענען די „ליטעראַרישע בלעטער״. ער איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער בחור, אין דער זעלביקער עלטער ווי אַלע יאַטן פֿון „יונג־ווילנע״, מיט שיטערע אויספֿאַלנדיקע האָר און שאַרפֿע פּנים־שטריכן. אויך לייזער וואָלף, פּונקט ווי וואָגלער, איז געווען אַ גרויסער שווײַגער. אויף די פֿרײַטיק־צו־נאַכטיקע טאַנצאָוונטן אין דער ייִדישער גימנאַזיע פֿלעגט ער זיצן אין אַ ווינקל און דורכנעמען אַלעמען מיט זײַנע שאַרפֿע אויגן. לייזער וואָלף איז געווען אַן אַרבעטער, אַ זעמשער. ער האָט אויסגעאַרבעט די היימישע הענטשקעס. געאַרבעט האָט ער אין דער היים פֿאַר אַן אונטערנעמער.

דער דערציילער משה לעווין איז געבוירן געוואָרן אין 1908. עטלעכע יאָר האָט ער זיך געלערנט אין אַ ייִדישער פֿאָלקשול. שפּעטער האָט ער גענומען פּריוואַטע לעקציעס בײַ פֿאָלק הײַלפּעריגען. פֿון פּראָפֿעסיע איז ער געווען אַ רעטושאָר. ער איז געווען שווער אויפֿן געהער, אָבער מיט זײַן קינסטלערישן חוש האָט ער דורכגענומען מענטשן. ער האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס זיי האָבן גערעדט און וואָס זיי האָבן געפֿילט.

דער ייִנגסטער פֿון דער גרופּע, אַבֿרהם סוצקעווער, איז געבוירן געוואָרן אין 1913. אין 1915, אײדער די דײַטשן האָבן פֿאַרנומען ווילנע, האָט די פֿאַמיליע אויסגעוואַנדערט קיין סיביר. די סיבירער לאַנדשאַפֿט און דער קלימאַט האָבן איבערגעלאָזן זייערע צייכנס אויפֿן יונגן ייִנגל. אין 1922 קערט זיך צוריק די סוצקעווער־פֿאַמיליע קיין ווילנע. אַבֿרהם סוצקעווער מאַכט־דורך אַ פּריוואַטע ייִדיש־פּוילישע גימנאַזיע. ער לייענט אָבער אַ סך ייִדיש. אַ שטאַרקן אײַנפֿלוס האָט אויפֿן יונגן בחורל געהאַט משה קולבאַק. סוצקעווער האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַן עלעגאַנטן, שלאַנקן בחור, מאָדערניס־

טיש געקליידט. גערעדט האָט ער שטענדיק אינטערעסאַנט. ער האָט זיך געהאַלטן שטאָלץ מיט דעם, וואָס הגם ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ פּוילישער שול, איז אָבער די ייִדישע שפּראַך מיט אַלע אירע ניואַנסן און קנייטשן געווען פֿאַר אים אַן אָנרעג פֿאַר קינסטלערישע עקספּערימענטן און לשון־באַרײַכערונג:

װעלכע שטאָלצע האַנט האָט פון גראַניט
אויסגעהאַקט דעם קאָפּ פון אָט דעם ייִד
און אַרײַנגעצונדן אין זײַן פּנים
שאַרפֿע קאַבאַליסטישע סימנים
פון אַ װעלט־געשיכטלעכן מאַרשרוט,
אָנגעצייכנט מיט יהודהס בלוט
און באַפלאַמט מיט האָפֿענונג און מיט גלויבן.

כּדי נאָך מערער באַקאַנט װערן מיט ייִדישע שרײַבערס, איז סוצקעװער עולה־רגל געװען קיין װאַרשע אין װינטער 1936. דאָרטן האָט ער זיך באַקענט מיט אַלע װיכטיקע ייִדישע שרײַבערס; ספּע־ציעל האָט ער זיך געחבֿרט מיטן דיכטער און דערציילער ש. זאַראָמב. בײַם פֿאַך איז א. סוצקעװער געװען אַ רעטושאָר. צוליב זײַן מאָדער־ניזם און קינסטלערישע עקספּערימענטן איז אַ. סוצקעװער ניט גלײַך אָנערקענט געװאָרן אין װילנע, װי אייניקע פֿון זײַנע חבֿרים. אָבער װען עס האָבן זיך באַװיזן באַגײַסטערטע אָפּרופֿן אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּרעסע װעגן זײַנע לידער, האָבן שוין װילנע און װאַרשע אויך אים באַגריסט און אָנערקענט. אַ גרויסן אײַנפֿלוס אויף אַ. סוצקעװערן האָט געהאַט דער דיכטער א. לעיעלעס. זײַנע װאַרעמע בריװ צו סוצקעװערן האָבן דעם יונגן דיכטער זייער שטאַרק דערמוטיקט. און דאָס, װאָס דער „אינזיך" האָט אים אַזוי גערן גע־דרוקט, האָט אים באַװירקט נאָך מער צו שאַפֿן.

די נשמה פֿון „יונג־װילנע" איז געװען ש. קאַטשערגינסקי, װאָס איז געװען באַקאַנט אונטערן נאָמען כ. שמערקע. אַ פּשוטער האַרציקער בחור, אָן פּניות, ערלעך און אויפֿריכטיק. ער איז געװען דער „מענעדזשער" פֿון דער גרופּע. ער האָט אָרגאַניזירט אַלע לי־טעראַרישע אָװנטן, אַרויספֿאָרן, אויספֿלוגן און אונטערנעמונגען. ער האָט צונויפֿגעשטעלט די העפֿטן „יונ־װילנע", װאָס זײַנען כּמעט אַלע קאָנפֿיסקירט געװאָרן. שמערקע איז געװען אַ ליטאָגראַף און עס איז געװען אַ פֿאַרגעניגן צו זען, װי ער אַרבעט אויף די ליטאָ־גראַף־מאַשינען. כ. שמערקע האָט געשריבן פֿײַנע רעפּאָרטאַזשן און

גאַנץ געלונגענע דערציילונגען. צוזאַמען האָבן מיר באַזוכט די באַרימטע דרוקערייען פֿון האַלמנה והאַחים ראָם אין „ראָזענקראַנץ און שריפֿטזעצער". דער אָנפֿירער פֿון דער ראָזענקראַנץ און שריפֿטזעצער־דרוקעריי איז געווען ד"ר שאַלקאָוויץ, אַ זון פֿון בן אַביגדורן. דער יונגער שאַלקאָוויץ איז געווען אַ „דאָקטאָר פֿילאָסאָפֿיע אויס בערלין" און גערעדט האָט ער דײַטשמעריש. שפּעטער האָט כ. שמערקע געגעבן אַן אינטערעסאַנטן רעפּאָרטאַזש פֿון דער דרוקעריי פֿון האַלמנה והאַחים ראָם. כ. שמערקע האָט אָנגעשריבן אַ ליד, וואָס איז געוואָרן באַקאַנט ניט נאָר אין פּוילן, נאָר אויך אין אַמעריקע און ארץ־ישׂראל. אין דעם ליד האָט ער געכאַפּט דעם טאָן פֿון אַן עכט פֿאָלקסליד:

טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך
בויען באַריקאַדן
און אויף די גאַסן גייען שוין
אַרבעטער־אָטריאַדן...

כ. שמערקע איז יאָרן נאָך אַנאַנד געווען דער פּוילישער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער ניו־יאָרקער „פֿרײַהייט". געשריבן האָט ער אונטערן נאָמען ש. נוימעס.

...הגם ניט קיין מיטגליד פֿון „יונג־ווילנע", אָבער זייער אַ נאָענטער מענטש, איז געווען דער יונג־פֿאַרשטאָרבענער דיכטער מיכל נאַטיש־שוטאַן, מחבר פֿון בוך לידער „מוליער הירש". נאַטיש שטאַמט פֿון סוועציאַן, וווּ ער האָט זיך געלערנט אין דער עלעמענטאַר־שול צוזאַמען מיטן דיכטער מײַנקע קאַץ. נאַטיש האָט שפּעטער געענדיקט די סוועציאַנער ייִדישע גימנאַזיע און האָט זיך שפּעטער אויך געלערנט אין דעם וואַרשעווער „יודאַיִסטישן אינסטיטוט". מיט די יונג־ווילניאַנער האָט זיך אויך געחבֿרט דער סוועציאַנער יונגער מאַן לייב גערמאַניסקי, וואָס האָט געשריבן פֿײַנע לידער און טיפֿע קריטישע אַרטיקלען אונטערן נאָמען א. ל. גאָרין. גערמאַניסקי איז געווען שטאַרק באַאײַנפֿלוסט פֿון מ. קולבאַקן. אין מײַ 1936 האָט מען אים אַרעסטירט און פֿאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע. דאָרטן איז ער אַ וואָך שפּעטער פֿאַרמאַטערט געוואָרן צום טויט.

„יונג־ווילנע" האָט אויך געהאַט דרײַ מאָלערס: בן־ציון מיכטאָם, ראָזע סוצקעווער און שיינע עפֿראָן. אַלע דרײַ זײַנען זיי געווען באַגאַבטע קינסטלערס. זיי האָבן זייערע בילדער אויסגעשטעלט אין אַ סך שטעט אין פּוילן. מיכטאָם און ראָזע סוצקעווער האָבן אויך געצייכנט די הילעס צו עטלעכע אויסגאַבעס פֿון „יונג־ווילנע".

...די יונג־ווילנער האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ מין „פּראַ־טערניטי". אײנער האָט געהאָלפֿן דעם צווייטן. די קינסטלער זײַנען געווען אַקטיוו אויף אַלע געביטן פֿון ייִדישע קולטור־טעטיקייטן. זיי האָבן באַפֿרײַנדט יעדן ייִדישן שרײַבער, וואָס איז נאָר געקומען קיין ווילנע. צי עס איז געווען איציק מאַנגער אָדער חיים־לייב פֿוקס, קלמן ליס אָדער משה שולשטיין, צבֿי שאַרגעל און ישׂראל ראַבאָן, נחום באָמזע און ברוך געלמאַן. אַלע זײַנען וואַרעם אויפֿגענומען געוואָרן פֿון די יונג־ווילנער. אויף דעם וועלט־צוזאַמענפֿאָר פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט האָט זיך די גרופּע שטאַרק אָנגעזען. די דיכטערס האָבן געלייענט זייערע לידער און כ. שמערקע האָט געהאַלטן אַ פֿאָרטראַג וועגן „יונג־ווילנע". ווען זוני מאָוד און יאָסל קאָטלער זײַנען געווען אין ווילנע מיט זייערע „מאָדיקאָטן", האָבן די יונ־ווילנער זיי שטאַרק אַרויסגעהאָלפֿן.

...ניט לײַכט איז געווען פֿאַר די יונג־ווילנער צו קריגן די אָנערקענונג. אָבער ביסלעכווײַז האָבן זיי פֿאַרנומען דאָס וויכטיקע פּלאַץ אין דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס זיי האָבן זיך באמת פֿאַרדינט. אַ סך אַרויסגעהאָלפֿן האָבן זיי אין פּוילן זלמן רייזען, פֿאַלק הײַלפּערין און נחמן מייזיל. דניאל טשאַרני האָט זיי רעקאָמענדירט צו ליעסינען פֿאַר דער „צוקונפֿט". אַמעריקע האָט זיי געגעבן אַ סך דערמוטיקונג. אַ. לעיעלעס, י. גלאַטשטיין פֿון „אינזיך", א. ליעסין דורך דרוקן זיי אין דער „צוקונפֿט", און די קריטישע אַרטיקלען פֿון ב. ריווקין, וויליאַם נאַטאַנזאָן, י. א. ווײַסמאַן, ד"ר מוקדוני, ש. ניגער און אַבֿרהם רייזען, די בריוו פֿון א. לעיעלעס, י. אָפּאַטאָשו און ה. לייוויק — אַלץ האָט זיי געהאָלפֿן מפֿורסם צו ווערן אין דער ייִדישער וועלט.

נ"י 1946

## חיים גראַדע

# י אַ

עס ליגט דער אויסגעשטערנטער אין־סוף געפֿאַנגען,
אין די שײַבעלעך פֿון אונדזער הויז.
מײַן פּנים איז אין פֿענצטער אויפֿגעגאַנגען,
ווי אַ לבֿנה קײַלעכדיק און גרויס.

איך קוק־אַרויס, ווען הייבט שוין אָן צו טאָגן,
עס נאָגט מײַן האַרץ דער אומעטיקער בלאָ;
איך מוז זיך דורך דער נאַכט דער שלאָפלאָזער דערשלאָגן
דעם קומענדיקן טאָג צו זאָגן: יאָ!

דער הימל האָט אין מײַנע שײַבעלעך געגעכטיקט
און איך האָב אויסגעטרונקען ביזן דעק
מײַן ווייטיק אין דער נאַכט — און שוין באַרעכטיקט
מײַן ווייטיק אין די קומענדיקע טעג.

יאָ! — דאָס איז דער ענטפער פון מײַן יוגנט,
ווען זי באַדאַרף פון אייגן הויט אַרויס.
יאָ! — דאָס מיינט: מײַן גורל איז מײַן טוגנט;
מײַן פאַטום איז דער מילכוועג צו מײַן גרויס.

מײַן לײַדנשאַפט פאַרטיף איך ביז צו איבערצײַגונג,
פאַר מיר איז אַלץ אין לעבן אומבאַדינגט.



ש. ניגער

„ער איז טיף פאַרוואָרצלט אין אונ־דזער פאָלקס־דור־דורותדיקער שאַ־פונג. זײַן פאָעטישער סטיל האָט אין זיך עפּעס פון דעם תנכס משל און מליצה... און אויב ער זאָגט יאָ, זאָגט ער עס אויף צו־להכעיס דעם ניין".

(פון בוך יידישע שרײַבער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט)

איך קען ניט זײַן דער פֿויגל אין די צווײַגן,
וואָס וויגט זיך סתם אַזוי און זינגט.

דער פֿויגל אין זײַן פֿרילינגפֿלי אַפֿילו,
איז דאָך אויך ניט פֿרײַ אין זײַן געזאַנג.
איך, דער אייניקל פֿון דער גאָרילע,
זע די גאַנצע וועלט אין איר צוזאַמענהאַנג.

גאָטס זינגענדיקער גוף אין העכסטן פֿורעם —
בין איך דער קראַנקער מענטש בײַם בלויען שויב.
יאָ! — דאָס איז דער פֿריידגעשריי פֿון שטורעם —
צו דעם גרויען ווערעמל אין שטויב.

יאָ! — דאָס ענטפֿערן די שטערן: אָמן,
אויף מײַן יאָמער וואָס פֿאַרקליידט זיך אין געזאַנג.
אַלץ, וואָס האָט אי יאָ אי ניט קיין נאָמען,
קעמפֿט אין מיר אַנטקעגן אונטערגאַנג.

יאָ! — אָט די באַשטימונג ווערט צו מיר געשלײַדערט
פֿון ים מײַן מוטערטראַכט און וואַלד — מײַן וויג.
אַלע ברואימלעך געדענקען נאָך אין ווײַט דאָרט
מײַן אויסזען מיט יאָרטויזנטער צוריק.

אַ בריק פֿון די יאָרטויזנטער ווערט ווי אַ רעגן־בויגן,
פֿאַרוואָרפֿן פֿון מײַן פֿענצטער ביז צום וואַלד.
די חיות — מײַנע אורפֿאָטערס — מיט שטוינענדיקע אויגן
באַשמעקן פֿאַרזיכטיק מײַן איצטיקע געשטאַלט.

זיי צערטלען מיך מיט הייסע ציין און שאַרפֿע נעגל:
מיר האָבן דורות זיך געראַנגלט, דו זאָלסט זײַן;
דער דזשונגל איז צו מיר איצט עולה־רגל
און איך גיי העכער אויף צום שטערנשײַן.

איך ווייס: די שטערן זײַנען ווײַט און אייביק.
נאָר איך, דער קראַנקער מענטש, בײַם בלויען שויב,
וועל מײַן האַרץ, וואָס איז ניט מוטיק און ניט גלייביק,
אַפֿילו מיט געוואַלט באַפֿעלן: גלייב!

גלייב! עס נעמט דאָס גרויסע ליכט באַלד שײַנען,
אַזאַ פּזרנותדיקע ליכט — און זי איז אויך ניט פֿרײַ.
ס'איז דאָ אַזוי פֿיל אויף דער וועלט, וואָס קען ניט טענהן,
און וואָס באַוועגט זיך צו איר ציל געטרײַ.

גלייב! די פֿינגער מײַנע ציִען זיך ווי שטראַלן,
ווי טרערן רינט פֿון מײַן געזיכט דער בלאָ.
מײַן האַרץ — דערשלאָג זיך צו דעם קוואַל פֿון אַלע קוואַלן!
דערשלאָג זיך צו דעם ערשטן זאָגנדיקן: יאָ!

ווילנע 1936

משה לעווין

# לערערין אידע

פון בוך „פרילינג אין קעלערשטוב"

דורך די ברייטע צעעפֿנטע פֿענצטער האָבן זיך די פֿרימאָרגן־שטראַלן פֿון דער זון צוגעשאַרט צו די שלאָפֿנדיקע אויגן פֿון דער לערערין אידע און זיי אַדורכגעלויכטן; אַ ווינטעלע האָט זיך צוגע־טשעפּעט צו אירע צעשפּרייטע בלאָנדע האָר אויפֿן קישן, געשווי־בערט זיי און געגרײַזלט אַ רגע, צוויי, ביז וואַנען דער קליינער אײַנ־גענורעטער קערפּער האָט זיך אויסגלײַכן גענומען און אויפֿוואַכן. אַ מידקייט האָט זי גלײַך דערפֿילט אין אירע דינע מיידלשע גלידער נאָך פֿון נעכטן, ווען זי איז ביז שפּעט בײַנאַכט געזעסן אויף דער אַלטאַנקע און פֿאַר אַ לאָמפּנשײַן צונויפֿגעקלעפּט פֿון בייגעלעך קאָ־

לירטע פּאַפּיר און קאַרדאָן די מאַסקעס און קאָסטיומען פֿאַר אַ פּרינץ, אַ מכשפֿה און אַ בער צום הײַנטיקן קינדער־אָוונט. נאָר צו גלײַך מיט דער מידקייט האָט זיך אָפּגערופֿן אין אירע אויערן דער עכאָ פֿון די קינדערשע שטימען, וואָס האָבן אויף דער „גענעראַל־פּראָבע" אַזוי קלינגענדיק דרייסט און קינדיש אויפֿריכטיק אָפּגעשפּילט די ראָלן... און זי האָט מיט פֿאַרגעניגן צעעפֿנט די אויגן אַלץ ברייטער, די הענט צעשטרעקט אַנטקעגן דעם נײַעם טאָג, אײַנגעאָטעמט פֿולברוסטיק די שטײַפֿע אַזומיקע וואַלדלופֿט.

פֿון דער דערבײַיִקער וועראַנדע האָבן זיך דערטראָגן די שטימען פֿון די קעכינס פֿון קינדער־פּאַנסיאָן, וואָס האָבן געגרייכט צום פֿרישטיק. אַ קוויטשיקע געקלימפּערײַ פֿון גלעזער און טעצלעך האָט פֿריילעך זיך געכוואַליעט צו אירע אויערן. העלפֿט עס איר נאָך מער זיך צו דערמאָנען אין שטימעלע פֿון דער קליינער ליזע, דאָס טעכטערל פֿונעם שיכל־קרעמער, וואָס האָט אַזוי געראָטן זיך אויסגעלערנט דעקלאַמירן „דאָס ליד פֿון אַרבעטער", און ווי נאַטירלעך דער צעניעריקער מישינקע, וואָס האָט שוואַך יידיש געקענט, דעקלאַמירט אַ שטיק שלום עליכם... און ווי זאַלבע פֿינפֿט שפּילט מען עס אָפּ „דאָס וואַלד־מיידעלע"... און ווי די גאַנצע פֿריילעכע חבֿרותא פֿון איר רשות זינגט אין כאָר און מאַכט גימנאַסטישע איבונגען!...

עס האָבן איצט געפּולסירט אין אירע אָדערן, אַדורכגעמישט מיט יונגן בלוט, יענע שטיקער פֿרייד, וואָס וואַקסן־אָן בײַ אַ לערערין מיט אמתע נאַטירלעכע פּעדאַגאָגישע פֿעיִקייטן און מיט אַ ברייט האַרץ פֿאַרשטענדעניש פֿאַר קינדער. אַפֿילו פֿאַר אַזאַ חבֿרותא פֿון פּופּצן ייִנגלעך און מיידלעך ווי אירע האָדעוואַנקעס...

מיט אַ דריטהאַלבן חדשים צוריק, ווען זי האָט פֿאַרנומען דעם פּאָסטן אין דער קינדער־אָפּטיילונג בײַם פּאַנסיאָן פֿון באָריס צונזער, האָט זי זיי אַרײַנגענומען אין אירע הענט. קינדער צעוואַקסענע מיט גראָבע בײַכלעך; קינדער מיניאַטוריקע גבֿירימלעך; קינדער צעפֿלויגענע, קאַפּריזנע. אָט פֿון דער גרילצנדיקער מחנה, וואָס האָבן איר שיר ניט אַ טויט געמאַכט מיט זייער אַרומשטיפֿן, האָט זי אויסגע־

בילדט אַ דיסציפּלינירטן קלאַס קינדער; מיט אַמביציע, געהאָרכזאַמקייט און שיר ניט מיט אַ נייגונג צו סצענישער קונסט...

כאָטש עס איז נאָך פֿרי געווען און די מידקייט האָט אַלץ וויטיקדיקער געראַנעגן אין אירע גלידער, האָט זי זיך גיך אָנגעטאָן. אַ סך אַרבעט איז געלעגן אויף איר קאָפּ. זי איז דאָך געווען די איניציאַטאָרין פֿון דער פֿאָרשטעלונג. דער בערדיקער גרויגרינער פּאַנסיאָן־אייגנטימער צונזער האָט בלויז אויף אַלץ צוגעבאָמקעט מיט זײַנע מילצענע בלויע ליפּן און געפּרוווט ריידן פּעדאַגאָגיש:

— אַ פֿאָרשטעלונג? פּאָזשאַלוסטאַ[1]! שטעלט דעם „פּרינץ מיטן וואַלד־מיידעלע". ס'איז פּרימאַ! איך האָב דאָך אַמאָל קינדווײַז געשפּילט פֿאַרן בער! די מאַדאַמען וועלן אײַך דערפֿאַר קויפֿן אַ פֿײַנע מתּנה...

ער פֿלעגט זיצן גאַנצע טעג בײַם רעכנברעט, אויסביינדלען די הכנסה און הוצאה פֿון זײַן אונטערנעמונג און ניט מיד ווערן צו דערציילן פֿאַר די מאַדאַמען, וואָס פֿלעגן עטלעכע טעג אין וואָך קומען וועגן און מעסטן די קילאָען פֿון זייערע קינדער, ווי ער איז פֿאַר דער מלחמה געווען דירעקטאָר פֿון אַ קינאָ אין וויטעבסק, שפּעטער אַ היזון־פֿאַבריקאַנט, נאָך דעם הויפּט־בוכהאַלטער אין אַ מאָסקווער באַנק, און איצט... דאַרף ער זיך ניאַנטשען מיט קליינוואַרג...
די מאַדאַמען האָבן גערעדט מיט אים אַ מיאוסן רוסיש, געוויכערט פּאַפּיראָסן און צו רו געלאָזט דאָס קליינוואַרג מיט דער לערערין אידע.

איז זי זיי דאַנקבאַר געווען. אַ געוועזענע שילערין פֿונעם ייִדישן לערער־סעמינאַר, האָט זי זיך דאָ אַרײַנבאַקומען מיט גרויס שוועריקייט און רעקאָמענדאַציע, און באַוויזן אַרײַנצושמוגלען אין די קינדערישע מײַלער אַ פּאָר פֿײַנע אַרבעטער־לידלעך. זי האָט זיך געקוויקט, הערנדיק פֿון די קליינבירגערלעכע קינדער עכטע סאָציאַלע טענער...

---

[1] (רוסיש) מיט פֿאַרגעניגן!

אין משך פֿון גאַנצן הײַנטיקן טאָג האָט זי זיך אויף אַ רגע ניט צוגעזעצט. אַליין איז זי געגאַנגען אין וואַלד נאָך בלעטער און בלומען; באַפּוצט די סצענע, דעם קליינעם זאַל. געשלעפּט דעם קלאַוויר אויבן אָן. אַרײַנגעכאַפּט נאָך אַ פּראָבע מיטן כאָר, מיט דער גימנאַסטישער גרופּע. פֿונאַנדערגעשיקט די לעצטע אײַנלאַדונגען. נאָך האַלבן טאָג צוגעפֿאָרן אין שטאָט אָפּנעמען דאָס נײַע קלייד, וואָס זי האָט זיך קוים דערלעבט צו מאַכן. ענדלעך געקומען בײַ צײַטנס און גע־האַלפֿן אָנטאָן זיך, פֿאַרגרימירן די קינדער...

און ווען „אָט איז דער יום־טובֿ שוין געקומען" האָט געזונגען דער כאָר, האָבן בײַ דער קליינער לערערין אידע די דורכזיכטיקע הענט ווי פֿון צעלולאָיד געציטערט דיריזשירנדיק, און די פֿיס האָבן זיך ווי גומע געבויגן... נאָר אירע אויגן, ווו ס'איז איצט געווען אָנגעזאַמלט אַ פֿרישער קוואַל פֿרייד און ענערגיע, האָבן צוריק שטײַף געמאַכט די גלידער. די קינדער, יום־טובֿדיק געשטימט, מיט פֿולע באַקן, רויט אויסגעפּאַטשט פֿון דערנערונג און וואַלדלופֿט, וועלב־דיק געפֿעלן ווערן די עלטערן אין זאַל. האָבן געזונגען דרײַסט, מיט געפֿיל; מיט ליבשאַפֿט האָבן זיי געקוקט אויף דער לערערין אידע, צו וועמען זיי האָבן זיך צוגעבונדן ווי צו אַ גינציקער מאַמען.

בעת דער פֿאָרשטעלונג פֿון „וואַלד־מיידעלע", שטייענדיק הינ־טער די „קוליסן", האָט אידע מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ נאָכגעפֿאָלגט, נאָכגעשעפּטשעט יעדעס וואָרט, געוווּנקען צו די „אַקטיאָרן" פֿריידיק, און אַז ס'איז געגאַנגען ווי געשמירט, האָט זיך אין איר צעשפּילט יענע לײַדנשאַפֿטלעך צופֿרידנשטעליקע תּאווה, וואָס עס האָט אַ וווּכערטע בײַם ציילן פּראָצענט...

אין זאַל זײַנען פֿאַרשיידענע סאָרטן דאַמעס און הערן געזעסן: מיט צוויי, מיט דרײַ מאָרדעס... דאַמעס גראָבע, שוואַרץ אָפּגעברענטע ווי אַביסיניערינס, און שלאַנקע, ווײַסע, ווי פּאַריזערינס... מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אין אינטעליגענטן קינדער־פּאַנסיאָן דוכט זיך ניט צוליב דער קינדער־פֿאָרשטעלונג, נאָר אַליין אײַנטיילצוגעמען אין אַ פֿאָרשטעלונג פֿון באַקוקן און באַריידן אײנער דעם צווייטן... די

הערן האָבן זיך געשמאַק אַדורכגעשמועסט וועגן סחורה, וועקסלען. רעאַגירט אויף דער פֿאָרשטעלונג האָבן ביסלעכווײַז נאָר די דאַמעס. טייל פּנימער פֿון זיי האָבן געקוואָלן פֿון נחת, קוקנדיק אויף די זינדלעך און טעכטערלעך, וואָס האָבן געשפּילט די „הויפּטראָלן". נאָר הויפּטראָלן זײַנען געווען בלויז פֿיר. האָבן טאַקע אַנדערע מוטערס שטאַרק פֿאַראיבל געהאַט אויף דער לערערין אידע:

— סטײַטש, מיט וואָס איז חײַמאָוויטשעס מיידעלע שענער פֿאַר ליזעטשקען? יענע שפּילט פֿאַר אַ בת־מלכּה און ליזעטשקע — אַ דינסט...

פֿאַר אַן אַנדער טייל דאַמעס איז די העל באַלויכטענע „סצענע" גאָר געווען אַ מין וואָג און מאָס צו אָבסערווירן, אויב זייער פּאַנסיאָנגעלט איז אין ניוועץ ניט אַוועק און וועמעס קינד ס'האָט „צוגענומען" מער קאָלירן. ערשט איצט איז מען געקומען צו גאָר ניט קיין פֿריילעכע רעזולטאַטן...

— דו ווייסט — האָט זיך אָפּגערופֿן די שוואַרצע באַברילטע מאַדאַם שוק צו איר שכנטע — מײַן באָרינקע האָט זיך גאָר ניט פֿאַרריכט! זע, ווי בלייך ער איז אויף דער סצענע. שרעקלעך! צוויי הונדערט פּופּציק גילדן קאָסט עס מיר שוין... ס'איז אַ טורמע, ניט קיין פּאַנסיאָן!

— דאָס איז ריכטיק! — האָט זיך אָנגעכאַפּט די בלאָנדע מאַדאַם גליקסאָן — מײַן אָלינקע זעט אויך אויס ניט גוט אויף דער סצענע...

האָט שוין אַ דריטע מאַדאַם גאָר געפֿונען די סיבה פֿון אַלע קלאָגן: מען מאַטערט זיי צו פֿיל! — טענהט זי — נאַכסאָל זאָלן זיי פּטרן געזונט צו שפּילן טעאַטער?

און די לערערין אידע איז געשטאַנען הינטער די קוליסן און געפֿילט, ווי פֿריידיקע טרערן שפּאַרן איר פֿון די אויגן. די פֿאָרשטעלונג האָט אַריבערגעשטיגן אירע אַלע דערוואַרטונגען. זי האָט דאָס קליינוואַרג שיר ניט נאָס געמאַכט פֿון קושן... און אין זיי האָט אויפֿגעקאָכט די אמתע אַקטיאָרישע לײַדנשאַפֿט... זיי האָבן זיך גאָר ניט

געוואָלט שיידן מיט דער בינע און מיט זייער „רעזשיסער" — דער לערערין אידע...

אַפּלאָדירט האָט מען ווייניק. נאָר אידע, אַ באַגײַסטערטע פֿון די קינדער, האָט בכלל גאָר ניט געהערט... פּלוצעם איז זי אָבער געקומען צו זיך: די דעקלאַמאַציעס הייבן זיך אָן! ווי וועט דער עולם אויפֿנעמען די אַרבעטער־לידער?... ווײַזט זיך אַרויס — מען אַפּלאָדירט שטאַרק! מען אַפּלאָדירט דעם צעניעריקן צאַלוש האַראָוויץ מיט ווײַניק רויטע באַקן און ווײַסע האָר, וואָס דערציילט אַזוי קינדיש מיטפֿילנדיק און תּמימותדיק וועגן אַן אַרבעטלאָזן... בלײַבט די לערערין אידע פֿריידיק איבערגעראַשט:

— עס איז אַדורך אָן אינצידענטן! — קלערט זי...

נאָר דער אמתער שטורעם האָט אַ פּלאַטער געטאָן איבער די שוואַכע פּלייצעס פֿון דער לערערין אידע בײַ דער גימנאַסטישער אָפּטיילונג. ווי נאָר די קינדער האָבן דורכגעמאַרשירט איבער דער בינע אין ספּאָרט־קאָסטיומען, אַנטפּלעקנדיק דעם רייץ פֿון די יונגע, מוסקולירטע, ראָזע גופֿימלעך, האָט שוין די מאַדאַם זשוק מער ניט געקענט אויסהאַלטן: איצט האָט זי בפֿירוש דערזען דאָס קערפּערל פֿון איר יאַטל אָט פּונקט אַזאַ, ווי זי האָט אים אַוועקגעגעבן אין פּאַנסיאָן!... הונדערט פּופּציק גילדן ווי אין בלאָטע אַרויסגעוואָרפֿן! — קלערט זי ווילד.

— צו וואָס דאַרף מען דאָס? — שרײַט זי שוין אין דער הויך, גאָר אָן חרפּה, צו די אַנדערע שכנטעס — צו וואָס מאַטערט מען זיי נאָך מיט גימנאַסטיק?!

— אַוודאי, אַוודאי! — באַמקענען־צו די פּאָר שכנטעס נעבן איר, ניט וועלנדיק אײַנרײַסן מיט דער רײַכער מאַדאַם זשוק...

— טאַ וואָס שווײַגט מען, ראַדי באָגאַ?[2]! — ליאַרעמט זי און מאַכט מיט די הענט ווי מיט פֿליגלען — לאָמיר זיי אַראָפּשלעפּן פֿון דער סצענע און מיטנעמען אַהיים! דעם באַלעבאָס פֿון פּאַנסיאָן וועל

---

[2] זאָל גאָט רחמנות האָבן!

איך געבן אַ גאָב, אַז די קלאָג וועט אים כאַפּן! — שילט זי שוין מיט אַ פֿאַרשנירטן קול ווי אַ מאַרק־ייִדענע...

— און אפֿשר איז גאָר שולדיק די לערערין אידע? — זאָגט מאַדאַם גליקסאָן.

— אַוודאי די לערערין אידע! זי האָט דאָך זיי געמאַטערט די גאַנצע צײַט!

— זי דערציט זיי שלעכט!

מיט ווילד־קעצישע בליקן האָט מען זיך אַרײַנגעשטאָכן אין דער לערערין אידע אויף דער סצענע, ווי זי וואָלט אַ בייזע מכשפֿה געווען...

און פֿון סצענע אַראָפּגייענדיק, מיט אַ טריקעניש אין מויל, נאָר מיט אַ קוים באַמערקלעכער שטאָלצער מינע פֿון אַ זיגערין, האָט אידע דערזען קעגן זיך אַ מתּנה: אַ קופּע געל־גרינע פֿלײשיקע, צעקרימטע ווײַבערשע צורות, מיט צעעפֿנטע קלאַפּעדיקע מײַלער, וואָס האָבן שיר ניט צעביסן דעם דערשראָקענעם צונזער, און אָט אָ דערלאַנגען זיי זיך עס אַ לאָז צו איר...

— לערערין אידע! איר האָט דאָך פֿאַרמאַטערט אונדזערע קינדער! — דאָס איז אַ נאַכאַלסטווע [3]! איר זײַט אַ כאַמוווקע, ניט קיין לערערין!

— אין פּאַנסיאָן דאַרף מען עסן און ניט שפּילן טעאַטער!

— הערט אַ מעשׂה, הערט! טפֿו!!

... האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט אין דרויסן אַ שמוציק אָפּגעבריטע, ווי פֿון אַ שרעקלעכער פּראָסטער שוויצבאָד, וואָס איז גאָר ניט צוגעפּאַסט פֿאַר איר געזונט און כאַראַקטער. די אַרומיקע געדיכט נאַכטיקע וואַלדלופֿט, וואָס האָט זיך אַרום איר ווי אַ זײַדענער קילער טיול אַרומגעוויקלט, האָט זי ניט אָפּגעפֿרישט, ווײַל עס האָט געאַווערט [4] פֿון דעם מיט פּאַנסיאָן, מיט שמאַלץ, מיט עקלדיק נאַרישע מאַדאַמישע דיבורים...

---

[3] געמיינקייט! — [4] געלאָזט אַ שלעכטן ריח, פּאַסקודנע לופֿט (אַוויר).

איז זי געלאָפֿן, די קליינע לערערין אידע, מיט אומרויִקע טריט צום ראַנד פֿון טונקעלן וואַלד, איבער די פֿעלדער, ווו בײַם בלויען האָריזאָנט זײַנען אויסגעמישט מיט שטערן די ערשטע פֿײַערלעך פֿון דער שטאָט. נאָר ווען זי האָט זיך בײַ אַ קוסט פֿאַרטשעפּעט, האָט זי זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט. עס האָבן געגומען קלינגען אין אירע אויערן צאַרטע קינדערשע שטימען... ווייכע הענטלעך האָבן איר גע־שלעפּט פֿאַרן קלייד, געגלעט אירע באַקן, אירע האָר, געקושט איר מיט הייסע ליפּעלעך, גערופֿן:

— „לערערין אידע! לערערין אידע!“

ווילנע 1937

שמערקע קאַטשערגינסקי

## טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך...

טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך בויען באַריקאַדן,
אויף די גאַסן גייען־אַרום אַרבעטער־אָטריאַדן [1].

ס'איז דער טאַטע פֿרי פֿון שטוב אַוועק אויף דער פֿאַבריק,
וועט ער שוין אין שטיבעלע ניט קומען היינט צוריק.

ס'ווייסן גוט די קינדערלעך, דער טאַטע וועט ניט קומען,
ס'איז דער טאַטע הײַנט אין גאַס מיט זײַן ביקס פֿאַרנומען.

ס'איז די מאַמע אויך אַוועק אין גאַס פֿאַרקויפֿן עפּל,
שטייען אין קיך פֿאַריתומטע די טעלער מיטן טעפּל.

— ס'וועט ניט זײַן קיין וועטשערע — זאָגט חנהלע די יאַטן —
ווײַל די מאַמע איז אַוועק צוהעלפֿן דעם טאַטן...

פּלוצלינג — טראַך! אַ פּולע [2] איז אַרײַן אין קליינעם שטיבל,
פֿאַרבײַגעפֿלויגן חנהלען, געמאַכט אין וואַנט אַ גריבל.

---

[1] אָפּטיילונגען. — [2] קויל.

— אויב אַזוי — זאָגט חנהלע — קינדער, קומט מיט מיר!
מאַטיע, נעם די גרויסע קאָרב, מאירקע — די טיר...

די שופלאַדן פֿון קאָמאָד, מיט אַן אַלטער פֿאַס,
אַ באַריקאַדע שטעלן מיר אויף אין מיטן גאַס.

די באַריקאַדע אויפֿגעשטעלט, אין שטיבל ניטאָ קיינער,
לויפֿן פּאָליציי פֿאַרבײַ, די קינדער וואַרפֿן שטיינער.

וואָס מיר, ווען מיר ווטשערע, עס דונערן האַרמאַטן,
די קינדערלעך פֿון שטיבעלע העלפֿן מאַמען־טאַטן...

טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך בויען באַריקאַדן,
אויף די גאַסן גייען־אַרום אַרבעטער־אַטריאַדן.

ווילנע 1926

## אלחנן וואָגלער

### פּאַסטנע[1] ליטע

רעכטס — דער גלובאָקער שאָסיי,
לינקס — אַן עלנטער מאָהילניק[2]
און בײַ די וועגן צו קאָבילניק —
בערעזעס פֿאַרצווייפֿלט אין וויי.

באַרג און טײַך — מײַן איבערבײַסן[3].
בהמות אויף די פֿעלדער;
פּאַסטנע ליטע, כ'וועל דיך
מיט זויערמילך פֿאַרווײַסן.

[1] אָן זאַלץ און אָן פעפער, אָן אַ טעם, קבצנותדיק. — [2] צווינטער. — [3] פריש־טיק.

דיכטער, דער הימל איז אַ בלויער טשײַניק?
— גוט, זאָל זײַן אַזוי.
און מסתּמא איז דער פֿאַרנאַכט אַ סלאָי
מיט מאַלינעס, קיל און ווײַניק.

גוט, זאָל זײַן אַזוי:
דער טאָג איז הייס און זיס —
טיי וואָס מ׳דערלאַנגט מיר צום טיש,
די זון — מײַן גוטע פֿרוי...

מיט מאַלינעס־סאָק [4] — מיט דעם פֿאַרנאַכט
איז פֿול די סאַזשלקע — מײַן ספּאָדעקל פֿון גלאָז;
אַ טיש, אַ סערוועטל — דאָס פֿעלד פֿון גראָז —
איך טרינק און טראַכט.

די לבֿנה — אַ שטיקל ציטרין —
לעק איך מיט דער צונג;
און פּלוצלינג דערהערט זיך אַ קלונג:
גלין, גלין, גלין —

דער בוטשאַן [6] — דער קלויסטער
שטייט אין רויסט [5] — אין מיטן שטעטל
און לייענט אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל
דער געגנט — דאָס בוך פֿון אונדזער מײַסטער.

דער בוטשאַן, אָנגעטאָן אין ווײַסן,
דער קלויסטער פֿון ווײַטן קלינגט —
דאָס לייענט ער אין דער הויך און זינגט
משה קולבאַקס „רײַסן".

ווילנע 1935

---

[4] זאַפּט. — [5] שטאָרך, באָטשאַן. — [6] זומפּ.

שמשון קאַהאַן

# ווילנע

— 1 —

פֿאַרבײַ די הויכע ברעגן די ווילִיע גייט
אין דאָרף אַרײַן, באַדעקט מיט גרויע קרִיעס.
זי שאָרכט מיט זיי ווי מיט אַן אַטלאַסענעם קלייד,
דער שלאָסבאַרג קוקט איר נאָך דורך אָנגעפֿרוירענע ווִיעס
אין בלויע נעפּלען אײַנגעהילטערהייט —
אין ליולקערויך אַן אַלטער, ווײַסרוסישער פּויער.

— 2 —

ס׳ליגט אונטן שטיל די אויסגעקנוילטע שטאָט,
צונויפֿגעשפּאַרט אַ מויער אויף אַ מויער.
אויף יעדער גאַס שטייט שטײַף אין שטומען סוד
אַ גרויער קלויסטער אויף דער לויער
און היט אַן אָפֿענעם, אַ דימענטענעם געטאָ־טויער,
ווו ס׳גנבֿעט זיך אַרײַן אין אײַלעניש אַ ייִד.

דאָ קריצט ווען אויס אַ זשאַווערדיקער ריגל
אין בלינדע ווענט זײַן גרילצנדיק ליד.
דאָ פֿאָכט די אייביקייט מיט דורכזיכטיקע פֿליגל.
דאָ גייט־אַרום דער טויט מיט שטילע טריט.

נאָר אויף די פֿינקלענדיקע טויערן עס בליט מיט ווײַסן צוויט
אַ יונגוואַלד ביימעלעך פֿון אונטער רויטע ציגל,
אַ בלאַסער שפּראָצלינג פֿון אַ שטיינערדיקן שויס.
דאָ בלִיען אויף די יונגע באַקן רויטע קווייטן.
דאָ קלאַפּט די שווינדזוכט אָן אין יעדן הויז
און שלעפּט־אַוועק איין חבֿר נאָכן צווייטן.

נאָר ס'טרעפֿט אויך, אַז מען פֿירט — — — אַרויס
אַ בלאָסן אַרבעטער — — — —

און ס'זינגט זײַן ווײַב אַ לידעלע איר קינד,
אַ לידעלע דעם טרויער צו פֿאַרטרײַבן:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָן וועט דאָ שטענדיק זײַן שוין בלוי און לינד
און נאָר די ביימלעך — זיי וועלן אייביק בלײַבן...

ווו ס'פֿוילט דער שולהויף — וועט אַ גאָרטן זײַן,
בעריאָזעס וועט דער ווינט די זײַדענע גריוועס קעמען,
און ווו ראַמיילעס הויף — וועט זײַן פֿאַרפֿלייצט מיט שײַן...
וועסט קומען אויף שפּאַציר אַהין מיך נעמען,
וועסט זיך דערמאָנען אין דײַן טאַטן, קינד, דו מײַן,
וועסטו די שטאַרקע ציין פֿאַרשטשעמען...

— 3 —

דער אַלטער שלאָסבאַרג זיצט און האָרכט זיך אײַן,
ער קוקט ווי די ווילִיע גייט און גייט אין דאָרף אַרײַן
און כמורעט זײַנע אָנגעפּרוירענע ברעמען...

1937

## דער קאַלאַמבוריסט

דער וואָרטשפּילער — ער טראַכט נישט טיף,
ער טאַשט די ווערטער בלינד אָן אויפֿהער:
אָן אַגרעס קען זײַן אַגרעסיוו,
דו קויפֿסט אויף באָרג, ביסטו אַ כופֿר.

ער נעמט אַ וואָרט, רײַסט־אָפּ דעם קאָפּ
און זוכט: וואָס קען ער דאָ פֿאַרברויכן?
ער לאָזט זיך אין אַ וואָרט אַראָפּ
און טויכט צו זען אַ נײַעם תּוכן.

דאָס לעבן גיט ער אָפּ מיט פֿרייד
פֿאַר צוויי־דרײַ קאַלאַמבורן שטאַרקע
און פֿאַרן וואָרטשפּיל איז ער גרייט,
מען זאָל אים קאַרקעווען פֿון קרקע.

1937

משה לעווין

## אַ שטיקל שטעלע

קאַפּלאַן איז אַ פֿינף־און־צוואַנציק־יעריקער בחור. ער פֿאַרמאָגט די בילדונג פֿון אַן 8קלאַסיקער ייִדיש־וועלטלעכער שול, אַן איינִיע־ריקער פּוילישער בוכהאַלטעריע־שול, אַ קורס פֿאַר מאַשין־שרײַבן. ער איז אַן אָנגעלייענטער אין דער ליטעראַטור און פּרעסע. הכּלל, אַ הײַנטוועלטיקער יונגער ייִדישער אינטעליגענט. טראָגט ער טאַקע אויף זײַנע נידעריקע שמאָלע אַקסלען אַלע פּלאָגן פֿון אַזאַ באַשע־פֿעניש מיט די אויבנדערמאָנטע טיטלען. קיין מאָל האָט ער נאָך קיין רעכטע שטעלע ניט געהאַט ווי אַ בוכהאַלטער, פֿאַר וואָס ער גיט זיך בײַ יעדער געלעגנהייט מיט רעכט אָן. ס׳הייסט, געפּאָרקעט האָט ער זיך יאָ ערגעץ אין פֿאַרשימלטע ביכלעך בײַ ניט־עבֿרידיקע ייִדן און ייִדענעס אין קליינע שניט־ און גאַלאַנטעריי־קרעמלעך, אָבער נאָך דעם האָט ער שוין דאָס אויך ניט געהאַט. איצט איז ער אַ קײַלעכ־דיקער, הונגעריקער אַרבעטלאָזער.

נאָר לעצטנס טענצלט ער אַרום איבער דער שטאָט האָפֿערדי־קער. דערוווּסט האָט ער זיך, אַז אַ שטעלע באַדאַרף ער קריגן דורכן

„פֿאַראיין פֿון האַנדלס־אַנגעשטעלטע", נאָך דעם ווי ער איז אַהין אָפּגעלאָפֿן אַ שאָק מיט יאָרן... אַזוי ווי פֿאַר אַ געהיימעניש־פֿולער וויכטיקער געשעעניש, האָט אים דער סעקרעטאַר פֿון אָנהייב קיין געגעוויס ניט געקענט מיטטיילן, נאָר אַלץ סודותדיק געגעבן אָנצו־הערעניש, אַז די שטעלע איז ניט אַזוי אײַ־אײַ־אײַ, און ער ווייס, אַז ס'איז לחלוטין ניט צוגעפּאַסט צו קאַפּלאַנס אינטעליגענץ און בוכ־האַלטערישן באַרוף. אָבער דערבײַ האָט אים דער סעקרעטאַר פֿון פֿאַראיין אַ וויקל פֿונאַנדער געטאָן פֿאַר די אויגן אַ ליסטע, אַפֿשר אַ מעטער די לענג, אָנגעפּיקעוועט מיט נעמען פֿון אַרבעטלאָזע פֿאַר־איין־מיטגלידער, צווישן וועלכע ס'איז פֿאַראַן אַ גאַנץ בכבֿודיקע צאָל בוכהאַלטערס, וואָס אַלע וואָלטן זיי גערן געגאַנגען אויף דער דאָזי־קער שטעלע, ווײַל מען הונגערט באָכאַשעם [1], נאָר ער, קאַפּלאַן, הונ־גערט דאָך שוין לענגער פֿון אַלעמען!

שפּעטער האָט דער סעקרעטאַר נאָך עפּעס ערגערס מיטגעטיילט: די שטעלע איז בלויז אויף צוויי וואָכן. מען באַדאַרף פֿאַרטרעטן אַן אָנגעשטעלטן, וואָס איז אַוועקגעפֿאָרן אויף אורלויב. און ערשט אַ מינוט פֿאַרן גיין האָט זיך קאַפּלאַן דערוווּסט, אַז די שטעלע איז אין אַ ייִדישער באַנק. דער לעצטער פּרט האָט אין זײַן באַוווּסטזײַן גע־פּרוּווט פֿאַרריכטן די קאַלעמוטנע געפֿילן, וואָס עס האָבן אַרויסגע־רופֿן די פֿריִערדיקע ידיעות. הערט, הערט! אין אַ באַנק איז דאָך שוין די ערגסטע שטעלע ניט אַזוי שרעקלעך! געוויס וועט מען אים הייסן שרײַבן אַדרעסן אויף קאָנווערטן, פֿאַררעגיסטרירן וועקסלען, איבערשרײַבן פּאַפּירן וכדומה. קען אַ מאָל טרעפֿן, אַז דער דירעקטאָר וועט אָנטציקט פֿאַר זײַן קינסטלערישער, פּערלדיק קאַליגראַפֿישער האַנטשריפֿט, וואָס ער האָט אויך ספּעציעל געשטודירט, און ער, קאַפּ־לאַן, וועט אַ געראַטעוועטער! מיט אַ שטײַפֿער שטימונג איז ער אַוועקגעלאָפֿן אַהין, מיטנעמענדיק אונטערן אָרעם זײַן אַלטן פֿינצטערן פּאָרטפֿעל, וואָס איז שוין מער אויף אַ קאַשיק ענלעך געווען.

---

[1] ברוך השם.

אָבער דאָרט אין באַנק האָט אים גאָר דער דירעקטאָר אַ פֿרעג געטאָן אַ קאַלטער, ווי אַ שטשאַוויע:

— איר האָט געבראַכט אַ קישן מיט אַ קאָלדרע?

און אַז קאַפּלאַן האָט אויף אים אויסגעשטעלט זײַנע צווײ אײדעלע אויגן, אײַנגעפּאַסטע אין אַ לענגלעך בלאַסן נזיר־פּנים, וואָס האָט איצט אויסגעדריקט פֿילאָסאָפֿישע אומפֿאַרשטענדלעכקײט, האָט דער דירעקטאָר ווידער איבערגעפֿרעגט:

— מען האָט אײַך אין פֿאַראײן גאָר נישט מיטגעטײלט וועגן אײַער עובֿדא... ס׳הײסט, אַז איר וועט דאָ באַדאַרפֿן נעכטיקן און פֿאַרבײַטן דעם... סטראָזש פֿון באַנק?...

— ווענמען? ווענמען? — האָט איבערגעפֿרעגט קאַפּלאַן מיט פֿאַר־זשמורעטע אויגן.

— דעם דינער... דעם סטראָזש, כ׳ווײס... — האָט דער דירעק־טאָר נאָכלעסיק גערעדט און אין זיך אַרײַנבורטשענדיק פֿאַרענדיקט — אויב ס׳איז דאָ אַן אונטערשייד פֿון בעזעם ביז באַרשט...

אָ, ניין! קאַפּלאַנס בלייכע, ניט־אָפּגעראַזירטע באַקן זײַנען דאַן ניט רויט געוואָרן פֿון חרפּה, ווײַל ס׳איז פּראָסט אין זיי קיין קאַפּ בלוט ניט געווען; דאָס מויל האָט קיין אײנציק וואָרט צו דער זאַך ניט געקאָנט אַרויסגעבן, ווײַל דער אויסגעהונגערטער מאָגן האָט גרויזאַם געהערשט איבער זײַנע אַלע אומגליקלעכע גלידער.

אָט אַזוי איז ער געוואָרן אַ דינער אין באַנק.

זײַן עובֿדא? — נעכטיקן קודם־כּל אין אײנעם פֿון די מיטלסטע גרויסע, ברוינע צימערן אַ פֿאַרשפּאַרטער און פֿאַרריגלטער אויף אַלע דרויסנדיקע טירן. און — שלאָפֿן? אָ, ניין! וואַכן! וואַכן! און בײַ טאָג: לויפֿן אַלע ווײַלע צום אומאויפֿהערלעך קלינגענדיקן טעלעפֿאָן, די פֿאַרבינדונג רעגולירן; אָנשטעלן דעם סאַמאָוואַר, צוטראָגן די הויפּט־בוכהאַלטערס טיי, קערן די דילן. דערצו — בלויז אויף צווײ וואָכן. צווײ וואָכן שאַנדע. צווײ וואָכן דערנידעריקונג. צווײ וואָכן מיט בלאָטע באַשפּיגענע.

— נו, מילא — האָט קאַפּלאַן געזיפֿצט — אין לעבן טרעפֿט זיך

אַלץ. צוויי וואָכן וועט ער אַדורכלײַדן. זאָל זיך דוכטן: ער זיצט־אָפּ פֿאַר איינעם אַ שטראָף מיט אַ געהאַלט פֿון פֿינף און זיבעציק גילדן... אַ פּרײַז, זעט איר, אַ נישקשהדיקער; דוכט זיך, ניט אַזוי פֿאַר דער אַרבעט, ווי פֿאַר זײַן אָרנטלעכקייט. ס׳לעצטע איז אַ פּנים געווען דאָס וויכטיקסטע צוליב וואָס דער גאַנצער ענין איז אַדורך דורכן פֿאַראיין און געטראָפֿן צו דעם שטילן בחור קאַפּלאַן.

אויך דער שמעקעדיקער פּעטער דירעקטאָר פֿלעגט — נאָך דעם ווי ער האָט זיך מיט קאַפּלאַנען נעענטער באַקענט — אים טרייסטן:

— דאָס געהאַלט, יונגער־מאַן, באַקומט איר בלויז פֿאַר אײַער אָרנטלעכקייט און אפֿשר אינטעליגענץ... אויף די קליינינקייטן קענט איר זיך אַ שיקסל נעמען, נאָר צי לוינט זיך עס? און דאָ פֿלעגט דער דירעקטאָר, שמייכלענדיק דיפּלאָמאַטיש און פּיפּקענדיק אַ ציגאַר מיט די גראָבע ליפּן ווי בײַ אַ נעגער־אַטלעט, אַ זאָג טאָן מיט אַ ניגון:

— אָ, ניין, מײַן פֿרײַנד! עס לוינט זיך ניט צו זײַן אַזוי סנאָביסטיש! עס איז דאָך וועלטקריזיס! און אויף דער וועלט־אויסשטעלונג, אויב איר׳ט געלייענט אין לעצטן נומער „עקספּרעס״, האָבן זיך דאָך אָנגעדונגען פֿאַר באַדינערס פֿינף הונדערט סטודענטן מיט סטודענטינס... יאָ, די אינטעליגענץ... — האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַ גימנאַסטישער באַוועגונג — אויף די לאָפּאַטקעס ליגט זי אויסגעצויגן...

און קאַפּלאַן געוווינט זיך צו מיט יעדן טאָג אַלץ מער צו זײַן שטיקל שטעלע... אַרום פֿינף אין אָוונט בלײַבט ער אין באַנק אייניקער אַליין. עס איז דאָרט אומהיימלעך שטיל און קיל ווי אין אַ קלויסטער. שאַרט ער זיך אַרום איבערן געקעסטלטן פּאַרקעט און מאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַן אייניציקער פֿאַרלאָזטער פֿיגור אויף אַ שאָכברעט... ערשט איצט קריכט־אַרײַן אַהער די זומערדיקע זון דורך די לאַנגע פֿענצטער און ווי בכּיוון באַלײַכט זי די קעגנשטאַנדן אין באַנק: פּאַליצעס פֿול פֿאַרלייגט מיט בוכהאַלטעריע־ביכער. עך, ווי אַ רבֿ אין אַ ספֿר וואָלט ער זיך אין זיי געפּילט!... און די שרײַב־ און

רעכן־מאַשינקעלעך: אונדערוווּד, רעמינגטאָן... ער קען זיי, ער קען זיי... אויף יעדערער וואָלט ער קלאַפּן געקענט מיט ניט קיין קלענערער געניטשאַפֿט ווי די צוויי פּרײַלינס, וואָס בלאָזן פֿון זיך, אַ גרויל!... נאָר ניט פֿאַר אים איז דאָס... פֿאַר אים שטייט אין ווינקל קאָרידאָר אַ באַרשט, אַ סאַמעטענע שמאַטקעלע מיט וואַקס, וועלכע ער דאַרף אין דער פֿרי צוטשעפּען צו זײַן נאַקעטער פֿוס און טאַנצנדיק דעם פּאַרקעט אויספּוצן. פֿאַר אים שטייט אַ סאַמאָוואַר. פֿאַר אים שטייט ערגעץ אין די פֿליגלען פֿון הויז אַ בעט אויף צו ליגן און מיט אַ קעצישער געדולד און אָנשטרענגונג לויערן אויף גנבֿים און אײַנברעכערס...

פֿאַרגייט אָבער אַ וואָך און קאַפּלאַגען הערט שוין גאָר אויף צו אַרן זײַן קאַלעמוטנע לאַגע... ווײַל די פּראָסטע אָבער לפֿי ערך לײַכטע אַרבעט ווירקט שוין אויף אים אַקעגן זײַן פֿריִערדיקער פֿײַנלעך אַרבעטלאָזער צײַט ווי ביטערע רפֿואות אין אַ שפּיטאָל, פֿון וואַנען ער וועט אָבער באַלד אַרויסגיין, כּדי ווידער אָנצוהייבן קרענקען. בײַ נאַכט, אײַנגנורענדיק זיך אין זײַן ווינקעלע, בײַם וווייכן שײַן פֿון אַ מאַטן עלעקטרישן לעמפּל, אַן אַרומגערינגלטער מיט פֿאַרשיידענע צײַטונגען, וועלכע קומען־אָן אין באַנק, און נאָך אַ זאַטן אָונטבּרויט צוליבן אַוואַנס, ווערט בײַ אים די שטימונג אַן אויסגעהיילטע, אַ געזונטע. אָט האָט ער זיך דאָך אָנגעלייענט מיט אַזוי פֿיל אַרטיקלען און מעשׂיות וועגן דעם שווערן וועלטקריזיס. עס טוט זיך דאָך חושך! נאָר „עס איז אַן איבערגאַנג־צײַט ווי פֿאַר אַן אָנקומענדיקן סאָציאַלן איבערבראָך", אַזוי שרײַבט די ראַדיקאַלע פּרעסע. איז גוט — וואָלט דוכט זיך געווען — אַז זײַן איצטיקע לאַגע זאָל אָנהאַלטן ניט נאָר צוויי וואָכן, נאָר זאָל זיך שוין אַזוי פּאַמעלינקעס ציִען ווײַטער... ווײַל... ווײַל דעם אמת זאָגנדיק: ווער פֿון זײַנע אינטעליגענטע באַקאַנטע זידלט עס אים און שלאָגט אים דערפֿאַר, וואָס ער פֿאַרנעמט זיך דאָ אין באַנק מיט אַזאַ פּראָסטער אַרבעט?... עט, זיי קומען דאָ זעלטן אַרײַן. ווייסן, משמעות, גאָר ניט. ער טוט עס דאָך אַלץ אַהינטער די ווענט און באַריערן פֿון לאָקאַל. און אויב זיי וואָלטן יאָ געוווּסט, איז

כאַפּט זיי דער רוח! גייט זיי דען אָן, וואָס ער הונגערט? פֿאַר אַ יאָרן, — האָט זיך קאַפּלאַן דערוווּסט — איז דאָ אין באַנק אויף זײַן אָרט געווען אַ געענדיקטער פֿון ייִדישן טעכניקום, און אַ סבֿרא, אַז פֿאַר צווייי אָרן — אַ סטודענט פֿון פֿערטן קורס מעדיצין...

אַ געוויסן טאָג האָט ער צופֿעליק אויפֿגעשלאָסן דעם צימער, ווו ס'וווינט מיט זײַן פֿאַמיליע דער אמתער באַנק־באַדינער, וואָס איז אויף אורלויב. און ס'האָט אים פּראָסט אין די אויגן אַ בלענד געטאָן פֿון דער ציכטיקער היימלעכקייט, וואָס האָט אַרויסגעוויזט פֿון איעדן ווינקעלע. אַ שטיבל אַ קליינס, אָבער אַזוי פֿאַרביק פֿאַרפּוצט איז דאָ אַלץ געווען, פֿונעם קלענסטן חפֿץ ביזן גרעסטן. אויף אַלץ האָט אַ בלימל, אַ פֿאָרהענגל גערוט — דער שטעמפּל פֿון אַ געניטער באַ־לעבאָסטעס האַנט. אויף דער וואַנט — אַ געמיינזאַמער פּאָרטרעט פֿון באַדינער מיט דעם ווײַב, קעפּל צו קעפּל, צופֿרידן שמייכלענדיקע. בײדע אין שוואַרצע זײַדענע קליידער, בײדע מיט געלאָקטע האָר... אָ, דאָ איז דאָך אַ מחיה צו לעבן!...

און דעמאָלט איז קאַפּלאַנען באַפֿאַלן די אמתע בייזע קנאה צום סטראָזש פֿון דער ייִדישער באַנק, וואָס האָט אַזאַ טײַערע שטעלע... „צי דען וואָלט איך ניט אַזוי ווי דער סטראָזש געקענט חתונה האָבן? — האָט קאַפּלאַנען גענומען אין מוח רופֿענען — חתונה האָבן, צי מיט כײַקען, צי מיט ציפּקען אָדער דווירקען, וואָס שלעפּן זיך אַרום איבער דער שטאָט מיט ביכלעך, צײַטונגען אין די הענט, אָן אַ זין, ווי הונגעריקע נאַסע הינער... מיר וואָלטן דאָך דאָ אַזאַ מאכלדיק לעבן געפֿירט... נאָך דער פּראָסטער בײַטאָגיקער אַרבעט וואָלטן מיר אין די אָוונטן געקענט צײַטונגען לייענען, ביכער און פֿירן שמועסן וועגן ליטעראַטור, קונסט... אָט איצט, ווען איך בין באַכאַשעם צוגע־וווינט צו מײַן שפּלער לאַגע פֿון אַ דינער... ווען די חרפּה דעמפּט זיך אויס, וואָלט עס דאָך געווען גאַנץ גוט...“

און אַז ס'האָט זיך דערנעענטערט דער סוף פֿון די צוויי וואָכן, האָט שוין קאַפּלאַן גאָר גענומען גלייבן אין אַ שטיקל גאָט און בעטן בײַ אים, אַז דעם סטראָזש פֿון דער ייִדישער באַנק, דעם גוי, זאָל

כאַפּן אַ פּאָהיבל און ניט דערלעבן זאָל ער שוין פֿון אורלויב, פֿון זײַן דאַטשע, צו קומען!...

*

נאָר קיין ניסים געשעען ניט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דער סטראָזש איז צוריקגעקומען פֿון אורלויב און גראָד אַ מוראדיק געזונטער. מיט אַ פּאָר גראָבע שווערע וואָנצעס און אַ רויטער פֿולבלוטיקער צורה. ווען דער דירעקטאָר פֿון באַנק האָט אים באַקענט מיט קאַפּלאַנען, האָט דער סטראָזש אַזאַ דריק געטאָן מיט זײַן לאַפּע קאַפּלאַנס קליין בוכהאַלטעריש הענטל, אַז דער בחור איז, נעבעך, בלאַס ווי קרײַד געוואָרן... נאָר געוויס פֿון פֿרײַנדלעכקייט האָט עס דער סטראָזש געטאָן. ווײַל שמייכלענדיק ברייט און דרייענדיק זיך די וואָנצעס, האָט ער זיך אָפּגערופֿן:

— באַרדזאָ פּשׂיעמניע פּאָזנאַטש מעגאָ זאַסטעמפּצען, סלאָוואָ האָנאָרו [2]...

קאַפּלאַן האָט אָבער מיטן גאַנצן האַרצן געשאָלטן זײַן קאָנקורענט. פֿאַרשטאַנען, אַז אויך דער גוי מיינט עס קאַפּויער און די האַנט דריקט ער עס אים ביז ווייטיק פֿון שׂנאה...

ווילנע 1937

לייזער וואָלף

## פּראָזאַיִש

זי באָט זיך אָן פּראָזאַיִש
פֿאַר אַ קליינעם פּרײַז,
די שטערן לײַכטן אַלגעבראַיִש
און די לבֿנה — קאַלט ווי אײַז.

איך באַרעכן מאַטעמאַטיש,
צי איך האָב אַזוי פֿיל געלט.
פּסיכאָפּאַטיש
ווײַנט דער ווינט אין פֿעלד.

[2] (פּויליש) זייער אײַנגענעם צו באַקענען זיך מיט מײַן פּאַרטרעטער, ערנוואָרט!

## ווו דו זאָלסט ניט זיין, ביסטו אין מיר

כ׳האָב פֿאַרלוירן יעדן צוטריט
צו דײַן האַרץ.
איך ווייס אַפֿילו איצט ניט
ווו דו ביסט,
נאָר ווו דו זאָלסט ניט זײַן
אויף אונדזער ערד — זײַ געגריסט!

איך ווייס, אַז איך בין
ווערט געווען דײַן האָס,
אַז מער ווי שׂנאה האָסטו ניט פֿאַר מיר.
נאָר ווו דו זאָלסט ניט זײַן
אויף אונדזער ערד —
ביסטו אין מיר.

איך בין אַוועק צום אָפּגרונט
מיט מײַן וויי
און דו האָסט מיר דערלאַנגט
דעם ערשטן שטויס,
נאָר ווי נידעריק און קליין
איך זאָל ניט זײַן —
זײַ געגרויסט!

כ׳האָב פֿאַרלוירן יעדן שפּור
פֿון דײַנע טריט.
ביטער ווי אַ רויך בין איך
אָן דיר.
נאָר ווו דו זאָלסט ניט זײַן
אויף אונדזער ערד —
ביסטו אין מיר.

ווילנע 1934

## עס זאָגט מיר מיין האַרץ

ווארִיאַנט

עס זאָגט מיר מײַן האַרץ: איך וועל זײַן
אַ קעמפּער פֿאַר פֿאָלק, פֿאַר זײַן רעכט.
הויך וועל איך טראָגן די פֿאָן
און פֿאַרבן זי העל אין די נעכט.

„דריי ניט קיין קאָפּ, דו וועסט זײַן
צופֿרידן און זאַט אין דער היים.
וועסט האָבן אַ שטעלע אין באָד,
אַ ווײַב און אַ לאַנגווײַל פֿון ליים".

עס זאָגט מיר מײַן האַרץ: איך וועל זײַן
אַ דיכטער, באַרימט און פֿאַרערט.
מײַן ליד, מײַן געזאַנג און מײַן גײַסט
וועט זײַן פֿון די פֿעלקער באַגערט.

„דריי ניט קיין קאָפּ, דו וועסט זײַן
אַן אָרעמער מאַן אין אַ שטוב.
ס'דערוואַרט דיך דער עלנט אין גאַס,
דער פֿײַנדלעכער טויט אין אַ גרוב".

אַברהם סוצקעווער

## נאָקטורן

אַ קוואַל, פֿונעם ערדישן האַרץ אַרויס —
רײַסט זיך מײַן לעבן צו ליכטיקייט.
אין דער טיפֿעניש פֿון מײַן איך
ברילט דער ווייגעשריי פֿון אַ לייב
אַ פֿאַרוווּנדיקטן.

פֿאַרשרײַב איך מיט אייגענעם בלוט
אויפֿן טאָוול פֿון דער נאַכט,
אַז איך ליג אַן עלנטער אין אַ סקירדע היי
און איך זע: איבער מײַן קאָפּ
גייט־אויף ווי אַ האַרף
די האַלבע לבנה
און עמעצער שפּילט אויף איר
מיט קאַלטע פֿאַרבלוטיקטע פֿינגער.

1934

## באַשאַפונג

אָ, דאָרט, ווו דער טאָג זײַנע פֿאַרבן
צינדט־אָן איבער טאָלן און בערג,
איך שטיי מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל
און שאַף מיר מײַן זינגעוודיק ווערק.

פֿון שטראַלכעלעך, קלאַנגען, סיגנאַלן,
פֿון זעונגען, זוניק גוזען,
עס הייבט מיך אָן פּלוצלינג באַפֿאַלן
דער וווּנדער פֿון העלן געשען.

אין אָנהייב איז אַלץ אין טומאַנען,
אין אָנהייב איז גאָרנישט ניטאָ,
נאָר אָט — און איך ווייס ניט פֿון וואַנען —
צעשטראַלט זיך דער הימל אין בלאָ;

און דורך די אַנטפּלעקטע געוועבן,
ווו ס'פֿורעמט זיך אויס דער באַשאַף,
עס פֿלאַטערט אַרײַנעט דאָס לעבן
ווויליונגעריש, ליכטיק און בראַוו.

עס טוען אַ פּאַך זײַנע פליגל
אַזוי ווי אַ גילדענע שער,
ביז אויף יעדער שלייער און ריגל
פאַלט־אָפּ און פאַרצוימט שוין ניט מער.

ביז אויף מײַן פאַרבענקטע אַלייניקייט
וואַכט־אויף אין דער פריידיקער מי
און כ׳וואַרצל זיך אײַן אין דער שיינקייט
אַזוי ווי אַ בוים אין געבלי.

ווי פײַפעלעך טויזיק באַגלעטע
צעהענגען זיך רגעס אין שײַן.
דאָס האַרץ טוט אַ שפּרונג — אַ ראַקעטע
אין אָפּענעם לעבן אַרײַן.

און ווײַט, דורך דער נאַכטס האָריזאָנטן,
דערזע איך: עס וואַקסט, עפּעס העלט.



מלך ראַוויטש

„כאָטש אָריגינעלקייט איז אַזאַ מין עלעמענט, וואָס מוז מיט דעם מענטשן מיטגעבוירן ווערן, ווי די פאַרב פון זײַנע אויגן, די פאָרמען פון זײַנע פינגער, דאָך קאָן מען איר, דער אָריגינעלקייט, אויך צו־העלפן אַ ביסל מיט דעם אינטע־לעקט, אויב זי איז שוין סײַ ווי סײַ דאָ אין דער נשמה".

(פון אַ. ס. יובל־בוך)

אין מאַרגנרויט נעמען זיך אַנטאָן
אַ וואַלד, אַ מדינה, אַ וועלט.

בריליאַנטענע שטילקייט. עס גאַפּן
די אויגן אין ווײַטקייט געוווּנדט:
האָב איך עס אַליין איצט באַשאַפֿן —
אַליין, מיט די אייגענע הענט?

1935

## ניט איך...

ניט איך, עס וועט אַן אַנדערער דאָ אויפֿגיין צווישן אײַך
און וועט אויף שטויב און אַש צעשטויסן אײַער קעניגרײַך.

מיט בראַוון מוט, געלײַטערט אינעם פֿײַער פֿון געבאָט,
זײַן ליבע וועט ער שלײַדערן ווי זון צו אײַער טראָט.

נאָר איר, כאָטש פֿון אַ לעבן אויסגעהונגערטע נאָך דעם,
וועט אויסלאַכן דאָס וואָרט, וואָס קומט באַפֿרײַען אײַך פֿון קלעם.

און מיט צעפּאָכטע פּויסטן, גאַלע האַס און ציינגעקריץ,
ווי מאַלפּעס אויף אַ בוים אַן אַנגעצונדענעם פֿון בליץ,

געשווינד וועט איר אַוועקלויפֿן ווו נאָר אַ וועג איז פֿרײַ,
פֿאַרשילטנדיק אַן אייגן קינד און אייגן פֿאָלק דערבײַ.

נאָר יענער, וואָס וועט אָנקומען מיט ליכטיקן דעוויז
צום אויסברענען דאָס שלעכטס פֿון אײַך ווי פֿון אַ שלאַנג אַ ביס,

וועט פֿאַר די קודלעס האָר, מיט נאַכט און שטורעם דורכגעוועבט,
אײַך ברענגען אויף צוריק און מוטיק אויסדונערן: — לעבט!

פרץ מיראַנסקי

## לעפל-גאָפל

אַ לעפּל
זיך ווייקנדיק אין שעפּל,
האָט זיך צום עס־חבֿר, צום גאָפל
הויך צעטענהט:
— דער טײַוול ווייס,
אַ גוטע איז דאָס קעפל, דאַכט זיך, מײַנע,
נאָר לעבן, לעבט זיך מיר גאָר ביטער,
ווײַל שטענדיק כאַפּסטו פּלייש
און איך כאַפּ שטענדיק דאָס, וואָס איז נאָר שיטער.
דער גאָפּל,
אַ כוואַט באַלד פּון זײַן מאַמעס נאָפּל,
האָט זיך צעלאַכט מיט אַלע זײַנע ציין:
— פּאַרשטיי אַליין,
אַזוי איז שוין בײַ פּולע שיסלען און בײַ טעפּ
די טבֿע פּון די אַלץ־פּאַרשלינגער:
מען קאָרמעט־אָן מיט שיטערע די קעפּ,
אַז אַל דאָס פּעטערע פּאַרבלײַבן זאָל פּאַר פּינגער.

## די פויק און די פלייט

ס׳האָט אין אָרקעסטער, בײַ אַ טאַנץ צי בײַ אַ הימען,
אַ דינע פּלייט גענומען אויף אַ גראָבער פויק זיך קרימען:
— וואָס האָסטו זיך צעשרײַען ווי אַ פויער
און ראַצסט אין יעדן אײדעלערן אויער?

אין אונדזער זינגענדיקן רומל,
האָט אַפֿילו אַ טרומייט פֿאַרוואָרפֿן זײַן געשריי און שפּילט שוין,
און נאָר דו אײנער קומסט נאָך מיט אַ טומל
גרילצן!
און ס׳האָט די פּויק דער פּלייט
געענטפֿערט מיט די רייד:
— ס׳איז גוט צו זײַן אַ זינגער,
ווען ס׳קושן ליפּן דיך און ס׳גלעטן פֿינגער.
נאָר וואָלט מען מיט אַ פּלאָקן, מיט אַ שווערן,
געקומען רײַסן דיך, ווי מיך, די פֿעל —
וואָלט איך אַ בעלן זײַן צו הערן,
ווי ס׳וואָלט דאַן ענטפֿערן דײַן קעל?..

1937

5

## ווי זאָל איך?

ווי זאָל איך אַנטלויפֿן פֿון טרויער,
וואָס קלאַפּט מיר אַרײַן דורכן פֿענצטער,
ווי טרוקענע צווײַגן פֿון ביימער
אין האַרבסטיקן גרויען פֿאַרטאָג?

ווי זאָל איך אַנטלויפֿן פֿון טרויער,
וואָס קוקט מיר אַרויס פֿונעם שפּיגל
ווי אויגן פֿון דאָרשטיקע הינדן,
וואָס לעכצן בײַם דאָרשטיקן טײַך?

און וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַן טרויער,
וואָס קריכט מיר אַרום אויף די ליפּן,
ווי שײַן פֿון דער מידער לבֿנה
אויף מתים בײַ נאַכט אינעם פֿעלד?!

מרדכי ליפשיץ

# יונג - ישראל

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿון „יונג־ישׂראל“

יצחק פּאַנער

## יונג־ישׂראל האָט אַ וואָרט

אַ פֿראַגמענט

די יונגע ייִדיש־שאַפֿנדיקע גרופּע אין אונדזער לאַנד א״נ יונג־ישׂראל האָט אין אַ מזלדיקער שעה אַרויסגעשיקט אויף דער ליטעראַרישער אַרענע איר ערשטן פֿאַרטרעטער. קיין בעסערן רעפּרעזענטאַנט האָט זיך די גרופּע באמת ניט געקענט ווינטשן, סײַ פֿון קינסטלערישן און סײַ פֿון אידעיִשן שטאַנדפּונקט. קינסטלעריש איז משה יונגמאַן איינער פֿון די אָריגינעלסטע און צײַטיקסטע ליריקערס פֿון דער גרופּע, און אידעיִש — אויב די טעמאַטיק וואָס דאָמינירט אין יונגמאַנס בוך [1] איז רעפּרעזענטאַטיוו פֿאַר דער גאַנצער גרופּע — איז דער נאָמען יונג־ישׂראל ניט קיין צופֿעליקער עטיקעט, נאָר אָרגאַנישער געפֿיל־אויסדרוק פֿון אַן אָנגעצייכנטן וועג: שטײַן מיטן פּנים צו דער נײַער ייִדישער ווירקלעכקייט, צום הײַנט.

משה יונגמאַנס טעמאַטיק איז אַן „אויסגענוצטע“, הײַנט שוין אַ „באַנאַלע“. די ווערטער „קיבוץ־גלויות“ זײַנען שוין הײַנט געוואָרן צײַטונגס־זשאַרגאָן, וואָס די ליריק מײַדט־אויס, כּדי דער יונגער „מאָדערנער“ דיכטער זאָל ניט דערוועקן דעם „חשד“, אַז ער „מאַכט ציונות“... אָבער בײַם דיכטער איז ניטאָ עפּעס אַזוינס ווי אַלט און אויסגענוצט. די וועגן, וואָס ער באַטרעט, זײַנען פֿון תּמיד נײַע, פֿון קיינעם ניט באַטראָטענע. דער דיכטער גייט תּמיד ווי אויף אַ פֿריש־געפֿאַלענעם שניי, וואָס האָט ניט קיין אַנדערע טריטשפּורן ווי נאָר זײַנע אייגענע.

---

[1] אין שאָטן פֿון מזל, לידער און פּאָעמען, פּאַריז 1954,

און אָט קומט אַ נײַער יונגער דיכטער און ער שפּילט־אויס אויף דעם שוין „אַלטמאָדישן" אינסטרומענט נײַע געזאַנגען און ער בלאָזט־אויף מיט זײַן דיכטערישן אָטעם די פֿײַערן וואָס לעשן זיך שוין אויס. די דאָזיקע געזאַנגען פֿון אַ רעפּרעזענטאַנט פֿון דער סאַמע ייִנגסטער ייִדיש־דיכטונג אין מדינת ישׂראל זײַנען די לעבע־דיקסטע באַווײַזן, אַז ייִדיש איז פּונקט אַזוי ווי העברעיִש דער סינאָנים פֿון ייִדישקייט, און אַז אין ייִדישלאַנד האָט דער ירדן קיין מאָל ניט אויפֿגעהערט צו רוישן און די הרי־יהודה — צו גרינען.

מאָדנע: ניטאָ בײַ יונגמאַנען קיין איינציק ליד (העכסטנס איי־ניקע רמזים), וואָס זאָל דערמאָנען דעם בלוטיקן נעכטן — — — יונגמאַן דאַרף ניט אָנקומען צו היסטאָריש־תּנכישע רעקוויזיטן און געשטאַלטן פֿאַר זײַנע ישׂראל־לידער. זײַן פּאַטאָס שעפּט ער פֿונעם הײַנט, פֿון אַלץ וואָס וויקלט זיך פֿונאַנדער פֿאַר זײַנע אויגן, פֿון די טאָג־טעגלעכע געשעענישן: נײַע שאָסייען, וועלדער, ישובֿים.

בת־ים 1954

משה יונגמאַן

## אין נעכט...

— 1 —

אין נעכט אָן עלעקטרע האָבן מיר דעם שאָטן
פֿון אונדזער אייגן קול ניט דערקענט.
איז געווען טונקל אַפֿילו דאָס בלוט,
איין גרויסער בלויז אָנגעלאָדן מיט פּחד.
אויף וועלכע וועגן ביסטו געקומען, האַר,
אַז אונדזער פּנים איז געווען פֿאַרשטעלט,
אונדזער האַרץ פֿאַרשטעלט,
און נאָר די גרויע, אויפֿגעלאָפֿענע וועגט
האָבן אַנטפּלעקט אונדזער נאַקעטקייט?!

— 2 —

נעם אָט דאָס שטיקל ליכט, וואָס כ׳האָב באַהאַלטן,
און צינד עס אָן אויף דאַכשפּיצן און פענצטער,
זאָלן די ווינדלען פאָכען ווײַס ווי טויבן
און דינע צווײַגן גרינען פאַר דײַן שטוב.

אַזוי פיל גרויע סטעזשקעס פאַלן כּורעים,
צו זען דיך הײַנט אַן אויסגעצוואָגטן, גלײַכן,
מיט ריטשקעס ליכט אין רינשטאָקן פון שטערן,
מיט קנוילן ליכט אין וויג פון דײַנע הענט...

נעם זשע דאָס שטיקל ליכט, וואָס כ׳האָב באַהאַלטן,
און זאָל עס זײַן דער קוש, וואָס האָט געפעלט דיר;
קאָן זײַן, אַז אינעם זכות פון זײַנע פונקען
וועט וואָרעם ווערן ביידן הײַנט די וועלט.

— 3 —

פראָסטע זײַט איר געקומען אין שטוב;
פראָסטע צעגלאַנצט זיך אין שויבן.
ניטאָ אַזעלכע ווי איר אין שטאָט
זיי זאָלן גלאַנצן אין אָפענע שויבן...

בײַ אײַך איז גוט צו מערעזשען[1] אַ זאָק,
און שפּילן זיך לאַנג מיט קינדער
אין בלינדער קו. און די שטוב איז גרויס,
און ס׳בלישטשען די אויגן פון קינדער.

און אייגן זײַט איר ווי ברויט און מילך,
ווי וועגט און געקאַלעכטע סטעליע.

---

[1] פאַרצירעווען.

אַ לעמפּעלע הוידעט זיך ווײַס און קליין,
און ס׳הוידעט זיך מיט די סטעליע.

— 4 —

איבער די בלאָטיקע סטעזשקעס
האָט מען געצונדן עלעקטרע;
איז אונדז געוואָרן ליכטיק.
קאַלטע, בלאָטיקע סטעזשקעס —
פֿון אויבן עלעקטריש ליכט...

האָבן זיך כאַטעס געטוליעט,
מיט אונטערגעבונדענע פֿענצטער,
דאָס פּנים געפּרעסט צו שטאַכעטן;
כאַטעס מיט פֿענצטער פֿאַרבלויטע —
פֿון אויבן עלעקטריש ליכט...

דרײַ ביימער געשטאַנען פֿאַרקאַלטנט,
מיט גרינע אַלפּאַגענע [2] קאַפּטנס,
די פֿינגער געדרייט אין התפּעלות;
דרײַ פּרושים מיט בערדלעך פֿאַרגלאָזטע —
פֿון אויבן עלעקטריש ליכט...

און שטיין האָט עלעקטרע צעבראָכן.
די הייליקע גרויסע עלעקטרע!
דערטרונקען די גלעזערנע סטעזשקע;
די כאַטע אין גרויקייט צעפֿאַלן:
און פּרושים מיט בערדלעך צעקנייטשטע
פֿאַרטשעמעט צו נאַכטישער ערד...

---

[2] (ווי זײַד) גלאַנציקער דינער זומער־שטאָף.

— 5 —

טאַנץ, טאַנץ, טאַנץ — אָט איז עלעקטרע.
די רויטע, גרינע, געלע, די מיט דער שלאַנגענהויט.
עלעקטרע אַרויסגעקוואַלט פֿון די שטאָט־ימען,
קליין און גלימצערן ווי יאָשטשערקעס אין דער בלויער נאַכט.

זי איז עס, וואָס מיר גאַרטלען־אַרום אויף אונדזער קאָפּ;
זי איז עס, וואָס מיר שפּילן זיך מיט איר אויף דילן,
גרויסע, בערדיקע טאַטעס מיט פּאַטשערקעס אין די הענט...

אויף ווײַסע פֿליגל איז זי אָנגעשווומען פֿון די שטאָט־ימען
און אונדזערע כאַטעס אײַנגעשפּינט אין גלאָז.

נײַע כּלות האָט זי אונדז געגעבן מיט אַ ווײַסן לײַב...

טאַנץ, טאַנץ, טאַנץ, שלינג זיי אײַן אין דיר אַרײַן!
נײַע כּלות מיט עלעקטרע אויף זייער בוזעם.
נאָענט זײַנען זיי אונדז און די פֿרעמדקייט איז פֿון זיי אָפּגעפֿאַלן.

ווו זײַט איר געווען און איר בליט איצט אין אונדזערע אויגאַפּלען?
ווו זײַט איר געווען און איר בלישטשעט אין אונדזער בלוט?

## ירושלימער מאָטיוון

איבער דײַנע גאַסן, ירושלים, קריך איך אַרום
מיט בענקשאַפֿט — אַ ציטערדיק ליכט אין די הענט —
און איך זוך דיך...

ווי אַ פֿאַרברענטער פֿון דאָרשט
קוק איך אַראָפּ אין דײַנע שוואַרצע ברונעמער־הײַזער
און איך זוך דיך...

ביסטו עס דער הילכיקער קוואַל, וואָס האָסט
פֿון ווײַטן געוועקט מיך,
פֿון מײַנע מדבריות
גערופֿן?

מײַנע זעקס־און־צוואַנציק זאַמדיקע יאָרן
זײַנען שוין מיד געוואָרן מיך וויגן
אויף זייערע הויקערס

און מיד מײַנע טויבן־חלומות
פֿון פֿלאַטערן איבערן תּהום
מיט פֿאַטאַ־מאָרגאַנאָס...

שעפּטשען די ווינטן בײַ נאַכט
מיר אין אויער:
„אַט ביסטו דערגאַנגען"...

נעמען מיך שאָטנס אָן בײַ דער האַנט
און ווײַזן: „דערגאַנגען"...

נאָר האָסטו די גרויסקייט פֿון היים אין דײַן האַרץ,
און איך ווייַן:
טאָ וואָס שווײַגסטו?

און האָסטו די פֿרישקייט פֿון קוואַל אין דײַן גוף,
און מיך דאָרשט:
טאָ וווּ ביסטו?

...איבער דײַנע גאַסן, ירושלים, זוך איך דיך אום
מיט בענקשאַפֿט — אַ ציטערדיקע ליכט אין די הענט —
און געפֿין נישט...

*

רעגן קריכט־אַרײַן אין מײַן ברוסט,
נאָר דו ביסט ווײַט, גאַנץ ווײַט...

אָוונט קריכט־אַרײַן אין מײַן ברוסט,
נאָר דו ביסט ווײַט, גאַנץ ווײַט...

הונגער לייגט זיך צו מיר אין בעט,
נאָר איך בין אַליין, אַליין...

הונגער בייגט זיך צו מיר און גלעט
מײַן מיד און קאַלט געביין...

*

ביכער שלינגען־אײַן מײַנע טעג
ווי הונגעריקע וועלף.
מײַן בענקשאַפֿט ציטערט בײַ נאַכט
ווי אַ רויטער לאַמטערן...

פֿאַר וואָס ביסטו אַזוי ווײַט פֿון מיר?...
פֿאַר וואָס קען איך נישט ווערן
אַ רײַטער אויפֿן ווינט,
אַ שטערן
וואָס זילבערט אויף די שוועלן
פֿון דײַן טרוים:
...צי וואַכסטו נאָך? צי שלאָפֿסטו שוין?...

1948

רחל פישמאַן

## דריי מאָטיוון

### יונגע קולות אין די אָוונט־גאַסן

דער שווערער, קרומער גאַנג פֿון אַ טראַגעווודיקע קאַץ.
געסלעך.

און אַ שטיק פֿעלד.
ווילדגראָז,
מיסט,
שטיקער זשאַווער,
צעווייקטע צײַטונגען.
וואָס איז אַזוי שטאָט ווי אַ ליידיק פֿעלד אין שטאָט ?
וואָס איז אַזוי עקשנותדיק ערד,
יונג, עלנט, גלייביק,
ווי אַ פֿעלד אין שטאָט ?

## אַ קו

קלאַנג־כוואַליעט אַנטקעגן מײַן קערפּער.
מײַן שווײַגן ליגט אויף מײַן פּנים
קלעפּיק, אַן פּרעטענזיע —
אַ פֿרילינגקנאָספּ.
מײַן שווײַגן נעמט קיינעם אַרום.
איך שעם זיך ווי מיט אַן ענג העמד.
מיט שטאַמלדיקן צוטרוי וואַרט איך אויף זיך.
איך ווער ערשט.
דערווײַל —
מײַנע פֿרײַנד
באַטראַכטן מיך גוטמוטיק —
ווי פֿרימער פֿון באַן
אַ קו...

## ניט פֿאַרענדיקט

שפּעט בײַ נאַכט קוק איך פֿון פֿענצטער.
פֿאַרגליווערט, שולדיק די גאַס.
די עלעקטרישע שילד פּינטלט, פּינטלט.

עמעצער אײַלט פֿאַרבײַ.
עפּעס דאַרף נאָך זײַן.
ניט־פֿאַרענדיקט.
איך ציטער.

## צבי אייזנמאַן

# די פרוי פֿון באַרג

דערציילונג

— 1 —

פּופּציק אײזלען האָבן פֿון אַ װײַטן קװאַל אַרױפֿגעבראַכט צו איר װאַסער אױפֿן באַרג. יעדער אײזל מיט צװײ בלעכן אָנגעהאָנגען אױף די זײַטן, און אין די בלעכן װאַסער. אײזל צו אײזל צוגעבונדן מיט אַ שטריקל זײַנען זײ געגאַנגען לאַנגזאַם, טריט בײַ טריט און פֿון סאַמע הינטן די אָנטרײַבערס — צװײ באָרװעסע אַראַבער מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגן די שטעקנס אַ פּאָכע טאָן, פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגן די אָנטרײַבערס אַ שיק טאָן אַ צעכאָרכלטע קללה איבער די לאַנג־אױעריקע קעפּ פֿון די קלײנע באַשעפֿענישן.

האָבן זיך די אײזלען ניט געאײַלט, געשטעלט קלײנע טריטלעך און בײַם ראַנד פֿון װעג געכאַפּט צו עטלעכע האַרט־שטעכיקע דערנער צװישן די צײנער. זײַנען זײ געגאַנגען און פֿון יעדן טריט האָט דאָס װאַסער אין די בלעכן געגעבן אַ פּליוכע מיט ריטשקעלעך זילבער. האָט דער שטױביקער באַרג־אַרױף־װעג אױסגעלעקט די טראָפּנס און אָנקומענדיק אױפֿן באַרג זײַנען שױן די בלעכן געװען האַלב אױסגעלײדיקט. האָט דאָס אָבער נישט אָפּגעשרעקט די פֿרױ. מאָרגן פֿאַרפֿרי װעלן זיך די אײזלען װידער אַרױסלאָזן אין װעג צום װײַטן קװאַל און פֿון דאָס נײַ אַרױפֿברענגען האַלבע בלעכן װאַסער. און דאָ,

אויפֿן פּוסטן באַרג אַרום איר, וועט בליִען דאָס לעבן, זי וועט פֿאַר־זעצן בלומען און גרינס, און די מענטשן וועלן צו איר נענטער ווערן.

— 2 —

דאָ אַנומלט איז פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם באַרג אַן אַלטער אַראַבער, האָט ער זיך דערשראָקן, וואָס פּלוצעם איז אַ מויערל אויסגעוואַקסן אויף דעם ווילדן באַרג. און ווען ער האָט דערזען די פֿרוי, האָט ער זיך געוווּנדערט, וואָס זי אײנע אַליין האָט געוואַגט אַזאַ זאַך צו טאָן. האָט אים די פֿרוי פֿאַרבעטן אין שטוב אַרײַן, געגעבן איילבירטן, ברויט און האָניק צו עסן און טיי צו טרינקען. געפֿרייט האָט זיך דער אַראַבער און געלויבט אַללאַן, וואָס האָט אים אַזאַ גוטן מענטש אויף זײַן לאַנגן וועג אַראָפּגעשיקט. און דער זקן האָט איר אָנגע־ווונטשן, אַז זי זאָל דאָ אויסדויערן און פֿון הײַזל זאָלן הײַזער ווערן. דערמאָנט האָט זיך די פֿרוי, אַז פֿאַר אַ יאָרן אין די רעגנס האָט זיך באַוויזן אַ פֿײַכטקייט אויף די ווענט און אויפֿן דיל, האָט זי דעם אַלטן מאַן פֿאַרציילט וועגן אירע דאגות. האָט ער דאָס הויז גענומען באַטראַכטן. געקלאַפּט האָט ער מיטן שטעקן אויף די ווענט, דערנאָך אויפֿגעהויבן צוויי שטיינער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט לעבן דער שטוב און זיי גענומען שטויסן אײנער אין צווייטן און צום סוף גע־פּסקנט, אַז שולדיק איז דער שטיין. צו ווייך איז ער.

— שלעכטע מענטשן האָבן אײַך אָפּגענאַרט! — האָט דער זקן אַרויסגעברומט, נישט אַרויסנעמענדיק די ליולקע פֿון צווישן די גע־לע שיטערע ציינער — זיי האָבן גענומען שטיינער צום בויען פֿונעם זעלביקן באַרג און דער שטיין טויג ניט. די רעגן־וואַסערן וועלן אים אַדורכדרינגען.

האָט ער אויסגעדרייט דאָס צעקנייטשטע פּנים מיט דעם שטע־כיק־שיטערן בערדל, אויפֿגעהויבן אַ געראונצלטע האַנט און אָנגעוויזן אויף צפֿון:

— צום בויען דאַרף מען ברענגען שטיינער פֿון אָט דאָרט!

האָט אויף צו מאָרגנס נאָכן באַזוך פֿון אַלטן אַראַבער זיך די

פֿרוי אַראָפּגעלאָזט אויף אַן אייזל אין שטעטל אַרײַן און מיטגענומען האָט זי אַ שטיין אויף צו באַראַטן זיך. האָט מען איר דאָ געזאָגט דאָס אייגענע, וואָס דער אַלטער אַראַבער.

באַשטעלט האָט די פֿרוי נײַע שטיינער, דאָס מאָל פֿון צפֿון־באַרג, און דערווײַל זיך גענומען גרייטן צום ווינטער. עסנוואַרג האָט זי אַרויפֿגעפֿירט צו איר שטוב, און נאַפֿט און קליידער, ווײַל אין די רעגנס — האָט מען איר געזאָגט — איז אָפֿט מאָל ניט מעגלעך אַראָפּצוקומען פֿונעם באַרג. האָט זיך די פֿרוי אַזוי אַרום צוגעגרייט צום ווינטער. און כּדי עס זאָל איר ניט זײַן אומעטיק און זי זאָל האָבן מיט וועמען אַ וואָרט איבערצובײַטן, האָט זי אַרײַנגענומען אין איר שטוב אַן אַראַביש מיידל, וואָס מען האָט זי גערופֿן נאַדראַ.

— 3 —

אין שטעטל האָט דאָס באַווײַזן זיך פֿון דער פֿרוי אַרויסגערופֿן אַ גרויסע נײַגעריקייט. און אַז עס איז אַריבער אַ צײַט, און מען האָט זיך צו איר צוגעוווינט, צו איר און צו איר הײַזל, וואָס האָט זיך אומגעריכט אָװעקגעזעצט אויפֿן שפּיץ באַרג, איז די נײַגעריקייט פֿאַרבליבן. האָט שטעטל איר אַ נאָמען געגעבן „די פֿרוי פֿון באַרג". און ווען די פֿרוי פֿלעגט אַ מאָל אַראָפּקומען, אײַנגעהילט אין איר ווײַס־טיולענעם שאַל און פֿאַרבײַרײַטן די שמאָלע, טרעפּלדיקע געסלעך, האָבן מאַמעס קינדער צונויפֿגערופֿן און אויף איר ווי אויף אַ בייז וווּנדער אָנגעוויזן:

— קינדער, די פֿרוי פֿונעם באַרג!

און ווען אַ קינד איז געווען צו־קליין און ניט געקענט איר גוט אָנזען, האָט עס די מאַמע אונטערגעהויבן.

אָבער געוווּסט פֿון דער פֿרוי האָט מען גאָר ווייניק. ניט פֿאַרשטאַנען האָט מען פֿאַר וואָס די פֿרוי איז אַהערגעקומען און פֿאַר וואָס זי האָט זיך אָפּגעגרענעצט פֿון מענטשן. געטראַכט האָט מען, אַז עפּעס אַן אומגליק האָט זי צו דעם געשטויסן אָדער די פֿרוי איז, נעבעך, ניט מיט אַלעמען. אָבער דאָס אַלץ זײַנען געווען נאָר טראַכ־

טעגישן און די אמתע סיבה פֿון איר באַזעצן זיך אויפֿן באַרג האָט קיינער ניט געוווּסט.

— 4 —

איז אַרײַן דער ווינטער, אָבער קיין צווייט הײַזל איז נאָך אויפֿן באַרג נישט געשטאַנען. האָט די פֿרוי און איר נאַדרע, דאָס אַראַבישע מיידל, די ווענט מיט סמאָלע אויסגעשמירט און געוואַרט אויף רעגנס. האָט דער רעגן צו ערשט נישט אַדורכגענעצט. פֿלעגן אין די לאַנגע ווינטערנעכט ביידע פֿרויען זיצן בײַ דעם נאַפֿט־אייוועלע און שווײַגן. דער שאָטן פֿון נאַפֿטלעמפּל האָט אַרומגעטאַנצט אין שטוב און דער רעגן האָט געפּאַטשט אין די פֿענצטער. און ווען די פֿרוי פֿלעגט בלײַבן אַליין — ווײַל נאַדרע איז געגאַנגען שלאָפֿן — פֿלעגט זי אַרויסנעמען אַ בילד פֿון איר אַלטער היים און זיך אין איר פֿאַרטיפֿן.

אין איינער אַ רעגנדיקער נאַכט האָט זיך געטראָפֿן: אויפֿגעכאַפּט האָט זיך די פֿרוי פֿון שלאָף און דערזעט אַ פּליושקען פֿון וואַסער. אַראָפּגעשפּרונגען איז זי אַ דערשראָקענע פֿון בעט און דערפֿילט וואַסער אויף אירע באָרוועסע פֿיס. איז די פֿרוי שטאַרק צעטומלט געוואָרן. זי האָט גענומען זוכן שוועבעלעך און ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז זי האָט זיי געפֿונען. ווען זי האָט דאָס לעמפּל אָנגעצונדן, איז איר דאָס גלעזל אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער האַנט און דאָס גלעזל האָט זיך צעבראָכן. איז זי געבליבן שטיין מיטן רויכנדיקן לעמפּל אין האַנט און פֿון אַלע זײַטן האָט אַרײַנגערעגנט. אַרײַנגעפֿאַלן איז נאַדרע מיט אַ געוויין און צוגעפֿאַלן צו דער פֿרויס אָרעם. האָט די פֿרוי זיך געשטאַרקט, אַוועקגעשטעלט דאָס לעמפּל אויפֿן טיש און באַרויִקט דאָס ציטערנדיקע מיידל. שפּעטער האָבן זיי ביידע גענומען גרויסע עמערס אין די הענט און אָנגעהויבן אויסשעפּן דאָס וואַסער.

צוויי פֿרויען אין ווײַסע נאַסע העמדער האָבן געשעפּט עמערס שוואַרצע וואַסער און דורך דער אָפֿענער טיר אַרײַנגעגאָסן אין דער שוואַרצער נאַכט אַרײַן. און געשעפּט האָבן זיי ביז ס׳האָט געטאָגט...

— 5 —

האָבן זיך יאָרן אַראָפּגעקײַקלט אויפֿן באַרג און אויפֿן באַרג זײַערע סימנים איבערגעלאָזט. דרײַ נײַע שטיבער האָבן זיך אַרײַנגעוואַקסן אין די שטיינער און אַ יונג נאָדל־וועלדל האָט נײַגעריק אַראָפּגעקוקט אין שטאָט. האָט דאָס שטעטל אַ שליאַך ווי אַ שטריק פֿאַרוואָרפֿן אַרום די שטיבער, וואָס אויפֿן באַרג — איז דער באַרג נענטער געוואָרן. פֿלעגט די פֿרוי מיט איר נאַדרע אַנטקעגן גיין די מענטשן, וואָס האָבן זיך יעדן שבת געלאָזט באַרג־אַרויף זיך אין וועלדל אָפּרוען.

זײַנען אָבער אויך שווערע צײַטן געקומען, ווען די אַראַבישע שכנים פֿלעגן אָנפֿאַלן אויף די ייִדישע ישובֿים און שׂנאה איז געווען אומעטום. פֿלעגן אַראַבישע רײַטערס מיט בייזע בליקן זיך אָפּשטעלן אויף דעם באַרג, באַטראַכטן די הײַזער און דאָס יונגע נאָדל־וועלדל, און שטום און ניט־פֿאַרגינעריש זיך אַוועקגעלאָזן. און דעמאָלט האָט זיך די פֿרוי פֿאַר זיי געשראָקן.

אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, ווען די פֿרוי איז געשטאַנען און באַאַרבעט איר פֿעלד אין דער אונטערגייענדיקער זון, איז אַן ענגלישער אָפֿיציר אויפֿן באַרג אויסגעוואַקסן. קליין איז ער געווען, אין אָנהייב ווי אַ פּינטעלע, אָבער דערנאָך איז ער געשטאַנען גרויס און טונקל פֿאַר דער בלאָנדער, גרוי־אויגיקער פֿרוי און אויף איר אַראָפּגעקוקט. געקומען איז ער איר וואָרענען ווי אַ שכן — האָט ער געזאָגט — ווײַל גרויסע סכּנות לויערן אויף אַלע וועגן און ער וואָלט איר מיעץ געווען צו פֿאַרלאָזן דעם באַרג און זיך אַראָפּקלײַבן אין שטעטל אַרײַן. און צוגעגעבן האָט ער אַז קיין שום שלעכטע כּוונות האָט ער ניט דערבײַ.

האָט אים די פֿרוי גלײַך ניט געענטפֿערט. אָפּגעווענדט האָט זי דעם קאָפּ פֿון אָפֿיציר און מיט איר קוק אַרומגענומען דאָס פֿעלד, דאָס בלומען־גערטנדל און דאָס יונגע נאָדל־וועלדל, דערנאָך האָט זי זיך ווידער אויסגעדרייט צו נאַדרע, וואָס איז געשטאַנען נעבן איר, און אַ פֿרעג געטאָן:

— האַ, ווי זאָגסטו, נאַדרע?

און ווען נאַדרע האָט אַ פֿאַרוויטלטע אָפּגעענטפֿערט:

— ניין, מאַדאַם, ניט אַוועקגיין!

האָט די פֿרוי אויפֿגעהויבן אירע אויגן צום וואַרטנדיקן אָפֿיציר און זיך אין אים שטום אײַנגעקוקט, האָט זיך דער אָפֿיציר ווי צעמישט און ווי פֿאַרלוירן זיך. און, ניט האָבנדיק מער וואָס צו זאָגן, האָט ער אָפּגעבונדן די לייצן פֿון זײַן קליין אַראַביש פֿערדל און אַוועקגעריטן...

— 6 —

...איז די פֿרוי פֿונעם באַרג ניט אַראָפּ. האָט די שטאָט פֿון צופֿוסנס זיך אַ שפּאַר געטאָן, ווי וועלנדיק איר העלפֿן אין איר איינזאַמקייט. שטיבער האָבן זיך גענומען דראַפּען אַלץ נענטער אַרויף צו דער פֿרוי פֿונעם באַרג. זומער־הײַזלעך האָבן אויפֿגעמאַכט זייערע טירן אויף דאַטשע און אָנגעפֿולט דעם אַרום מיט הילך פֿון קינדער.

איז די פֿרוי אַרויס פֿון איר התבודדות. מען האָט אָנגעהויבן צו קומען צו איר און אויך זי פֿלעגט גערן אַרײַנקומען אין די נײַע שטיבער.

אָבער אין גיכן איז איר דער טומל און דער הו־האַ צוגעגעסן געוואָרן. גרויסע מויערן האָבן איר מיט אַ מאָל גענומען פֿאַרשטעלן דעם זונפֿאַרגאַנג און דער רעש פֿון די נײַ־צוגעקומענע תּושבֿים האָט זי ניט געלאָזט מער פֿאַרנעמען דעם שאָרך פֿון די בלומען אין זייער וואַקסן. האָט דער פֿרוי אָנגעהויבן עפּעס וואָס צו פֿעלן.

און ווען נאַדרע האָט מיט איר שווײַגנדיקן קוק אַ פֿרעג געטאָן די פֿרוי, און געמיינט מיט דעם די סיבה צו איר אַנדערשקייט און צו איר אומגעדולדיקייט, וואָס איז אויף איר פּלוצלינג אָנגעפֿאַלן, האָט די פֿרוי צו איר געזאָגט:

— דער באַרג איז נישט מער אונדזערער...

— 7 —

די מהומות האָבן איר דעם באַרג צוריקגעגעבן.

ווען אַראַבישע באַנדעס האָבן זיך הפקרדיק צעלאָזט איבער דער סבֿיבֿה, זײַנען אין אײַלעניש די טירן פֿון די דאַטשעס פֿאַרמאַכט געוואָרן און די דאַטשניקעס זײַנען אַוועק. איז די פֿרוי געבליבן ווידער אַליין. אָבער ווען יונגע בחורים און מיידלעך מיט ביקסן אין די הענט און מיט וואָלענע צווישפּיציקע היטלען אויף די קעפּ האָבן זיך איין מאָל באַוויזן אויפֿן באַרג און זיך צעלייגט אין איר שטוב מיט האַק־און־פּאַק, מיט קליינע רוקזעקלעך, מיט „פֿינדזשאַנעס"[1] און פֿריילעכן קלאַפּן זיך אין פּלייצע — האָט זי דערפֿילט, ווי אַ וואַרעמקייט נעמט זי אַרום, און אַ נײַע היימישקייט צעשפּילט זיך אין אַלע ווינקעלעך. און ווען דער באַרג איז אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון דער וועלט און די אַראַבער האָבן פֿאַרכאַפּט דעם וועג, וואָס פֿירט צום שטעטל, איז די פֿרוי געבליבן מיט אַט די בחורים און מיידלעך, אַרומגעהאַוועט אַרום זיי און זיך געפֿילט ווי אין אַ גרויסער משפּחה.

— 8 —

דאָס זײַן אויפֿן באַרג איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער. פֿון די אַרומיקע דערפֿער האָבן אָן אויפֿהער געשאָסן מאַשין־געווער און האַרמאַטן, און נאָר ווען נאַכט פֿלעגט צופֿאַלן איז געוואָרן שטיל. האָט זיך דאָס לעבן אײַנגעשטעלט אין די נאַכט־שעהען. בײַ נאַכט האָבן מיידלעך געוואַשן וועש און בײַ נאַכט האָט מען אויך געגראָבן שוצגראָבנס, וואָס פֿאַרבינדן מיטן וועלדל. איז דאָס וועלדל מיט די גרינע, דינע נאָדל־ביימער געוואָרן זייער פֿעסטונג.

נאָר שפּעטער האָט אָנגעהויבן אויסצופֿעלן אויך דאָס ברויט. איז ווען די פֿרוי מיט נאַדרען האָבן דעם לעצטן ביסן פֿאַרטיילט און ס'איז שוין ניט געווען מער אויף וואָס צו וואַרטן, האָבן די בחורים

---

[1] שמאָלע, הויכע טשײַניקלעך פֿאַר קאַווע.

און מיידלעך אויסגעקליבן פֿון צווישן זיך צוויי שליחים און זיי אין וועג אַרײַן געשיקט. איז איינער פֿון די שליחים צו זײַן ציל ניט דערגאַנגען און איז געבליבן ליגן אַן אונטערגעשאָסענער אויפֿן ברעג פֿון וואַלד. דער צווייטער האָט זיך אַדורכגעריסן און איז יאָ אָנגעקומען. האָט אין דער זעלביקער נאַכט אַ זשומען זיך דערהערט. און ווען די באַלאַגערטע האָבן דאָס ברומען דערקענט און דעם „פּרימוס", דעם ייִדישן נאַכטפֿלייִער, אַ צייכן געגעבן, זײַנען עטלעכע זעק מיט ברויט אַראָפּגעוואָרפֿן געוואָרן, באַלויכטענע פֿון דעם אַראַבישן האַר־מאַטן־פֿײַער, וואָס האָט זיך מיט אַ מאָל און פֿון אַלע זײַטן אַ צינד געטאָן. און די זעק מיט ברויט זײַנען זיך אין דער לופֿט פֿונאַנדער־געפֿאַלן.

זײַנען די אויסגעהונגערטע ייִנגלעך און מיידלעך, ניט געקוקט אויף דער שיסערײַ, אַוועק צווישן די פֿעלדזן זוכן און אויפֿקלײַבן דאָס צעקרישלטע ברויט.

שווער איז געווען דער וועג צווישן די שטיינער. צעריסן האָבן זיך די קליידער בײַ די פֿעלדזשפּיצן, און די פֿיס זײַנען געוואָרן צעוווּנדיקט. אָבער דערנאָך, ווען צוריקקומענדיק פֿון דעם נאַכטיקן גאַנג, איז זיי די שטוב מיט דער פֿרוי אויף דער שוועל אַנטקעגנגעשוווּמען קלאָר ווי געווען, האָבן זיי שטאָלץ אויפֿגעהויבן די הענט, אין וועלכע ס'זײַנען געווען פֿאַרקלאַמערט שטיקלעך ברויט. און זייערע אויגן האָבן געשײַנט.

— 9 —

איז די פֿרוי געוואָרן צונויפֿגעוואַקסן מיטן בינטל בחורים און מיידלעך, וואָס אויפֿן באַרג, און ווי אַ מאַמע אַרום זיי אַרומגעגאַנגען. נעכט זײַנען דעמאָלט געווען קאַלטע און אָנגעלאָדענע מיט סכּנה. פֿלעגן די „חבֿרה" זיצן אויף די פּאָזיציעס, וואָס אין וועלדל, זיך בלאָזן אין די פֿויסטן פֿאַר קעלט און וואַרטן. פֿון שטוב פֿלעגן זיך דעמאָלט אַרויסגליטשן צוויי געשטאַלטן — די פֿרוי און נאַדרע —

און „דזשאַרעס" [2] פאַרעדיקע קאַווע אַראָפּגעטראָגן צו די פֿון די פּאַ־זיציעס. און ווען אין איינער אַזאַ נאַכט איז נאַדרע דערשאָסן געוואָרן און געבליבן ליגן אַ טויטע נעבן דער אויסגעגאָסענער קאַווע, האָט די פֿרוי זיך אָפּגעשטעלט, אַ כליפּע געטאָן און שפּעטער זיך גענומען שפּרייזן גיך, מיט דער „דזשאַרע" אין האַנט, אַראָפּ, צו דעם וועלדל...

1954

ש. וואַרזאַגער

## שמירה אויף הר הצופים

— א —

שלום, אַ גוטן אָוונט דיר, ירושלים.
דאָס ערשטע מאָל אויף הר־הצופים,
(אויסגעגאַנגען ס'חיות איז מײַן זיידן נאָך אַזאַ עליה).
מה נאמר, מה נדבר:
וויפֿל חסד, וויפֿל חידוש עולה־רגלט צו מײַן ראיה
פֿון די פֿעלדער, הויכקייטן און טאָלן —
מויערן, הײַזקעס אין אַלפּים
אײַנגעלוליעטע פֿון שלאַנקע ברושים:
פֿון הר־ציון יאָגט אַ ווינטל.
ווער קאָן מאָלן?
ווער האָט לשון?

— ב —

דײַנע אָונטיקע ליכטער פֿינקלען אויף אין מיר אַ חלום:
אַ באָרד, אַ בלויע, אַלטע ברילן איבער געלן סידור
זיבן אותיות אין אָן אויסטערלישער חידה — ירושלים.

---

[2] טעפּ (?).

— ג —

שלום, אַ גוטן מאָרגן דיר ירושלים
דו, איבּיקע, גלייביקע, דו, וואָרע!
אַ טאָג אַ נײַער צינדט דעם הר־הצופים:
געטליתט אין בלוי מיט גאָלדענער עטרה
מתפּלל כ׳בין צום נס
פֿון צוויי אַלפֿים.

משה גורין

## אַמאָל איז געווען אַ מעשה...

### די רויטע עפּל

ס׳האָבן שטראַלן געלעקט די עפּל פֿון סאָד,
די גרינע, קוים צײַטיקע עפּל.
ס׳האָבן ווינטן געבראַכט פֿאַר די ביימער אַ סוד,
אַ שטעכיקן סוד אײַנגעהילט אין אַ נעפּל.
האָט עפּל צו עפּל גענענט, זיך געשטרעקט,
און די זאַפֿט האָט אין עפּל געזויערט.
בלאָט האָט געציטערט און צווײַג האָט געפֿרעגט
דעם שטאַם: די ערד פֿאַר וואָס טרויערט?
נאָר וואָס האָט דער אַלטער, שאַרסטיקער שטאַם
געקענט זײַנע צווײַגן דערציילן?
— די ערד איז פֿאַרבלוטיקט, הייס ווי אַ פֿלאַם,
און ווונדן ווער קען זיי פֿאַרהיילן?
נאָר ווען ס׳האָבן עפּל פֿאַרנומען דעם סוד,
דעם תּהומיקן, שנײַדיקן ציטער פֿון נעפּל,
האָט בלוטיקע רויטקייט צעבליט זיך אין סאָד
און פֿאַררויטלט פֿאַר חרפּה ס׳האָבן זיך עפּל.

מרדכי ליפשיץ

## ווי ס׳צאַפּלען

ווי ס׳צאַפּלען אין שטיפֿערישע ווינטן די זעגלען פֿון שיפֿן,
ווי ס׳וואַקסן אויףביימער די עפּל פֿון זוניקן קניפּ,
אַזוי איז געלעגן דער קוש דאָרט בײַ דיר אין די טיפֿן,
געוואַקסן, געצאַפּלט און האָט זיך דערשלאָגן צום ליפּ.
ווי ס׳צײַטיקן פֿרוכטן אויף ביימער און ווערן פֿון רײַפֿקייט צעשאָסן,
אַזוי האָט דײַן קוש זיך דערצײַטיקט אין מיידלשער ברוסט,
געוואָרן, געוואַקסן, דערצײַטיקט און האָט זיך צעגאָסן,
נאָר זיכער איז ער ניט געוואַקסן פֿאַר וועמען דו האָסט געקושט.
ווי טראָפּעלעך זאַפֿטן וואָס פֿאַלן פֿון ביימער און טריפֿן,
און ווערן פֿאַרפֿאַלן אין זאַמדן מיט טויב־שטומען כליפּ,
אַזוי וועט אַ קוש זיך צעבליִען אויפֿסנײַ אין די טיפֿן
און ווידער פֿאַר קיינעם צעפּלאַצן בײַ דיר אויף דער ליפּ.

אברהם רינצלער

## פֿון ציקל „מחילות" / ייִדיש

אין אַ טײַפֿון פֿון שפּראַכן
אַ הייליקער פֿאַרבן־ניגון,
וואָס באַמאָלט די מיקראָבן
פֿון מײַנע ווונדן.

בת־קול פֿון אַ בונד
מיט שבתים און זשורנאַליסטן.

לאַנדשאַפֿט פֿון אַ לשון
אײַנגעלוחט אין שטח און מרחק
מיט יעדן שם־המפֿורש און וואָרצל
און וואָרעם און שאָלעכץ און ביין.

קבלה פֿאַר געאָמעטרישער
געשטאַלט פֿון מײַן טרער.

פֿײַער־געוועב פֿון קין,
וואָס שלענגלט־אַדורך
מײַנע ווײַסע אָבל־הענט.

„יונג־ישראל", חיפה 1957

**Joseph Lifshitz Fund**



**ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק**

## מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור

אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)**

2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יידי׳ פֿאָלקסלידער, 3טע אויפלאַגע (216 זײַטן)**

3) **ה. ד. נאָמבערג — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)**

4) מענדעלע — **מסעות בנימין השלישי, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)**

5) לייב נײַדוס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (208 זײַטן)**

6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע, קריזיס, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)**

7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפל׳ (272 זז׳)**

8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)**

9) **דוד פינסקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 3טע אויפלאַגע (352 זײַטן)**

10) **שמעון פֿרוג — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (216 זײַטן)**

11) **י. ל. פרץ — אין 19טן יאָרהונדערט, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)**

12) **י. ל. פרץ — אין 20סטן יאָרהונדערט, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)**

13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (240 זײַטן)**

14) האָפּשטיין — כאַריק — פֿעפֿער, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

15) מרדכי ספעקטאָר — **דער יידי׳ מוזשיק, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)**

16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן (352 זײַטן)**

17) שלום עליכם — **מנחם־מענדל, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)**

18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)**

19) י. י. שוואַרץ — קענטאָקי, א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאָרג** (פּיאָנערן אין אַמעריקע) **, 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)**

20) חיים־נחמן ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן (384 זײַטן)**

21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן (296 זײַטן)**

22) מענדעלע מוכר־ספֿרים — **פֿישקע דער קרומער (256 זײַטן)**

23) יוסף אָפּאַטאָשו — **אין פוילישע וועלדער (416 זײַטן)**

24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן (304 זײַטן)**

25) יהואָש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן (320 זײַטן)**

26) גליקל האַמיל — **זכרונות (352 זײַטן)**

27) שלום עליכם — טבֿיה דער מילכיקער, 3טע אויפֿלאַגע (288 זײַטן)
28) אַבֿרהם רייזען — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (320 זײַטן)
29) די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע — אַנטאָלאָגיע (416 זײַטן)
30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — סיפּורי־מעשׂיות, 2טע אויפֿלאַגע (224 ז׳)
31) מרדכי אַלפּערסאָן — אין אַרגענטינע (320 זײַטן)
32) פּרץ הירשביין — אויסגעקליבענע שריפֿטן (336 זײַטן)
33) ייִדיש אין ליד — אַנטאָלאָגיע (264 זײַטן)
34) מנחם באָריישאָ — דער פֿרעמדער, זאַול רימער (320 זײַטן)
35) ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט — אַנטאָלאָגיע (464 זײַטן)
36) נוסח השׂכּלה — אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)
37) ז. סעגאַלאָוויטש — לידער, דערציילונגען, זכרונות (352 זײַטן)
38) מעשׂה־בוך, פֿון 1602 (368 זײַטן)
39) אונטער אָקופּאַציע: עוזר וואַרשאַווסקי — שמוגלערס. (328 זײַטן)
40) ערבֿ חורבן: מ. בורשטין/מאַזאָוויע און 14 פּאָעטן (256 זײַטן)
41) חורבן: פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע — אַנטאָלאָגיע (432 זײַטן)
42) ווידערשטאַנד און אויפֿשטאַנד/פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע (336 זײַטן)
43) איציק מאַנגער — לידער, פּראָזע, עסייען (384 זײַטן)
44) דוד בערגעלסאָן — אויסגעקליבענע שריפֿטן (320 זײַטן)
45) משה נאַדיר — הומאָר, קריטיק, ליריק (288 זײַטן)
46) דאָס קינד אין ייִד׳ פּאָעזיע און פּראָזע — אַנטאָלאָגיע (320 זײַטן)
47) י. אַקסנפֿעלד — שטערן־טיכל, ערשטער ייִד׳ רעקרוט (288 זײַטן)
48) פּליטים צווישן פֿײַערן, אַנטאָלאָגיע (304 זײַטן)
49) אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע, אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)
50) דרום־אַפֿריקאַניש, אַנטאָלאָגיע (360 זײַטן)
51) שלום אַש — פֿון שטעטל צו דער גרויסער וועלט (400 זײַטן)
52) דער אַרבעטער־דור אין אַמעריקע (224 זײַטן)
53) עבֿרי־טײַטש / צאינה וראינה (368 זײַטן)
54) טשילעניש — אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)
55) אין דעם אייגענעם לאַנד, 25 יאָר ישׂראל (568 זײַטן)
56) שלום אַש — אַנקל מאָזעס, ראָמאַן (264 זײַטן)
57) יעקבֿ גאָרדין — 3 דראַמעס, (352 זײַטן)
58) בראַזיליאַניש — אַנטאָלאָגיע (352 זײַטן)

59) פֿון דור צו דור: **א. ווײַטער, ד. אײנהאָרן ז. י. אָנכי** (368 זײַטן)

60) מאַקס ווײַנרײַך — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (416 זײַטן)

61) אין סאָוועטישן פֿרילינג — **אַנטאָלאָגיע** (248 זײַטן)

62) קאַנאַדיש — **אַנטאָלאָגיע** (448 זײַטן)

63) דוד איגנאַטאָוו — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)

64) פֿון רעוואָלוציע צו תשובֿה: **לייב פֿײַנבערג** (280 זײַטן)

65) י. י. זינגער — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (312 זײַטן)

66) אַרגענטיניש: **דער חלום פֿון פֿעלד / אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)

67) משה קולבאַק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

68) אין פּאַגראָם — **אַנטאָלאָגיע** (304 זײַטן)

69) אונדזערע קריטיקערס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

70) צווישן שטאָטישע ווענט **/ 2טער באַנד** אַרגענטיניש (496 זײַטן)

71) עלטערן און קינדער — **אַנטאָלאָגיע** (360 זײַטן)

72) משלים בײַ ייִדן / **אַנטאָלאָגיע** (288 זײַטן)

73) געזאַנגען פֿאַר עמך / **אַנטאָלאָגיע** (224 זײַטן)

74) נאָרד־אַמעריקאַניש **/ אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)

75) גייט אַ ייִד קיין ארץ־ישׂראל / **פֿון דער ייִד׳ ליט׳** (256 זײַטן)

76) דער פֿרילינג פֿון די יונגע **אין אַמעריקע, אייראָפּע, ישׂראל** (320 זײַטן)

77) געלעכטער אויף אַן אמת (256 זײַטן)

78) מערבֿ־אייראָפּעיִש **/ פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד** (336 זײַטן)

**אין 1979 וועלן דערשײַנען די דאָזיקע 4 בענד מוסטערווערק:**

79) דער אמת דורך געלעכטער

80) י. י. טרונק — אויסגעקליבענע שריפֿטן

81) פֿאַרן טעאַטער / **10 איינאַקטערס**

82) וואַרשע און ווילנע

ANTOLOGIA

# LOS RENOVADORES EN LA LITERATURA IDISH



Director: SAMUEL ROLLANSKY

1 9 7 8

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires